מלך טשעמני

# פוילישע יידן

דערציילונגען



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף
פון
פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראגער יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס, 1952 — תשי״ג

# אינהאַלט:



## מענטשן און פיגורן

## פוילן איז פאַרלוירן



## שארית־הפליטה



## בייערן נייִנצן־פופציק

# פֿון די אַרויסגעבער



מיטן העלפֿן אַרויסגעבן דאָס בוך דערציילונגען — „פּוילישע ייִדן“ פֿון מלך טשעמני — זענען מיר אויסן געווען צו געבן אויך אונדזער צושטייער צו דער הייליקער דערמאָנונג פֿון ייִדישן וואַרשע און ייִדן פֿון פּויליש־ייִדישע שטעטלעך, וואָס ווערן אויסגעשטאַלטיקט אינעם דערמאָנטן בוך.

די צאָל פֿון דערשינענע ביכער ביז איצט, וועגן וואַרשע און דעם פּוילישן ייִדנטום בכלל, איז גרויס און דאָך, איז נאָך נישט געוואָרן אַרויסגעבראַכט דער גענוגנדיקער פּראָצענט פֿון דער ייִדישער התלהבות, וואָס האָט געטליעט אינעם געוועזענעם ייִדישן שטח פֿון די וואַרשעווער גאַסן: נאַלעווקעס, פּראַנצישקאַנער און דזשיקע. וואָס־מער עס וועלן דערשיינען ווערטפֿולע ביכער, ווי עס זאָל פֿאַראייביקט ווערן דער אָנדענק פֿון אונדזערע קדושים, אַלץ שענער וועט זיין די מצבֿה, וואָס דאָס וועלט־ייִדנטום וועט אַוועקשטעלן לזכרון־עולם די מאַרטירער.

דער מחבר, מלך טשעמני — איינער פֿון די ווייניקע לעבנגעבליבענע ייִדישע שרייבער פֿון פֿריערדיקן פּוילן — אַ געבוירע־

נער און געהאַדעוועטער אין דער עיר ואם בישראל וואַרשע, שפּיגלט־אָפּ מיט זיך דעם פּראָטאָטיפּ אין אַ גרויסער צאָל דער־ציילונגען, וואָס קומען אַריין אין זיין בוך „פּוילישע יידן". דער מחבר איז געווען איינער פון די צענדליקער טויזנטער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם שוידערלעכן גאַנג פון נע־ונד אויף פאַרשידענע וועגן פון אונטערגאַנג. ער האָט אויסגעטראָגן אויף זיך אַלע פּיינען און געווען אַן עדות פון די פּייניקונגען, וואָס פאַרשידענע אכזרים, אויף פאַרשידענע וועלט־טיילן, האָבן צוגעטראַכט פאַר אונדזערע יידן.

דעם 1טן יאַנואַר, 1952, האָט דער מחבר פאַרלאָזט דייטשלאַנד — ווו עס זענען דערשינען זיינע 2 ביכער „טעג אַזעלכע" און „אוז־בעקיסטאַן", אין וועלכע עס געפינט זיך אַן אָפּשפּיגלונג פון אויפ־שטייג און חורבן ביים פּוילישן יידנטום — און דעם 17טן יאַנואַר איז ער געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער פּערזענלעכער הילף פון דער אַרגענטינישער רעגירונג.

דאָס בוך „פּוילישע יידן", וואָס מיר לייגן דאָ פאָר, איז סיי אַ מתנה פאַר אונדזער בן־עיר, דעם מחבר מלך טשעמני און סיי אַ באַשיידענער צושטייער צו דער ביזאיצט־דערשינענער צאָל פון קינסטלערישע שאַפונגען, וואָס געשטאַלטיקן דאָס פּוילישע יידנ־טום און בתוכם — דאָס וואַרשעווער און פּראגער, וואָס האָט אַריינגעשריבן אַזאַ שיין קאַפּיטל אינעם לעבן פון יידישן פאָלק.

בראש פונעם ספּעציעל־געשאַפענעם קאָמיטעט פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך זיינען געשטאַנען די פריינט: פישל פרענקל, נחמן אַרבי־טער און אריה מיטענטאַל.

בוענאָס־איירעס, אויגוסט, 1952.

## פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראגער יידן אין אַרגענטינע

# ר׳ חיים־מאיר העלער

ר׳חיים־מאיר העלער האָט אַ לעדער־געשעפט אויף פראַנציסקאַנער־גאַס. און דאַווענען דאַוונט ער, אין די שבתים, אינעם וואַלינסקע־געסל — אין זיין אייגן בית־המדרשל.

אַ ייד — בלויז קדושה; זיין יעדער טראַט — אָן אַ ברעקעלע גדלות, אַ קליינקייט:

פירט מסחרים מיט דער גאַנצער פוילישער פראָווינץ; פוילישע סאָלדאַטן טראָגן באַזוילטע שטיוול פון ר׳ חיים־מאירס לעדער. און איצט — זיין געשטעל, זיין געבוי: אַ גבר, הדרת־פנים; ווייכקייט אין זיין בליק, אין זיין יעדן קער.

שפּאַנט ר׳ חיים־מאיר יעדן שבת פון פראַנציסקאַנער צום וואַלינסקע־געסל. עס אַרט אים נישט דער מהלך, וואָס ר׳מאַכט דורך ביזן בית־המדרשל. פאַרקערט. יעדער, וואָס זעט אים, לייענט אַראָפּ צופרידנקייט פון זיין שבת־מלכהדיקן בליק, פון זיין באַנעמען די גרויסע מצוה: מהנה זיין אורחים. און נישט סתם אורחים: יידן בני־תורה, וואָס פילן־אויס דאָס בית־המדרשל — זיין מקום־קדושה.

— אַ גוט שבת! — טראָגן יידן אַקעגן אַ דרך־ארצדיקן קבלת־פנים זייער גבאי.

פילט ר׳ חיים־מאיר דערלייכטערונג, פילט ער די חדוה, אין וועלכער עס וויקלט זיך זיין שבתדיקע נשמה. דאָס איז עס — ר׳ חיים־מאירס פאַרמעגן: יידן, וואָס שטייען אַרום הויכע שטענדערס, זיצן אַרום טישן, זענען מעיין אין דברי־קודש.

ס׳לעדער־געשעפט — צוואָס דאַרף ער דאָס בכלל. אַן עול. אַן אָפּקומעניש. איז מטמא זיינע הענט, פאַראומרייניקט זיך ביים שמועסן מיט די ערלים דאָרט!

איצט פילט ער, אַז ר׳באַשאַפּט עולמות. כל המקיים נפש אחת... און וויפיל נפשות לערנען דאָ לשמה בזכות ר׳ חיים־מאירס לעדער־געשעפט: עטלעכע מנינים. כן ירבו. נישט קיין קלייניקייט. דאָס איז זיין שכר. ריי־נער ריוח. און דעם פאַרדינסט וועט קיינער ביי אים נישט צונעמען. א־הא. ר׳ חיים־מאיר העלער!

⁂

פון עזרת־נשים קוקט אַראָפּ די שמואל־ליפּעכע. אירע אויגן — פייער. זי זוכט דעם מאַן. פאַרוואָס זאָגט ער נישט דעם גבאי, אַז שוין צייט צו פאַריכטן דעם דאַך? מילא, איצט — בין־הזמנים — קאָן מען דורכקומען ווי ס׳איז. שבועות־צייט. און ווי לאַנג האָבן מיר דען צו סו־כות — אַ מאָרגן און נאָך אַ מאָרגן און שוין: קאַפּעט דורך די שינדלען, פאַרנעצט דעם דיל: פרירן די תינוקות אַרום דעם מאַן אירן, אַרום די סידורים, אַרום די חומשימלעך. אַ מלמד זאָל אַזוי קיין שכל נישט האָבן, זאָל אַזוי נישט וויסן ווי איינצוטענהן מיט ר׳ חיים־מאירן! וואָלט זי נישט געווען קיין אשה — וואָלט דער דאַך שוין געווען אַ גאַנצער, וואָלטן אין פּאָליש זיך נישט אַרומגעוואַלגערט אַזויפיל שמהס. אַלץ וואָלט געווען פאַריכט. אַלץ.

עס ווילט זיך איר שרייען, אַ רוף טאָן דעם מאַן.

נאָר שמואל־ליפּע איז פאַרפאָרעט. ער טיילט פאַנאַנדער טליתים צום דאַווענען. אם ירצה השם נאָך שבת וועט ער זיך אַריבערכאַפּן צום גבאי אין קראָם, מיט אים אַ שמועס טאָן וועגן תוך־זאַכן.

און ר׳ חיים־מאיר העלער?

זיינע אויגן זענען פאַרשפּיצט צום הויך, צו די מזלות, וואָס זענען אויסגעמאָלט אונטערן סופיט. יעדעס באַשעפעניש: דער לייב, דער הירש, דער אָדלער — אַלע זענען זיי כרובים אין זיין בית־המדרשל, אַלע שיצן זיי די יידן עוסקי בתורה.

— נו, יידן, נו־אַ! — רופט אויס ר׳ חיים־מאיר פון זיין מזרח־ווינקל.

און גלייך: אַ קלאַפּ אין בעלעמער. שמואל־ליפּע גיט אַ סימן, אַז מ׳שטעלט זיך צו שחרית.

שאַ.

און פּלוצלינג:

ר׳ חיים־מאיר האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. מען מוז נאָך צוװאַרטן. מען מוז.

ער האָט פאַרגעסן אַריינצוגיין צו ר׳ פּייװעלען. פאַרגעסן!

דאַן האָט די שמואל־ליפּעכע אַ געשריי געטאָן:

— שמואל־ליפּעעע!

איז דאָס דאָזיקע געשריי געגוג געװען, אַז מתפּללים זאָלן פאַר־װאַרפן טליתים איבער קעפּ, זאָלן פאַרייסן בערד אַרויף, צו עזרת־נשים.

אויבן — אַ צעפּלאָשעט שייטל, אויסגעפּילט מיט רוגזה.

אַרום די שטאַכייטן — װייבער, מיידלעך, מיט סידורים, אָן סידורים.

— װאָס עפּעס אַזעלכע קולות אינמיטנדרינען? — װילן אַלע װיסן.

און אַז שמואל־ליפּע איז שוין געװען אינדערהייך. און אַז די שמואל־ליפּעכע האָט שוין געהאַלטן איינגעקניפּט איר פינגער־בינטל אינעם מאַנס קאַפּאָטע. — זענען אַלע געװאָר־געװאָרן — װייבער און מענער:

מען דאַרף, מען מוז פאַריכטן די שינדלען!

און אונטן, הינטערן בית־המדרש, נאָנט צום טויער־איינגאַנג, זיצט ר׳ חיים־מאיר העלער אַריבערגעבויגן זיין באָרד איבער אַ קופּע פעדערן. אונטער זיי — אַ פאַרטרוקנט גופל — פּייװעלע סטאָלער.

— דאגה נישט, פּייװעלע, דאגה נישט; הלװאי דערלעב איך צו דיי־נע שמונים...

— און צידה־לדרך? — קנייטשט דער אַלטיטשקער דעם פאַרמעט איבער זיין פּנימל.

— צידה־לדרך? — צעשמייכלט דער גבאי דעם װייסן שטערן: מצװות און מעשים־טובים!

דער סטאָלער — אַ חלוש — פון בית־המדרשס אַלטע מתפּללים. ביז זיין חולשות — שמש אין שילעכל. איצט פאַרטרעט אים שמואל־לי־פּע מלמד. צװואָס דאַרף ער דאָס, שמואל־ליפּע? װינציק האָט ער דאָס קנעלן מיט די קינדער אַ גאַנצע װאָך? האָט ער נאָך דערצו אַ װייב — אַ מרשעת. װעט זיכער זאָגן דעם גבאי, אַז מ׳דאַרף זוכן אַ שמש: אַז

מ׳דאַרף פאַריכטן דעם דאַך; אַז מ׳דאַרף אויפרוימען די שמהס פון פאַר־ליש. באמת, אַ חילול־השם.

ר׳ חיים־מאיר ווייס פון אַלץ. כל־זמן פייוועלע איז געווען בקור־הבריאות, איז ער געווען ביי אים אין קראָם יעדן טאָג. שמואל־ליפע האָט נישט קיין צייט. נישקשה.

— עס וועט זיין נישקשה — פאַרזיכערט דער גבאי און קוקט אַרויס דורכן פענצטער.

זון־פלאַכטע ליגט צעגעלט איבער רויט־אָפּגעשינדענע ברעטער, וואָס האַלטן צונויף דאָס וואָלינסקע־בית־המדרשל. דאָ און דאָרט — אַ פייגעלע שפּרינגט אויף טעלעפאָן־דראָט, פאַרלירט אַ פעדערל. פילט זיך דער גבאי, אַז עפּעס דאַרף מען דאָ מתקן זיין.

זאָגט ער:

— אַ „קדושה״ ווילסטו הערן, פייוועלע?

— צעעפן די פענצטערס, יאָ, וועלעך הערן.

און אַז עולם האַלט שוין נאָך שחרית, פאַר קריאת־התורה — רופט דער גבאי שמואל־ליפען, שיקט אים אַריין צום סטאָלער מיט „קידוש״.

און אויבן, אין עזרת־נשים, פאָכעט איבער די שטאַכייטן די שמואל־ליפעכע:

— ווען דען, אויב נישט איצט!

נאָך מוסף פאַרוואַרפט ר׳ חיים־מאיר די עטרה, קערט־אום די זיי־דענע יאַרמלקע צום עולם. אַ מחיה צו זיין אַ ייד. נישט איטלעכער איז זוכה דערצו. ייד צו ייד איז נישט גלייך. דאָס זעט דער גבאי באַשיינ־פערלעך: פאַראַן יידן מיט אַ גרעסער חלק און פאַראַן יידן מיט אַ קלע־נער חלק. ר׳ חיים־מאירס חלק איז ס׳גרעסטע. זיין שותפות צום רבונו של עולם — איז נישט צו דערשאַצן. והראיה: נישטאָ קיין דאגות־פרנסה, קיין צער גידול בנים, קיין פחיתת־הכבוד. אַלץ, וואָס ער האָט — איז פאַרדינט: שכר. דאָס איז דער דרך־הישר — אָן פגימות, — טאַקע דאָס־אָ!

— אַ גוט שבת, יידן!

— אַ גוט שבת, ר׳ חיים־מאיר!

שמואל־ליפּע פֿאַרוויקלט דעם גבּאיס טלית, און גלייך — מיט אַ פֿלאַש בראָנפֿן צווישן עולם.

— לחיים, גבאי!

— לחיים, יידן!

איצט קומט די שמואל־ליפּעכץ: זי פּראַלט אַריין אין בית־המדרש — אַ צעפּלאַמטע, אַ צעהיצטע. עפּעס טראָגט זי מיט זיך. עפּעס שלעפּט זי נאָך זיך. ביי עולם זענען אויגן צעפּינקלט. בערד־און־וואָנסעס — איין פרייִדיקער צאַפּל: נאָך בראָנפֿן קומט טשאָלנט, קומט קוגל. און דאָס טראָגט זי איצט טאַקע, די שמשטע.

— שטייט ניש אין וועעג! — טרייסלט זי מיט אַ האַנט צווישן עולם, שלעפּט הינטער זיך אַ דיניעצע, אַ גוי, וועלכער איז פֿאַרטשעפּעט ביים צווייטן ברעג סאַגאַן.

— יה אכסוף נועעם שבבבת — ניגונט ר׳ חיים־מאיר, שאַרנדיק ווייכע טריט צום לאַנגן טיש.

אויפֿן לאַנגן, פֿאַרחלבטן טיש: אַ געדיכטער נעפּל האַלט פֿאַרהילט צעשוויצטע פּנימער. הייסע פֿאַרע הייבט זיך פון אָנגעפּילטע טעלערס. אַ מחיה. דאָס איז זיין אויפֿטו, ר׳ חיים־מאירס. יעדן שבת איז זיין בית־המדרשל: קידוש, טשאָלנט, קוגל.

...אכסוף נועעם ששבת...

לשם יוצא וועגן, פֿאַרזוכט דער גבאי אויך אַ קאַרטאָפֿל.

דערנאָך רופֿט ער דעם שמש:

— נו, וואָס, שמואל־ליפּע?

— דער דאַך, גבאי, דער דאַך איז צעבראָכן.

— און וואָס נאָך?

— דעם פּאָליש דאַרף מען פֿאַריכטן.

— דאָס אַלץ?

— און אַ שמש דאַרף מען, אַ שמש...

אָן אַ זייט צאַפּלט די שמואל־ליפּעכע. זי הערט אַלץ. איצט איז אַ שעת־הכושר. דער גבאי וועט הייסן קומען, וועט הייסן אַלץ מאַכן. זי־כער וועט מען אַלץ מאַכן.

און שבתדיקע מנוחהדיקייט איז צעשפּרייט אונטערן סופיט, אַרום די מזלות, גרייכט צו עזרת־נשים — פֿאַרהילט דאָס וואָלינסקע־בית־המדרשל. ר׳ חיים־מאיר העלערס.

איז דער גבאי צופרידן: דאָס איז זיינס, זיין חלק; דאָס לייגט ער אַריין אין יענער גרויסער שותפות.

— אַ גוטן שבת, יידן!

איילט פאָרויס די שמשטע, פון הינטן — דער מאָן, אָמלעצט — ר׳ חיים־מאיר.

אויף זיין בעטל זיצט פייוועלע סטאָלער — אָן אויסגעטריקנטער שאַרבן.

— דאגה נישט, פייוועלע — זאָגט דער גבאי דורכן פענצטער — מיר האָבן אַ גרויסן גאָט...

— וועט ער שוין דאגהן — טרייסלט די שמשטע מיט דער גאָמבע. און דער שמש איז מוסיף:

— מיט די הענט פון אונזער גבאי...

שפּאַנט ר׳ חיים־מאיר העלער צו דער פראַנצישקאַנער גאַס. דער שבת געהער אים. ער טובלט זיך אין מעשים־טובים: ר׳ חיים־מאיר העלער, לעדער־סוחר פון פראַנצישקאַנער־גאַס.

# פוילישע יידן

.1

רב קלונימוס־קלמיש — דער רבי פון פיאַסעטשנע: אַן איש תמים; זיינע אַלע מחשבותן — אַ טובה פאַר אַ נצרך, אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט.

די ימים־טובים פון אַ גאַנץ יאָר האָט דער רבי געפּראַוועט אין וואַרשע — יום־טוב־טעג, וועלכע דאַרפן נישט קיין ספּעציעלן לבוש, קיין אָפּגעטיילט ווינקעלע פאַר זייער לעילאַדיקייט.

צו די ימים־נוראים איז דער רבי אַרויסגעפאָרן קיין פּיאַסעטשנע — פירן „טיש" אין אייגענעם בית־המדרש.

ער אַליין, דער רבי, אַלץ אויף אים: זיין ווייס, אויסגעפּילט פּנים, קיילעכיקע באָרד, ווייכער בליק — אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט ליב דעם עולם וואָס רינגלט אַרום זיין טיש.

אַ ייד — פּלאַ־פּלאים: פריילעכקייט און גוטסקייט — בלויז יושר.

*

צוגלייך מיטן רבינס בחורים לאָזט איבער ר' הענעך זיין ווייב אי־נעם שפּייז־קרעמל, טוט אַ קוש די מזוזה און פאָרט אַוועק, אין די סלי־חות־טעג, מיט דער קליינבאַן קיין פּיאַסעטשנע.

אַזוי איטלעכס יאָר.

און שטענדיק:

זעלדע פאַרהאַלט אים אויף אַ ווײַלע, טענהט:

— זאָלסט נישט פאַרגעסן, הענעך, דו הערסט, למען השם, פאַר־געס נישט!

און הענעך פאַרגעסט נישט. אַפילו ס'ווייב זאָל אים נישט דערמאָ־

נען ווייס ער אויך, אַז די בתולה זיינע איז שוין ווייט נישט קיין קינד, אַז — שוין צייט צו פירן הינדען אונטער דער חופה. אָבער וואָס זאָל ער טאָן. שוין געווען עטלעכע שידוכים, לייטישע בחורים, יידישע מחו־תנים — ווילן זיי נדן, ווילן זיי אַ פּרנסה־געשעפט. ווו זאָל ער נעמען, האַ, ווו? שוין פאַרגעלייגט: אַריינצונעמען דעם חתן צו זיך אין שפּייז־קרעמל, אים מתלבש זיין; דער בורא וועט ווייטער העלפן — זענען מחו־תנים פאַרעקשנט: גיב זיי קעסט פאַר די חתנים. איז דאָס נישט פאַר זיינע כוחות. וואָרום, אינדעראמתן: ווו זאָל ער נעמען? זיין קרעמל — אויסגעפּילט מיט ליידיקע פּושקעס; די פּאָליצעס — פאַרשפּינוועבט. בלויז עטלעכע ברויטן, וואָס דער בעקער גיט בתורת־הלוואה, עטלעכע הערינג, וואָס זייער באַטרעף איז שה׳י־יופה׳י.

זיצט הינדע חודש נאָך חודש, יאָר נאָך יאָר. שוין ווייט אַריבער די צוואַנציק, און עפּעס אַזוינס קומט נישט אונטער. מילא, אין אדם נוקף... אויך דער רבי זאָגט ס׳אייגענע. מסתמא דאַרף אַזוי זיין. נאָר וואָס דען? — הענעך וועט נאָך אַ פּרווו טאָן: היינטיקע סליחות־טעג שמועסן מיטן רבין מכוח דברים שמה בכך. אַזוי און אַזוי: איטשע איז תושב ביים רבין. מען דאַרף אים געבן קעסט, — זאָל דער רבי דאָס נעמען אויף זיך, יאָ. זאָל ער. לענגער וועט הענעך נישט וואַרטן. ניין. בשום־אופן נישט.

וואָלט הענעך אַרויסגעברענגט די דאָזיקע ווערטער אויף אַ קול, וואָלט געווען צו מיינען, אַז דאָס רעדט אַ ייד אַ גבר. אַפילו רעדן הויך האָט ער נישט געקאָנט. און אַניאָגן זיין ווייב אין די פאַרטאָגן צום בע־קער — דערפון איז אָפּגערעדט. אַ חלוש, אָן אַ פּנים, אָן אויגן — בלויז באָרד־און־פּאות.

אָבער מיטן רבין וועט ער דאָס מאָל אַ שמועס טאָן — אַ קשה־עורפּ־דיקן שמועס. וואָרום, וויפיל איז דער שיער צו וואַרטן?

וואַקלט זיך הענעך אין דער קליינבאַן, וואָס פירט קיין פּיאַסעטשנע.

די היינטיקע ערב־סליחות־טעג אין וואַרשע זענען די אייגענע, ווי מיט אַ יאָר צוריק, ווי מיט צוויי. הענעך האָט אַ גוטן זכרון:

די לופט — אַ בייסיקע, אַ שטעכיקע. אומעטום, ווו עס שטייט אַ בוים, דאָרט וואַלגערן זיך צעטרעטענע בלעטער, וועלכע דערציילן, אַז

דער זומער איז שוין אַוועק. ממש שוין. און זעלדע און הינדע — אַ רחמנות אויף זיי:ביידע קרועה־בליעה, ביידע — אָן אַ ווינטער־מלבוש אויפן לייב.

אַזוי יעדעס יאָר.

און מיט די אייגענע מחשבות פּאָרט ער אויך צום רבין איצט.

די קליינבאַן וואַקלט זיך, פּייפט און וואַקלט זיך. אַזוי פּילט זיך אויך הענעך, ווען ס'אַנטפּאַלט אים דאָס האַרץ, ווען דער הונגער נעמט שטיקן אין דער שפּעטער נאַכט.

⁂

מיט אַן אייגענעם אויטאָ קומט פון וואַרשע, אין די סליחות־טעג, פּיניע עלקעס — דער פאַבריקאַנט. אַ ברייטער, אַ הויכער — אַ חצי־גלוח. דער רבי איז אים שטענדיק מקבל באהבה. ווייל פּיניע, חוץ וואָס ר'איז מקורב אין רבינס הויף, איז ער אויך אַ גרויסער נדבן. אַלע ווייסן דער־פון. פּיניע שטיצט דעם רבינס הויז; פּיניע: אויף זיין חשבון שפּאַצירן איצט אַרום די בחורים אין רבינס סאָד. ער זוימט זיך אָבער נישט לאַנג. פּאָרט צוריק, כדי צו קומען אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל, אַזוי ביז סאַמע ערב־ראש־השנה, ווען ער קומט און פאַרבלייבט ביז איבער יום־כיפור.

הייַנטיקס מאָל האָט ער זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער.

די בחורים האָבן אים געזען אַרומשפּאַצירן, צוזאַמען מיטן רבין, צווישן די שמאָלע סאָד־שטעגעלעך, באַקוקן די צייטיקעביימער, די קרויטן און פּאָמידאָרן. דערנאָך איז דער רבי אַרויף צו זיך אין חדר און פּיניע האָט גענומען אַרומשפּאַנען מיט הענעכן, דעם שפּייז־קרעמער. און צומאָרגנס, אַז פּיניע האָט זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ, אַרויסגעפאָרן פון רבינס הויף, איז מען געוואָר־געוואָרן: הענעך איז געוואָרן אויפגעריכט — אַן אַנדער מענטש.

אַנדערש איז איצט געוואָרן זיין זיצן ביים טיש; צווישן די בחורים און אַנדערש האָט אויסגעקוקט זיין סליחות־זאָגן.

הענעך האָט גענומען אַרויסווייזן התקרבות מיט איטשען, דעם בית־המדרש־בחור, געקוקט אויף אים מיט אַ טאַטעשן בליק, אים געבעטן,

נישט איבערצולאָזן גאָרנישט אין טעלער, זאָל אויפעסן אַלץ, וואָס מ׳דער־לאַנגט פון רבינס הויז.

— עס, איטשע, עס, נעם־צו כוחות.

הענעך און איטשע — ווי צוויי גלייכע ברידער. בלויז ביים בחור זענען די האָר אַ קאַפּיטשקע שיטערער, ווייכער. אוןביידע זאָגן זיך „דו״, ביידע — חסידים ביים רבינס טיש.

איז הענעך צופרידן:

פּיניע וועט אויסקליידן דעם בחור, אים געבן קעסט. אַך, טאַטעניו זיסער, אַ לויב דיין ליבן נאָמען! הענעכס קול איז געוואָרן לאַקרעצדיק, זיין גאַנג — ווי ביי אַ חתן־בחור. קאָן דען ווער אָפּשאַצן די ניסים פון בורא־עולם? עס ווענדט זיך בלויז אָן שליח. און דער שליח איז געווען — רב קלונימוס־קלמיש, דער רבי פון פּיאַסעטשנע.

— הערסט, הענעך? — האָט דער רבי אין טאָג פון ערב־ראש־השנה אַרויפגערופן צו זיך דעם קרעמער — זאָלסט היטן דעם בחור, למען השם, אַ כולו תמים, אַן אבן טובֿ!

— אַן אבן טוב! — האָט הענעך מסכים געווען — אַ נס לכבוד ראש־השנה.

וואָלט אַזאַ נס געקאָנט טרעפן אויך אין וואַרשע? ניין. נאָר דאָ, אין פּיאַסעטשנע, אין רבינס בית־המדרש, האָט געקאָנט אַזעלכעס טרעפן:

פּיניע דער פאַבריקאַנט קומט פון וואַרשע קיין פּיאַסעטשנע מיט זיין אייגענעם אויטאָ; פּיניע דאַרף אויסקויפן זיינע זינד, וואָס ער איז אַ נגיד און הענעך אַ קבצן...

— אַ שנה טובה ומתוקה!

ווי דען? קאָן דען זיין אַ זיסער יאָר, ווי אויסגעבן הינדען, אַוועק־געבן זי צו אַ מאַן?

דער רבי נעמט פירן „טיש״. עולם קלעפּט אַרום די ווענט, קלאַמערט זיך גאַרטל אָן גאַרטל, צוזאַמענגעבונדן: אַ פעסטונג, נישט צו רירן פון אָרט.

— און יאַם־בים־באַי און יאַם־באַם־באַי! —

הערט זיך אַ דין ניגונדל, אַ ציענדיקס, וואָס שניידט זיך איין אין

מוח, קייקלט זיך איבער שוויצנדיקע ווענט פונעם גרויסן בית־המדרש.

— הערסט? — רוימט־איין הענעך איטשען אויפן אויער — הער, הער!

— וואָס הערסטו? — רייבט דער חתן זיין ווייך בערדל אָן דעם מחותנס שטערן.

ביידע הערן זיי אַ ניגונדל, אַ געזאַנג אַזאַ. אַפילו דער חסיד זאָל נישט זינגען ביים רבינס טיש, וועט הענעך אַליין אַרויסברענגען פון זיך דאָס דאָזיקע געזאַנג, וועט עס אַליין אַרויסזינגען פון אים — אַ מתי־קותדיק זמרל...

.2

דעם רבינס בית־המדרש טינקט אין שפּעטן בין־השמשות. פון דאָ און דאָרט — אַ פאַרדבקהטער קרעכץ, אַ התלהבותדיקער ברום, וואָס ווערט צעשוווּמען צווישן דער צונויפגעדרענגטער חסידים־מאַסע, איינגעקוועטשט אַרום דעם לאַנגן טיש. אייגע אויף איינער — שווייסיקע, אָטלאַסנע יופּיצעס, פייכטע קאַלפּיקעס; הענט איבער אַקסלען פאַרפלאָכטן אין באָרד־און־פּאות; האָריקע פּנימער איינגעדושעט, מיט אָנגעשטרענגטן געהער, צום אויבן־אָן, צום טרייסלדיקן שאָטן דעם רבינס:

— ידיד נפפש אב הררחמן...

און ווידער שטיל, אַן איינגעהאַלטענע שטילקייט, וואָס פאַרקלעמט דעם אָטעם, די פּאָרע אין מויל.

שאַ. דער רבי האָט התרוממות. איז פאַרדבקהט אין מלכה שבת.
אימתא דמלכתא.

און ווידער שניידט־דורך דעם געדיכטן חלל אַ געבעט אַזאַ, אַ התנצלות פון רבינס ווינקל, אויסגעפילט מיט שטרענגער עניוות:

— מששוף עבדך אל רצצונך.

און ווידער אַ הפסקה. דעם רבינס עקשנות איז שטאַרק. ער וועט נישט אָפּטרעטן פון ס׳זייניקע; וועט נישט לאָזן אויף הפקר די חסידים, וואָס זענען צונויפגעהאָפטן אין איין גזע, אַריינגעפלאָכטן אין זיין ספר־היוחסן.

די קעפּ־מאַסע וואַרט. ביז צו ליכט־אָנצינדן, ביז צוזאַמענטרעפן מיטן עולם־התוהו איז נאָך צייט. זאָל־זשע זיך די דאָזיקע צייט ציען וואָס־לענגער, וואָס־שפּעטער — דער תענוג־שבת דרינגט־דורך מיט מתיקות: די לעצטע דבקותדיקע שעה ערב באַגלייטן די מלכה צו איר מנוחה.

שבת־קודש. די נשמה־יתירה רוט נישט. ס'אַ שעת־הכושר. נישט בחינם נידערט זי אַראָפּ אויף איין טאָג במשך דער וואָך, נידערט אַריין אין טיפענישן פון מענטש. טאָר נישט די דאָזיקע טירחה גיין לאיבוד. ווײַנט זי, די שבתדיקע נשמה, בעט אין אירע לעצטע לעילאַדיקע מינוטן פאַר דעם אומבאַשיצטן מענטש, מיט וועלכן זי האָט זיך מתדבק געווען במשך דעם שבתדיקן טאָג.

פילט מען אַרום דעם רבינס טיש, פילט מען בפועל־ממש, דאָס אַרומשוועבן פון נשמות, נשמות־יתירות, — צווינגען אים ר'זאָל זיך מיט זיי משתתף זיין, זאָל נעמען אַ הבטחה פון דער מלכה:

— ירוץ עבדך כמו אאיל... לההשתחוות...

און שווײַג.

און פּלוצלינג:

דער מענטשן־קנויל נעמט זיך באַוועגן, עפנט אין זיך אַ שמאָלע שפּאַרע, לאָזט דורך דעם שמש מיט אַ פולמעסיק אין די הענט.

דער רבי מאַכט לעצטע הכנות ממלא צו זיין די שבתדיקע סעודה.

קלאַפּן הערצער פול מיט פּחד, טרייסלען זיך אין אַנגסטן: ווער ווער וועט האָבן די זכיה, האַ, ווער? קנייטשן זיך פינגער אַרום דעם רבינס לעצטער סעודה, באַוועגן זיך איבערן פולמעסיק: אָט, וועט אַ חלק שיריים אַרײַנ־פאַלן אין דעם אָדער יענעם חסידס האַנט. אָבער דער רבי אײַלט זיך נישט. נאָך ווײַט ביז אָנצינדן אַ ליכט. און מיט די זמירות איז נאָכנישט פאַר־ענדיקט. זיצט ער איבער די פאַרדאַרטע פליייש־צויטן, איז מכוון כוונות.

דער רבי דערמאָנט זיך אָן עפּעס. פאַרדעקט ער מיט זײַנע הענט דעם פולמעסיק, הייבט אויף דעם קאָפּ איבערן טיש, צעגלאַנצט די אויגן אינעם בין־השמשות:

— איטשע משששהס!

נעמט זיך דער געדיכטער קנויל באַוועגן, רייסט זיך אַרויס פון אים

אַ פייכט שטיק, אַ בחור אַזאַ: איטשע משהס. ער האַלט דעם רבינס האַנט אין זיינער — עטלעכע פלייש־שטיקלעך, שיריים פון רבינס טיש. דער־נאָך פאַרקוועטשט ער זיך ערגעץ אין אַ ווינקל, צעעפנט די האַנט און לייגט אין מויל אַריין פעדעמל נאָך פעדעמל. און אַז אַ ידיד בעט אַ כזית, פאַרשטעקט ער זיך טיפער אין ווינקל, פאַרדבקהט זיך דאָרט.

איטשע משהס איז חתן־בחור, יחסן ביים רבינס טיש. אַ קליינער, אַ דאַרער, מסוכנדיק פרום, — איטשע חתן; דער נאָמען שטעלט אים העכער פון זיינע חברים ביים רבין. אַ חתן־בחור איז ס׳אייגענע ווי אַ בכבודיקער חסיד. אויך ער קריגט שיריים. און ספּעציעל — איטשע. מיט זיין חתנשאַפט האָבן זיך אַלע געגרייסט — דער רבי און די חסידים.

אין טיר־עפנונג, וואָס פירט צו דער קיך, האָט געגומען צאַנקען אַ ליכט־פלעמל. דער שבת איז פאַרענדיקט. באַלד וועט מען מבדיל זיין בין קודש לחול. מעריב. מלווה־מלכה. עולם רוקט זיך פאַנאַנדער. דער רבי גלייכט זיך אויס. זיין באָרד־און־פאות, פנים, אויגן — אַלץ אויף אים — דורכגעדרונגען מיט קדושה.

דער רבי רב קלונימוס־קלמיש פון פּיאַסעטשנע.

דאָס שמאָלע קאָרידאָרל צום רבינס חדר איז אויסגעפילט מיט ווייבער וואָס וואַרטן אויף אַ רפואה, אויף אַ זיווג־טוב פאַר קינדער אויס־צוגעבן אין נחת.

אַטלעס און סאַמעט שוועבט פאַרביי פון טיש צום חדרל. דער רבי שטעלט אָפּ זיין בליק אויף איטשען:

— נאָך מעריב זאָלסטו אַריינקומען צו מיר.

זענען די דאָזיקע ווערטער, דעם רבינס, געגנוג געווען פאַר איטשען ר׳זאָל זיך פאַרשטעקן אין אַ ווינקל, זאָל טראַכטן, וועלן דערגיין די כוונה אין רבינס ווערטער:

וואָס האָט ער אים צו זאָגן?

***

איינגעשטאָכן די אויגן אין אַ קופּע „קוויטלעך״, זיצט דער פּיאַ־סעטשנער, זיצט אַ פאַרטועגער אין יידישע צרות — פאַרשריבענע פאַ־פּיר־פאַסיקלעך וואָס בעטן ביי אים אַ ישועה:

רפואה־שלימה לחולנית...
ישועה במהרה לבעלי...
זווג טוב לבתי...

פּאַפּירלעך, אויסגעפּילט מיט דאגות, מיט צרות פון יידן וואָס זע־נען געקומען צום רבין מיט דער פולער זיכערקייט, אַז — פריער זיין לי־בער נאָמען — דער רבי מוז העלפן און קאָן העלפן. דער רבי פון פּיאַ־סעטשנע.

אַלע זענען זיי יידן, קינדער פון איין טאַטן; אַלע מוזן געהאָלפן ווערן; איטלעכער אויף זיין אופן: ווען מען אַ רפואה פאַרן גוף און ווען — פאַר דער נשמה. און ביידע — גוף און נשמה — זענען מתיחדין לעילא באחד, ווערן פאַרעכנט אין די היכלות ווי איינס — איין שטיק קדושה.

— האַ, רבי? — איילט דער משמש פון טיר צום רבין.

— ווו איז איטשעו? לאָז מיר אַריין דעם חתן.

דער רבי וואַרט אויף איטשע משהס. אַ בחור פון אַ פּראָסטער היים. פּראָסטע טאַטע־מאַמע. אַ געהייליקטע נשמה. דאַרף מען זי מתלבש זיין מיט אַ זיידענעם לבוש — מתיחד זיין מיט הענעכס טאָכטער.

דער רבי באַוועגט זיך פון טיש, באַטאַפּט, מיט אַ ווייכן בליק, אי־טשעס האָריקע באַקן, זאָגט מסקנהדיק:

— אם ירצה השם... וועסטו גיין צו דער חופּה מיט הענעכס טאָכ־טער... אַ זווג טוב...

המבדיל.

עולם זינגט.

— זרעינו וכספינו, יאַמבאַמביי, באַאַם־באַי!

איבערן לאַנגן בית־המדרש־טיש לעקן קנייטלעך דעם חלב פון צע־היצטע ליכטלעך, שפּייען אים אויס אַרום זיך אינעם צעגאָסענעם ווייַן נאָך הבדלה. דער גרויסער עלעקטרישער לאָמפּ שטעכט דורך מיט זיינע שפּיזלעך באָרד־און־פּאות, צעהעלט פּנימער אויף וועלכע ס׳צייכנט זיך אומעט פון אָנקומענדיקער וואָכעדיקייט:

כספינו ירבה כחול וכוכבים... הוי־אוי־יוי... בלללילה...

דער רבי קומט פון זיין חדר.

מלווה מלכה.

און ווי ביי יעדער מלווה מלכה, אויך היינט: איציק טשערניאַקאָווער איז משמח דעם עולם:

— פעלטע־באַלעגאָלע וועלעך היינט פאַרשטעלן, צ׳הערט עולם, פעלטעעע!

באַוועגט זיך אויפן לאַנגן טיש אַ באַבערדלטער יונגערמאַן, געוויקלט אין זייד און סאַמעט. בליצט מיט פריילעכע אויגן אַרום זיך, דערזעט איטשען:

— נו, וואָס שטייסטו ווי אַ מטושטוש? קריך אַרונטער אונטערן טיש, גיכער!

לאַכט איטשע מיט זיין חתנשאַפט, האָט הנאה וואָס איציק לץ איז אָנגעפילט מיט חדווה, וועט זיין גאַסט אויף זיין חתונה.

— פעלטעעע! — רייסט זיך אַרויס אַ הילכיק געשריי פון איציקן, קייקלט זיך פאַנאַנדער איבער שווייס־יקע קאָלפּיקעס אין בית־המדרש.

אונטערן טיש ליגט איטשע, אַ פאַרשטעקטער צווישן קני און שטיוול, אַ באַגאָסענער מיט שווייס: היינט ענדיקט זיך זיין חתנשאַפט ביים רבינס טיש; פרייטיק גייט ער צו דער חופה. דאַרף ער איצט פאַרבעטן דעם עולם אויף זיין שמחה.

שרייט איטשע אַריין אין אַ טיפן שטיוול:

— יאָ, יאָ, שוין, כ׳שפּאַן שוין די פערד...

אַ פאַרשטיקט קול וואָס קומט פון מרחקים און וואָס דאַרף הייסן, אַז ער, פעלטע באַלעגאָלע — איטשע חתן — ליגט ערגעץ אין אַ שטאַל, פּאָרעט זיך אַרום פערד, מאַכט הכנות אַוועקצופאָרן ערגעץ אין מרחקים. האָט עולם הנאה פון איציק טשערניאַקאָווער וואָס האָט, צו יעדער מלווה מלכה, אַ חתן פון רבינס בחורים, האָט וועמען אַרונטערצושטופּן אונטערן טיש, איינצושפּאַנען אין זיין פעלטע.

און אַז די מלווה מלכה פאַרענדיקט זיך ווייסן אַלע — דער חתן ווערט אויס חתן, ווערט אַ ייד מיט יידן גלייך.

— מזל טוב, איטשע, מזל טוב — ווינטשט מען דעם חתן נאָך זיין אַפּערקריכן פון אונטערן טיש — מען זאָל האָבן פון דיר פול נחת!

— אמן — גלאַנצט איטשע מיט זיין שווייסיקן שטערן, איז מסכים.

און מסכים זענען אַלע: דער רבי און די חסידים, דער צעהעלטער לאָמפּ און די טריפנדיקע ליכטלעך — אַלע גייען זיי אַ טרייסלדיקער ריקוד, באַגלייטנדיק די מלכה שבת:

— אַ גוטע וואָאָאָך!

— אַ מזלדיקע וואָאָאָך!

# אין סאָקאָלאָווער „הויף"

צו בר־מצווה איז מאיר געפאָרן קיין סאָקאָלאָוו, צום סאָקאָלאָווער רבין אין ישיבה. אַ בחור, וואָס הייבט אָן טרעטן אַ ניי לעבן, דאַרף האָבן אַ מוסמך — און ווער קען בעסער דעם דרך החיים, ווי ע ר שליט"א! די סאָקאָלאָווער ישיבה: האָט אַ מחותן געזוכט אַ בעל־הוראה, האָט אַ שטעטל געדאַרפט אַ רב — איז מען אַראָפּגעפאָרן קיין סאָקאָלאָוו. און דער ראש ישיבה: פלא פלאים. לויטער קבלה און פלפול. כולו רוחניות.

נאָך אין וואַרשע האָט'ס מאירן געצויגן קיין סאָקאָלאָוו. שוין לאַנג וואָלט ער געפאָרן אַהין. אָבער די מאַמע האָט נישט געלאָזט:

— צו בר־מצווה, מיין קינד, וועסט אָנהייבן דאָרט לייגן תפילין.

האָט עס מאירן פאַרדראָסן אויף זיינע קרוב צו דרייצן יאָר. ווי לאַנג זיי ציען זיך, די טעג. אייביקייטן. אָבער דער טאָג צו פאָרן אין ישיבה וועט קומען. האָט מאיר געמאַכט הכנות: געזעסן איבער ספרים, איינגע־הזרט אגדתאס, אויסגעקלאָרט שאלות, מעיין געווען אין מפרשים. אַן עילוישן קאָפּ געהאַט. צווישן שטיבל־בחורים האָט מען מקנא געווען זיין חריפות. און ס'איז געווען וואָס מקנא צו זיין: ווו אַ פאַרפלאָנטערטער תוספות, ווו אַ נישט קלאָרע רש"י — מאירס קאָפּ רוט נישט. ער מוז גע־פונען אַ באַשייד. און זיין אויסזען: אָן אַ פגימה. די זון האָט דורכגע־לויכטן זיין פנים, זיינע אויגן. אַזוי האָט מען גערעדט וועגן דעם קליינעם מאיר. אַזוי האָט געפילט זיין צדקותדיקע מאַמע.

— אַ פערל געפינט זיך אין איר שטוב — האָבן שכנים געשושקעט צווישן זיך.

זענען שכנים געקומען באַגלייטן מאירן קיין סאָקאָלאָוו. געקומען איז מען צום דאַנציגער וואָקזאַל. און אַז דער צוג האָט גערירט, זענען הער־צער געוואָרן אויסגעפילט מיט חדווה:

— פיל נחת אייך!
— פיל גליק!
— אַ גאון זאָל ער אויפוואַקסן!

אַזוי האָט מען געווינטשן דער מאַמע. און די ברכות האָט מאיר געפירט מיט זיך.

האָט דער שפּעטער נאָכמיטאָג געגליווערט מיט חמימה. איז דער מאַרק געשטאַנען אַ צעפּכייעטער אונטער זונס פלאַקער. האָבן בחורים אַרומשפּאַצירט אין רבינס סאָד מיט סודותדיקע רעיונות. און קיינער האָט נישט באַמערקט זיין אַריינקומען.

מאירס טרעטן איבערן סאָקאָלאָווערס הויף — חידוש חידושים:

לינקס, אויף אַ הויכן גאָרן — די שטוב פון משה דעם רבינס; אַנט־קעגן — די שטוב פון מאירל דעם רבינס; ביי דער זייט — דעם רבינס חדר־מיוחד, ס׳בית־המדרש, די ישיבה.

— שלום עליכם, בחור! — האָבן ווייכע פינגער אַ גלעט געטאָן איבער מאירס אַ הענטל.

— איך בין געקומען אין ישיבה אַריין — האָט מאיר געזאָגט מיט שטאָלץ און געפרעגט: ווו איז דער ראש־ישיבה?

— ווי רופט מען דיך, האַ?

— מאיר.

— מאיר? כאַ־כאַ־כאַ — האָט דעם רבינס זון צעטרייסלט די פּאות — מיין נאָמען! קום.

דער צופאַלנדיקער אָוונט האָט געהאַלטן אין אַרויסשטויסן דעם טאָג פון רבינס הויף. אין סאָד, צווישן עפּל און באַרנעס, האָבן בחורים צע־קייעט דעם פּלפּול פונעם ראש־ישיבה. אינעם בית־המדרש זענען יידן צו־זאַמענגעקומען צו מנחה־ומעריב.

בלויז מאיר איז געזעסן אויף זיין הילצערן קעסטעלע, געברענגט פון וואַרשע, געזעסן אויף זיינע חפצים אין אַ שטוב־ווינקל און געטראַכט מחשבותן. איצט הייבט עס זיך אָן אויפסניי. מאירס גאַנג אין ישיבה — פאַרגעסן אָן היים, אָן פּוסטע גאַסן; אַרויסגיין פון יינגלשקייט. אמת, ערגעץ טיף אין אים האָט געהאַלטן אין אויפגיין אַ בענקשאַפט צו דער

מאַמע. דאָך. — מאיר האָט אַ צאַפּל געטאָן. דער סאָקאָלאָווער איז פאַר־בייגעגאַנגען.

— גוטן אָוונט, רבי — האָט זיך מאיר אויפגעשטעלט, האָט אין אים געטרייסלט פרייד צוזאַמען מיט שרעק.

אין דער שטוב־טונקלקייט האָבן מאירס אויגן געלויכטן מיט טרערן־גלאַנץ. ער האָט דאָס גוט געפילט. און אפשר האָט ער בכלל גאָרנישט געפילט, נישט געהאַט קיין צייט צו פילן.

דעם רבינס האַנט האָט אַ וויש געטאָן איבער זיינע פאַרטרערטע באַקן:

— קום, בחור, צו מנחה.

ביים אַריינגאַנג אין בית־המדרש איז געשטאַנען מאירל דעם רבינס.

— דעם בחור רופט מען מאיר — האָט ער זיך אויסגעגלייכט ביי דער וואַנט, דורכלאָזנדיק דעם טאַטן.

— געקומען אין ישיבה אַריין, וואָס? — איז דעם סאָקאָלאָווערס בליק געבליבן פאַרטשעפּעט אויף מאירס טוכענעם היטעלע — זאָל זיין. גוט. מאיר. מהיכא תיתי. מאיר עיני חכמים...

האָבן די דאָזיקע לעצטע ווערטער דעם רבינס איבערגעלאָזט זייער רושם. זיי זענען מאירן נאָכגעגאַנגען זיין יעדן טראָט. ווו ער האָט זיך גע־קערט — דרך־ארצדיקע בליקן האָבן אים באַגלייט:

— האָסטו געהערט וואָס דער רבי האָט געזאָגט?

— יאָ. וואָס האָט ער געזאָגט?

— דער רבי האָט געזאָגט, אַז ער וועט לייכטן, באַלייכטן...

— אָ־ווא...

אַרום די בית־המדרש־טישן, אַרום די סאָד־ביימער, אַרום דעם פּלומפּ אינמיטן מאַרק — אומעטום האָט מען שוין געהאַט געהערט וואָס דער סאָקאָלאָווער האָט געזאָגט וועגן דעם וואַרשעווער בחור. מען האָט אי־בערגעחזרט זיינע ווערטער, איבערגעטייטשט זיי, אַריינגעטייטשט יש:

— מאיר עיני חכמים.

— וועט באַלייכטן די אויגן פון חכמים.

און מאיר?

ווי אַן אויסגעטריקנטער פיש אַריינגעוואָרפן אין פרישן וואַסער, אַזוי איז ער געזעסן ביים שיעור. ס׳מויל צעעפנט. די אויגן צעעפנט.

— אַ מזג טוב — האָט מען געזאָגט וועגן אים.

— ס׳וואַקסט אַן עילוי.

מאיר איז קוים אַלט געווען דרייצן יאָר. אַ יינגל. יינגלשע יאָרן. טעג פון וועלן זיי פאַרשפּילן, אויסשפּילן הפקרדיקע מינוטן אונטער ביימער־געררויש. איז ער אין די פאַרנאַכטן אַרויסגעגאַנגען אין סאָד. איינער־ווייניק — באַזעצטע בייטן מיט פּאָמידאָרן, מיט קרויט. אַרום זיי — צעזונטע גראָז־פלעקן, אַרומגעשווירענע בלומען־רייען. צווישן אַלעם — שמאָלע שטעגעלעך. און איבער אַלעם — עפּל, באַרנעס, קאַרשן און ברעקלעך הימל, וואָס האָבן אָנגעפּילט מיט מתיקות יעדן באַוועג.

— מאיר, האָסטו פאַרגעסן וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט וועגן דיר? — האָט זיך פון צווישן די ביימער אָפּגעגעשאַרט דאָס ברייטע געשטעל פון משה דעם רבינס.

מאיר איז געזעסן אויף אַ באַנק. דעם בליק אָנגעשטעלט אויף דער הושטאַווקע, ווו ס׳האָבן זיך געוויגט דעם רבינס אייניקלעך.

— כ׳האָב הנאה — האָט ער געענטפערט — און גענומען גיין צום טירל.

— זיי נישט קיין נאַר — האָט משה איינגעשלאָסן, אין זיינע ברייטע האַנט־פלאַכן, מאירס שמאָל פּלייצעלע — קום אַהער און האָב הנאה.

ביים איינגאַנג האָט זיך באַוויזן דער ראָש־ישיבה. אַ הינקענדיקער, זיך אַוועקגעזעצט נעבן מאירן.

— פאַרשטייסטו, מיין זון — האָט ער פאַנאַנדערגעשאַרט די באָרד איבערן פּנים — דער מלבי״ם זאָגט...

שאַאַאַ.

פון דער וויג־שטול, אין אַ ווינקל פון סאָד, האָט זיך אויפגעהויבן דער רבי. זיין באָרד־און פּאות, זיין זיידענער כאַלאַט, ווייסע זאָקן — אַלץ אויף אים האָט צעטרייסלט דעם אַרום.

— נו, וואָס, ראָש־ישיבה, וואָס זאָגט דער מלבי״ם?

אַ מבולבלקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען. מאיר האָט זיך געדוקט הינטערוויילעכטס, שטיין געבליבן.

און דער סאָקאָלאָווער האָט געענטפערט:

— מילא, נישט שייך, גירסא דיונקתאָ דאַרף מען אויפהיטן... דער קאָצקער זכרונו לברכה האָט געזאָגט...

די הושטאווקע האָט זיך געוויגט מיט אַ האַסטיקער געשווינדקייט. אין איר — דעם רבינס צוויי אייניקלעך. ביידע צוזאַמען — מאירס יאָרן.

און מאיר האָט דערפילט, נאָכן רבינס רייד, אַז ר׳האָט געמיינט אים, מאירן: ער טאָר נישט אָוועקפּטרן וואָס ר׳האָט געלערנט אין די יונגע יאָרן.

אין געאייל איז מאיר אַרויס פון סאָד.

— גירסא דיונקתא דלא משתכחין...

שוין געהאַלטן ווייט נאָך בר־מצווה. ס׳ערשטע בריוועלע דער מאַמען האָט זיך פאַרענדיקט:

...דיין טרייער זון: מאיר עיני חכמים...

לאַנג האָט די מאַמע געקושט דעם זונס בריוו.

און לאַנג האָט אין מאירן געשמייכלט דעם רבינס זון — מאירל דעם רבינס — וואָס טראָגט דעם אייגענעם נאָמען ווי ער.

סוף־זמן האָט אים דער רבי געזעגנט דורכן פענצטער:

— וואַרשעווער מאיר, דער היינטיקער זמן זאָל דיר בלייבן אין זכרון, אַז דיין התחלה אויפן דרך־החיים האָסטו געמאַכט אין סאָקאָלאָוו...

דעם רבינס האַנט איז פאַרשווינדן פון פענצטער.

ברעקלעך זון האָבן באַגלייט מאירן צום וואַרשעווער צוג.

# מוסרניקעס אין פּלאָצק

טוביה איז אָנגעקומען קיין פּלאָצק אין די פריע מאָרגן־שעהן. נאָכן אַראָפּגיין פון „סטאַטעק" האָט ער איינגעצויגן די שמאָלע קאַפּאָטקע, פאַנאַנדערגעטרעטן די גרויסע שיך און שטיין געבליבן אויפן ערשטן טרעפּל, וואָס האָט געפירט אין שטאָט אַריין. ווו געפינט ער זיך? מיט אַ נאַכט צוריק האָט אים די מאַמע געזעגנט ביי דער וואַרשעווער ווייסל, אים אָנגעזאָגט, ר׳זאָל זיין פרום צו גאָט און גוט צו לייטן. ער געדענקט נאָך די גלאַנציקע טרער, וואָס איז געהאָנגען אויף דער מאַמעס באַק, איר פּאָכען מיט פאַרדאַרטע פינגער צו דער ווייסל ווען דער „סטאַטעק" האָט זיך צעריטשעט, גלייך אַ סטאַדע מיט וועלף וואָלטן אים באַפאַלן. איי, ווי ס׳האָט זיך אים געוואָלט נאָך אַ ווײַלע שטיין ביים ווייסל־ברעג, נאָך אַ ווײַלע זען דער מאַמעס פּנים! איצט געפינט ער זיך שוין אין פּלאָצק, אין דער שטאָט, וווהין די מאַמע האָט אים געשיקט לערנען אין דער נאָוואָראַדאקער מוסר־ישיבה.

אויפן קופערטל, וואָס טוביה טראָגט, הענגט אַ גרויסער שלאָס, אונטער וועלכן ס׳איז פאַרשלאָסן אַ פאַרמעגן: זיין שבתדיקע, געהאַקטע קאַפּאָטע, אַ נייער טלית־קטן, צוויי קלאָר־געוואַשענע העמדער און די תפילין מיט אַן עין־יעקב. פון איצט אָן איז טוביה באַלעבאָס איבער זיך, דאַרף ער זיך נעמען גרייטן אויף אַ גאַנצן זמן, ביז פּסח, כדי דערנאָך אַהיימצופאָרן אַ דערוואַקסענער, אַ בקי: אַ האַלב יאָר איז צוגעקומען צו זיינע פופצן; ער האָט אויסגעלערנט אַ מסכת פונאויסנווייניק.

נאָר טוביהן שטיקט אַ טרער. וואָס וועט ער טאָן איינער אַליין אין דער פרעמד?

אַ פאַרמאַטערטער, האָט ער זיך דערזען הויך, איבער צוויי הונדערט טרעפּ, וועלכע האָבן אים אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם מאַריעוויטן־

קלויסטער אין דער שטאָט פלאָצק. זיין ערשטע באַגעגעניש, אויפן וועג צו דער ישיבה, מיט דער דאָזיקער טומאה, האָט נאָך מער פאַרקלעמט זיין האַרץ. האָט ער גענומען האַסטיק לויפן, פריער צוריק צו די טרעפּ, דערנאָך — זיך דערזען אין שטאָטישן בית־המדרש.

אין דער נאָוואָראָדאָקער ישיבה:

בחורים מיט קורצע רעקלעך, מיט לאַנגע ציצה־כנפותן, איילן אויף־און־אָפּ פון טיר צו פענצטער, פּאַטשן אין די הענט, ציפּן די בערדלעך, שרייען, וויינען, טומלען.

וואָס קומט דאָ פאָר?

אַ ייד מיט אַ געל בערדל האָט טוביהן אַוועקגעפירט אין אַ ווינקל, צוגענומען ביי אים ס׳קופערטל און געהייסן זיך אַוועקזעצן ביים טיש.

— נאָ, נאָ־דיר אַ „דרכי־אדם״, נאָ, נעם־צו — האָט דער ראש־ישיבה געגעבן טוביהן אַ מוסר־ספר און צוריק פאַרשווינדן צווישן די בחורים מיט אַ וויינענדיק קול:

— יסוד החסידות, איי־איי־אאאיי... שיתברר ויתאמת, וויי־וויי־וואאאי!

טוביה איז געזעסן אַ דערשראָקענער איבערן טיש־ברעט, געפינטלט די שלעפּעריקע אויגן איבערן ספר. וואָס דאַרף ער איצט טאָן? אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. פאַרפרוירן געוואָרן אין דער קאַלטער קאַיוטע פון „סטאַטעק״. איצט וואָלט ער זיך געדאַרפט אויסשלאָפן. און פאַרוואָס טאָקע נישט איבערבייסן אויך? ער דערמאָנט זיך, אַז אין זיין קופערטל האָט די מאַמע איינגעפּאַקט עטלעכע קיכעלעך, אַ ביסעלע צוקער...

— מה חובבבתו, מה חובתו בעעעולמו... —

קלינגט טוביהן אין די אויערן אַ הילכיק געשריי, וואָס רייסט זיך פון טיר צו פענצטער, ווו עס איילן בחורים הין־און־צוריק, בחורים מיט לאַנגע ארבע־כנפותן, מיט קורצע רעקלעך און בערד, אַז...

טוביה האָט איינגעדרעמלט אויפן מוסר־ספר. דער אַרום האָט גע־זשומעט, ווי פליגן־מחנות וואָלטן געזשומט אין די אויערן. אויבן־אָן, ביים טיש, האָט אַ בחור געקנייטשט זיין בערדל, אַריינגעטענהט אין אַ ספר, געוואָלט פון דאָרט אַרויסבאַקומען עפּעס אַ גאָר וויכטיקן ענין. און

אַרום אים, ביי ביידע זייטן טיש — צעקנאַדערטע בחורימלעך, שווייסי־קע, פאַרדבקהטע. איינער האָט זיך באַמיט איבערצושרייען דעם צווייטן. און קיינער פון זיי האָט נישט באַמערקט דעם נייעם חבר, וואָס האָט געוואוּרט איבערן „דרכי־אָדם". ערשט, מיטאָגצייט, ווען דער גערויש אין ישיבה האָט זיך איינגעשטילט, ווען איטלעכער איז אַוועק אויף זיין „טאָג" עסן, האָט טוביה אַרומגעווישט דעם שווייס פון זיינע באַקן, אויסגע־ווישט די טרערן פון די אויגן און זיך דערזען איינער אַליין ביים נאַקעטן ישיבה־טיש. ווו איז זיין קופערטל? ווען ער האָט עס איצט, וואָלט ער גלייך אַוועק צו דער ווייסל, צום „סטאַטעק" — וואָלט ער געפאָרן צו־ריק אַהיים. איי, די חרפּה וואָלט געווען גרויס פאַר דער מאַמע און פאַר לייטן: אַ בחור קרוב צו די זעכצן יאָר און בענקט אַהיים?... טוביה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן בית־המדרש, נעבן שולחן, גענומען איינקוקן זיינע אויגן אין די קאַלירטע שייבלעך, וואָס האָבן זיך געפּאַרבט, פון די ישיבה־פענצטער אַרויס, צום טריבן דרויסן, ווי ער וואָלט געהאַט אַ ישוב מיט זיי: יאָ אַהיימפאָרן, נישט אַהיימפאָרן...

האָט זיך צעסקריפּעט די טיר און אַ ייד איז אַריינגעקומען.

—נו, בחור, האָסט שוין געמיטיקט? — האָט דער ייד אַ גלעט גע־טאָן טוביהן איבער זיינע פייכטע באַקן.

טוביה האָט נישט געענטפערט. וואָס זאָל ער ענטפערן דעם דאָזיקן פרעמדן ייד? ווען ער ברענגט אים זיין קופערטל, וואָלט ער שוין לאַנג נישט געווען קיין היגער...

— זע־נאָר, זע, ווי דאָס האָט פאַררעגנטע אויגן — האָט דער ייד אונטערגעהויבן ביי טוביהן די גאָמבע — פע, אַזאַ בחור און וויינט!

אַ הילכיק שלוכצן האָט אָפּגעהילכט אין בית־המדרש. דער ייד האָט אָנגענומען טוביהן ביי אַ האַנט און אים אַרויסגעפירט אויף דער גאַס.

—האָסטו געזען — האָט ער אַריינגעטענהט אינעם וויינענדיקן בחור — באַשטעלט ביי מיר אַ „טאָג" און ער גאָר וויינט!

אַרום טוביהס אויגן האָבן געשוועבט די וואַרשעווער גאַסן, וואַר־שעווער הייף; די מאַמע מיטן טיפן שייטל און דערנאָך — דער „סטאַ־טעק", וואָס האָט אים אַוועקגעפירט ביז אַהער, קיין פלאָצק. ווער נאָך

האָט געקאָנט פילן אַזוי שטאַרק דעם ווייטיק, ווי ער, טוביה, ווער נאָך!

דער ייִד, וואָס האָט אים געפירט איבער די פּלאַצקער גאַסן, אים האָט נישט געאַרט דעם ישיבה־בחורס קרעכצן. נישט ס׳ערשטע מאָל וואָס ר׳פירט אַהיים צו זיך אַזעלכע וויינענדיקע בחורים. בלויז אַ רגילות אַזאַ, אַ בענקעניש צו מאַמעס פאַרטעך. דערנאָך געוויינען זיי זיך צו. ווערן גוטע ישיבה־בחורים.

טאַקע דאָס האָט דער ייִד איצט געגעבן צו פאַרשטיין טוביהן:

— נישקשה, נישקשה, וועסט אָפּעסן ביי מיר מיטאָג, וועסטו אויס־לופטערן פון זיך די היים, דאָס שפּילן זיך אין „יאָגעלעך״, וועסטו ווערן אַ בחור ווי אַלע בחורים, נישקשה...

האָט טוביה געהערט דעם ייִדס רייד, געווען צופרידן, וואָס ר׳וועט עפּעס איבערקייען, אָבער — פאַרנאַכט גייט ער צו דער וויסל... עס האָט אים געצויגן אַהיים. אַ בענקשאַפט האָט גענאָגט טיף אין אים, דעם קרוב צו זעכצן־יאָריקן בחור. ער וועט אינדערהיים לערנען, פאָלגן דער מאַמען... אין די דאָזיקע מינוטן, שפּרייזנדיק מיטן ייִד גאַס־איין, גאַס־אויס, האָט ער פאַרגעסן זיין צוזאָג, אַז ר׳וועט אין ישיבה זיין ביז סוף־זמן, ביז פּסח; אַז ר׳וועט אַהיימקומען מלא־כרימון, איבערוואַקסן אַלע בחורים פון געסל. איצט האָט ער זיך דערפילט שוואַך צו זיינע הבטחות, קליין, ווי קליין ער איז געווען ביי זיין באַגלייטערס זייט.

און אַז טוביה האָט זיך דערזען זיצן ביי אַ געדעקטן טיש, אַרומגע־רינגלט פון גאָפּל־לעפל, פון נייגעריקע בליקן צו אים געווענדט, האָט ער שטאַרקער גענומען פילן זיין פאַרלוירנקייט: פרעמדע מענטשן, אַ פרעמ־דע שטוב...

טוביה האָט געגעסן מיט אַפּעטיט די מאכלים, וואָס האָבן אַרויס־געפּאַרעט פון גלאַנציקע כלים. אויף אַ ווײַלע האָט זיך צו אים צוריקגע־קערט ס׳חיות, האָט זיך גענומען פילן ווי אַ לייט: דער באַלעבאָס איז אים מכבד מיט „בענטשן״, רעדט צו אים ווי צו אַ גרויסן...

נאָכן עסן האָט ער אָפּגעעטעמט, פאַרלייגט די פּאות הינטער די אויערן און זיך געגרייט צו גיין. וווהין? דער ייִד האָט אים נישט אַרויס־געלאָזט.

— דו ביזט מיד — האָט ער אים געגלעט איבערן טוכענעם היטעלע — קום, וועסטו אָפּרוען, אויסשלאָפן און מאָרגן גאַנץ פרי וועסטו גיין אין ישיבה אַריין.

אין טוביהס אויגן האָט געלאַנצט פּאַלעטור און מעש, וואָס האָבן געפינקלט פון ווענט און לייכטערס. ס׳ערשטע מאָל וואָס ער געפינט זיך אין אַזאַ שטוב. און אפשר טאַקע האָט זיך געלוינט אַוועקצופאָרן פונדער־היים צוליב דעם אַלעם אַ... ער איז געווען צופרידן, וואָס אַ ייד שמייכלט צו אים מיט גוטמוטיקע אויגן, אַ היימיש־געוואָרענער ייד. אַ פּריילעכער, האָט ער געדאַנקט דעם באַלעבאָס פאַר זיין פריינטשאַפט, געדאַנקט, נישט ווי אַ קליין יינגל, נאָר — אַ דערוואקסענער, וואָס האָט פאַרענדיקט אַ גוט געשעפט, אין וועלכן ס׳וועט זיין ריווח.

— זעסטו שוין, בחור — איז דער ייד געווען צופרידן — צווישן יידן ווערט מען נישט פאַרלוירן.

— כ׳ווייס — האָט טוביה געשמייכלט — כ׳בענק אָבער אַזוי...

— נאַרעלע דו, האָסט נישט וואָס צו בענקען, גיי און לייג זיך שלאָפן.

נאָר טוביה איז נישט געגאַנגען שלאָפן. ער איז אַוועק אין ישיבה. איבערן וועג האָט פלאַצק שימרירט מיט פאַרוויאַניעטע בוים־בלעטער, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די טריט. די נאָך־סוכות־טעג האָבן געלייגט זייער חותם איבער גאַס און געסל. אַ צעהייטערטער, האָט טוביה געשפּאַנט איבערן זעלביקן וועג, דורך וועלכן דער גוטער ייד האָט אים געפירט צו זיך אַהיים. עס האָט ביי אים אויסגעזען, ווי ר׳וואָלט שוין געווען אַ תושב אין פלאַצק, אַן איינגעזעסענער פון מי־יודע וויפיל טעג.

אין בית־המדרש איז צו אים צוגעקומען דער ראש־ישיבה, דער איי־גענער געלער ייד, וואָס האָט ביי אים צוגענומען ס׳קופערטל.

— נו, בחור, ווי רופט מען דיך, האַ?

— טוביה — האָט ער געענטפערט מיט אַ שטאַמל.

— טוביה? אוי, אַ גוטן נאָמען האָסטו, אַ נאָמען, וואָס שמעקט מיט טובהס; האָסט אָפּגעגעסן, האַ? אַ גוטן „טאָג״ האָב איך באַשטעלט פאַר דיר...

טוביהן איז געװאָרן צוגעטײלט אַ בחור, װאָס האָט געדאַרפט אײנ־חזרן מיט אים דעם שיעור פֿון ראָש־ישיבה. איצט איז אין בית־המדרש געװען רואיק. יעדער בחור איז געזעסן איבער אַ גמרא, זיך אײנגעהערט צו איטלעכן קלאַנג, צו יעדער זילב. װאָס עס איז אַרױס פֿונעם אױבן־אָן. טוביה האָט זיך געפֿילט אַן אױפֿגעפֿרישטער. בפֿרט — אַז די ישיבה־בחורים האָבן אים אַרײנגענומען צװישן זיך, אָפּגעגעבן „שלום־עליכם“. קײנער האָט נישט געלאַכט פֿון אים, אים מקרב געװען, געהאַלטן װי אַן אײגענעם. — ישיבה־בחורים פֿון דער נאָװאָראַדאָקער ישיבה, װאָס האָט זיך געפֿונען אין פּלאָצק. און אַז דער ראָש־ישיבה האָט פֿאַרענדיקט דעם פּלפּול, האָבן אַלע גענומען אײנחזרן זײנע אַרױסגעבראַנגטע װערטער. טוביהס קולכל האָט געקלינגען הױך, איבער אַלעמענס. זײנע בעקלעך האָבן געגלאַנצט. די אױגן געפֿינקלט. נישט מחמת טרערן, נאָר פֿרײד, פֿרײלעכקײט האָט פֿון דאָרט אַרױסגעשײנט. און דער בחור, װאָס איז געװאָרן אים צוגעטײלט, איז געװען צופֿרידן. און צופֿרידן איז געװען טוביה, װען ס׳האָט זיך אָנגעהױבן די מוסר־שעה, װען ר׳האָט זיך אַרײנ־געפּלאָנטערט צװישן אַלעמען מיט זײן קלײן גופֿל, געפּאַטשט מיט די קלײנע הענטלעך:

— און האַ־בײ, יאַ־באַם, הײ־ײ־ײ־יאַאַא... שורש העבודה התמימממה...

פֿון טאָג־צו־טאָג איז טוביה געװאַקסן, גרױס געװאָרן, געפֿילט די אחריות, װאָס די ישיבה האָט אױף אים אַרױפֿגעלײגט. פּלאָצק האָט זיך פֿאַרביטן מיט װאַרשע. דער ראָש־ישיבה און יענער ייִד, בײ װעמען ער האָט געגעסן „טעג“, זײנען אים געװאָרן נאָענט, אײנגעבאַקן. ער האָט בלױז געחלומט — אַז דער זמן װעט זיך ענדיקן, װעט ער אַהײמפֿאָרן מיט זײן תּורה־באַגאַזש, אים פֿאַנאַנדערלײגן פֿאַר דער מאַמען —

— נאַ, זע, דאָס האָב איך געבראַנגט.

די נאָװאָראַדאָקער מוסר־ישיבה האָט אים געװיזן דעם דרך־הישר, אים, דעם פּופּצן־יאָריקן ישיבה־בחור, װאָס האָט, לכתּחילה, געבענקט צו דער מאַמע, צום געסל, צו דער טומלדיקער װאַרשע.

# אַ צולהכעיסניק

שלמה איז געוואָרן אַן אַפּיקורס — צולהכעיס טאַטע־מאַמע, דער גאַנצער וועלט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין מוסר־רייד — ער וועט שוין אַנדערש נישט ווערן: מער עסט ער נישט קיין „טעג", שלאָפט ער נישט אין בית־המדרש.

שלמה:

אַן אויסגעטריקנט בינטל האָלץ, אַן לייב און לעבן; ביי זיינע איבער צוואַנציק — אַן אַ שמייכל, אַן פריילעכקייט. איז ער דען פאַר זיך אַליין, פאַר זיין אייגענעם איך — גאָרנישט? אַלץ פאַר זיי — טאַטע־מאַמע, שטיבל־בחורים — פאַר דער וועלט! און „וועלט" ביי שלמהן האָט גע־הייסן: פון טאַטע־מאַמעס שטוב ביז צום רבינס בית־המדרש...

איצט מוז עס ווערן אַנדערש. נישט דערפאַר, ווייל שלמה האָט גע־קוקט אין „ביכלעך", געוואָרן „אויפגעקלערט", אויסגעקליגט, ניין. עס האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ חשק צו דערזען די וועלט — איר גרויסקייט, איר כשופדיקייט — זי זען ווייטער פון זיין געסל, פונעם חסידים־שטיבל. און אפשר איז עס געקומען דערפון, וואָס ער האָט זיך דערזען אַן איבריקער אין זיין קבצנישער שטוב. אַלציינס: שלמה האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געהאַקטע קאַפּאָטע, דאָס טוכענע היטעלע, אַריינגעוואָרפן זיך, זיין גאַנצן יש, אין מסחר — אַוועק איבער שטעט, שטעטלעך פון פוילן דער מדינה.

און דער ישיבה־בחור איז אים אומעטום נאָכגעקומען. ווי ער זאָל נישט פּרווון פאַרדעקן דעם קאָפּ מיטן קאַפּעלוש, פאַרגלעטן דעם שניפּס אַרום האַלז — זיין פּנים איז געווען אַ מסור. עס האָט אַפילו נישט גע־האָלפן דער דיקער שטעקן, וועלכער האָט אים באַגלייט איבער שטעטלשע בלאָטעס, דאָס וואָנסעלע־לאַטקע, וואָס ר'האָט פאַרקלעפּט אונטער דער

נאָז, דער שיפער פּאָרטפעל, וועלכן ר׳האָט געווינטיקט פון טראָטואר צו טראָטואר. —

— קומט משלים זיין אַ מנין;

— וואַשט אייך וועלמע בענטשן מיט מזומן;

— קומט מחדש זיין די לבנה...

אַזוי שטעטל נאָך שטעטל. אַזוי אין זיינע מסחרים.

שלמה איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער ערגעץ אין אַ באַנק פון גראָדנע, קראָקע און ווו נישט? אַז געהאַנדלט האָט ער מיט דאָלאַרן, מיט דאָלאַרס ממש. ס׳הייסט, מיט דאָלאַרן אַליין האָט ער נישט געהאַנדלט, נאָר מיט עפּעס ענלעכס צו דעם: מיט „דאָלאַרוווקעס“. אַזוי האָבן זיי געהייסן. „דאָלאַרוווקעס“ און „אָבליגאַציעס“. ווער עס האָט נישט קיין צוטרוי צו אים און צו זיינע בענק; ווער עס גלייבט נישט, האָט מורא, אַז די באַנק וועט נישט אַריינשיקן די ריכטיקע, ווערטפולע דאָלאַרוווקע נאָכן אויסצאָלן די ראַטעס, איז, אדרבא, נאַט און זעט:

אויף דעם פּאַפּירל, וואָס שלמה דערלאַנגט זיין קונה ביים איינצאָלן די ערשטע ראַטע, איז אויסגעצייכנט דער פּוילישער אָדלער; ליגט אַ חתימה פונעם ״רעיענט; געפינען זיך געציקלטע אונטערשריפטן — אַ שטיק פינף.

שלמה דאַרף נישט מער, ווי באַקומען איצט די ערשטע דריי זלאָטעס. די רעשט זאָל דער קונה שיקן דורך פּאָסט קיין גראָדנע אָדער קראָקע.

און פּרנסה איז געווען — הלוואי אויף אַלע יידן־קבצנים געזאָגט. אַזוי האָט ער געפילט ביים אַרויספאָרן פון איין שטעטל און אַריינפאָרן אין צווייטן. זאָל זיך נאָר קיינער נישט מישן אין זיין מסחר. די פּאָליציי אוודאי נישט. איז דען מעגלעך, אַז דער גאַנצער ענין זאָל גאָר זיין אַן אָפּגענאַרטער? עס קאָסט בלויז עטלעכע זלאָטעס מער, ווי די פּוילישע באַנק פאַרקויפט פאַר באַרעס. און אַ דאָלאַרוווקע וויל האָבן יעדער ייד. מ׳קאָן געווינען אויף איר די פערציק טויזנט. אַ מטמון מיט דאָלאַרן...

צו דעם מסחר האָט אים אויך געדינט דער ישיבה־בחור, וועלכער

האָט זיך בולט געצייכנט אויף זיין פּנים, אויף זיין געשטעל, אויף זיין אַלץ.

— דער כביכול זאָל אייך העלפן, אַז איר זאָלט געווינען דאָס גרעס־טע געווינס! — אַזוי האָט שלמה געווינטשן יעדן, ווער ס׳האָט אים גע־געבן די ערשטע ראָטע אויף דעם געחתימהטן פּאַפּיר.

ביז איינמאָל איז געשען:

אַריינגעפאָרן אין אַ שטעטל, האָט ער, ווי אומעטום, געפרעגט אַן אָרט ווו צו נעכטיקן. געוועזן פרייטיק שפּעט נאָך האַלבן טאָג. נאָענט צו קבלת־שבת. יידן איילן פון מקווה. גרייטן זיך אין בית־המדרש אַריין. שטעלט ער זיך אָפּ נעבן איינעם אַ ייד:

— קאָן מען ביי אייך נעכטיקן, פּעטער?

— פאַר געצאָלטס קאָן מען — האָט דער ייד איינגעבויגן זיין פּייכ־טע באָרד אויף יאָ.

זענען ביידע אַוועק — דער ייד פאָראויס, שלמה פון הינטן — אַוועק אין אַ שטיבל, וואָס האָט געשמעקט מיט כולו שבת.

— זיצט, יונגערמאַן.

האָט שלמה אַראָפּגעלאָזט זיין גוף, צוזאַמען מיטן שטעקן, מיטן פּאָרטפעל, אויף אַן איינגעפאַלענער סאָפע. דאָס שטעטל געפעלט אים. ס׳האָט אַ סך הילצערנע הייזקעס, באַלאָדנטע פענצטער, קבצנישע באַל־מעלאָכעס. דאָס דאַרף ער. אַזעלכע יידן האָבן נישט קיין באַרעס געלט צו קויפן אַ דאָלאַרוווקע. וועלן זיי נעמען ביי אים אויף ראַטעס...

— קומט, יונגערמאַן, אין בית־המדרש אַריין — האָט דער באַלע־באָס אַרומגעפּעסטיקט די אַטלאַסנע קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן גאַרטל.

— איך בין שטאַרק מיד — האָט זיך שלמה געפּרוווט קעגנשטעלן.

— מקבל־שבת־זיין?! — איז דער ייד אונטערגעשפּרינגען, געוואָרן גרעסער, העכער, אַ שטיק ירגזון.

איצט האָט אין שלמהן גענומען טיאָכקען דער אפּיקורס: גיי נישט אין בית־המדרש אַריין... גיי נישט... דער איצטיקער אַפּיקורס איז אין אים געווען אַנדערש ווי דער פון אַ גאַנצער וואָך. אויב אין אַ פּראָסטן טאָג בעט מען ביי שלמהן, ר׳זאָל העלפן מחדש זיין די לבנה, שטעלט

ער זיך נישט קעגן. קיין הוצאות דאַרף ער נישט מאַכן דערויף. אַרט׳ס אים נישט. אַנדערש וועט׳ס אָבער זיין היינט: וועט גיין אין בית־המדרש, קומען צוריק — קידוש, חלה, פיש, לאָקשן, פלייש, קאָמפּאָט און אַ גלעזל משקה אפשר אויך — דאָס אַלץ באַקומט מען נישט אומזיסט; פאַר דעם אַלעם וועט ער מוזן סילוקן אַ חשבון. אמת, די הכנסות זענען נישקשה־דיקע. דאָך, טאָר ער נישט מאַכן אַזעלכע לכבוד־שבתדיקע הוצאות. ר׳וועט בלייבן אָן אַ גראָשן...

איז שלמה פאַרשווינדן אין שטעטלס טונקלקייט; אַרויס פון שטיבל מיט דער דעה, צו קומען צוריק — בלויז נעכטיקן. מער נישט. אַזוי, איז ער געווען זיכער, וועט׳ס טאַקע זיין. ס׳איז אָבער אַזוי נישט געווען. שלמה האָט געטראַכט אַנדערש און דער באַלעבאָס — אַנדערש:

— קיין אַפּיקורסים לאָז איך נישט אַריין!

און נישט בלויז דאָס. דער ייד האָט אַרויסגעשאַרט מיט די פיס שלמהס שטעקן, זיין פּאַרטפעל און נאָכגעשריגן:

— גע־גאַנ־גען!...

איז שלמה, לכתחילה, נתפעל געוואָרן אויף אַן אמת: אַ שיינע מעשה. האָט דען אברהם־אבינו געפרעגט ביי זיינע אורחים, צי זיי וועלן יאָ זינגען „לכה דודי״ אָדער נישט? מאַכן „קידוש״ אָדער נישט? עסן פיש אָדער נישט? און צוריקגעשמועסט: קאָן זיך דאָך שלמה אַריינציען אין וועלכן האָטעל ער וויל. איז דען זיין געלט קיין געלט נישט?... אַ צו־להכעיסניק געווען — סכנות־נפשות. וואָס וואָלט אים דען געאַרט, שלמהן, ווען ער עסט־אָפּ אַ שבתדיקע סעודה, האָט הנאה פונעם לעבן כאָטש איין טאָג אין דער וואָך? ר׳וועט זיך נישט לאָזן „ברעכן״. וועט באָדיי באַצאָלן פאַר איין נאַכט שלאָפן ערגעץ ביי אַ גוי אַזויפיל, וויפיל ס׳וואָלט אים געקאָסט אַ שבת עסן און שלאָפן ביי אַ ייד. מיט גוטן איז ער גרייט אויף אַלעם. צווינגען אים? נישט ביי שלמהן...

איז געקומען דער מאָרגנדיקער טאָג: אַ גוישקער שבת ערגעץ אין אַ גוישק געסל. שלמה האָט געקנייטשט דעם פּאַרטפעל צווישן די פינ־גער, געטאַפּט מיטן שטעקן דעם שטיינערנעם ברוק. און קיין הכנסה האָט

ער נישט געמאַכט דעם שבתדיקן טאָג. גוים האָבן נישט געוואָלט קויפן זיינע פּאַפּירלעך.

— פּאַלשע פּאַפּירלעך — האָבן זיי געזאָגט.

— יאַק באָגאַ קאָכאַם! — האָט שלמה געטרייסלט דעם קאַפּעלוש אין די הענט און זיך גיך אַרויסגעשאַרט פון די גוישקע הינטערגעסלעך.

צו זיי, צו די גוים, האָט אים געפעלט לשון, אַזוינס, וואָס ער איז בכוח צו באַנוצן ביי יידן. אויב זאָגט אים ערגעץ אַ יידישער שוסטערוק, אַז זיינע פּאַפּירלעך זענען פאַלש, צעלאָזט ער זיין חיתוך־הדיבור, צע־וואַרפט ער די הענט, דעם קאָפּ, ווי אַמאָל ביי דער גמרא:

— אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, ווי אַלץ שטימט... איר לייגט דען אַריין ס׳גאַנצע געלט? בלויז די ערשטע ראַטע... נו, נו, ציט נאָר אַרויס אַ נומער, נו, לאָמיר זען, אַ מזלדיקן נומער...

און דער ייד לאָזט זיך איבערדברן; פילט זיך שוואַך קעגן שלמהס וואָרט־קינסטלעריי, — שלמה באַקומט די ערשטע עטלעכע זלאָטעס און פאַרשווינדט פונעם געסל.

זענען טאַקע זיינע פּאַפּירלעך פאַלש, אָטאָ די, אויף וועלכע עס גע־פינט זיך פוילנס אָדלער? שלמה גלייבט נישט. פּוסטע רייד פון נישט־פאַרגינערס.

דאָך — פאַר דער פּאָליציי האָט ער שטאַרק מורא געהאַט.

דעריבער, טאַקע, אַז, צומאָרגנס, זונטיק — שלמה האָט גענומען פּרווון זיין מזל אַרום דעם שטעטלשן מאַרק, אין די יידישע הייזקעס און געהערט:

„אַפּעריסט!“ —

האָט ער גלייך גענומען זוכן דעם וועג צום וואָקזאַל. דאָס וואָרט שמעקט שוין מיט עפּעס אַנדערש... און אפשר איז טאַקע די גאַנצע גע־שיכטע בלויז אַן אַפּערע...

קלאָר געמאַכט אים, האָבן יידן אין איינער אַ הייזקע:

— ווי איז מען אַזוי אומפאַרשעמט, האַ, זאָגט אַליין: געקומען אַ ייד צו יידן און אַוועק צו גויים... נישט געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין... מחלל שבת געווען...

זיין אפיקורסות וועט אים ברענגען צו תרבות־רעה. צו אַזאַ מסקנה איז געקומען שלמה. וואָרום, ווען ער וואָלט געגאַנגען מיטן ייד מקבל־שבת זיין...

און אָט שטייט ער, דער אייגענער ייד, צווישן אַלע, טרייסלט די באָרד, שפּרינגט רוגזהדיק:

— אַ מומר־להכעיס... אַן אַפּיקורס...

שלמה פּילט הינטער זיך בייזע בליקן, הערט קולות, געשרייען, וועלכע באַגלייטן אים איבער גאַסן און געסלעך, טרייבן אים, וווּהין?

אַ פּאָליציאַנט איז געשטאַנען צווישן צוויי ראָגעס. שלמה האָט גע־פּרוווט איינהאַלטן דעם אָטעם. שוין אָבער געווען צו שפּעט...

**
*

פּאַר זיין אַפּיקורסות האָט ער טייער באַצאָלט. אַוועקגעפּאָרן פון שטעטל מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, מיט אַ פּאַרבלוטיקט וואָנסעלע.

מיט די „דאָלאַרוווקעס" האָט ער מער נישט געהאַנדלט. די פּאָלי־ציי האָט זיי אַלע צוגענומען; צעבראָכן אויף אים זיינע טרוקענע ביינער.

אָבער זיין עקשנות האָט שלמה נישט געבראָכן. אַ צולהכעיס אַלע־מען — פּאַרבליבן אַן אַפּיקורס: געקומען צוריק קיין וואַרשע, איז ער נישט אַוועק צו טאַטע־מאַמע, נאָר — זיך געדרייט צווישן גאַסן און געסלעך, געוואַרט אויף אַ בעסערן, אויף אַ שענערן, אויף אַ יושרדיקן מאָרגן...

# דעם פּיאַסעטשנערס עצה

יודל איז נאָר־וואָס אַהיימגעקומען, נאָך אַ שמועס מיטן רבין.

יודל: בלויז ביין; אינגאַנצן — סקעלעט.

צו די איין־און־צוואַנציק יאָר איז ער געגאַנגען צו דער חופּה און צו די איין־און־צוואַנציק — דאַרף ער גיין צום „פּריזיוו״.

מילא. איז ער דאָך נישט באַלעבאָס איבער זיך: פריער גאָט, דער־נאָך דער רבי — ביידע וועלן אים העלפן. זיכער ברענגען די ישועה.

איצט שטייט ער בײַם שפּיגל, גראַבלט מיט אַ העלצל צווישן די ציין. איז דאָך נישט שייך. ווער־ווער — נאָר דער רבי שליט״א, אַז ער הייסט, דאַרף מען פאָלגן.

— נו, ס׳הערט זיך? — שאַרט גאָלדע אירע טריט איבערן דיל, גלייך אַ חולה וואָלט זיך געפונען אין שטוב.

יודל ענטפערט נישט. בכלל, ווייס ער נאָך נישט, ווי אַזוי צו רעדן מיט זיין יונג ווייבל. נישט ער זאָגט איר „דו״ און נישט זי אים — „דו״. ערשט איין וואָך, סך־הכל, אפער פון אונטער דער חופּה און שוין — אַך אומגליק.

— אפשר איז דאָ די מאַמע? — פרעגט ער ביי די ווענט, ביים באַלקן, דעם שפּיגל.

דעם רבינס עצה געפעלט אים שטאַרק: אַרויסנעמען פון צווישן די ציין ס׳איבערבלייבעכטס נאָכן עסן און עס אַריינטאָן אין די אויגן, אַרום די אויגן־גלעזער. נאָר ווי זאָל ער דאָס מאַכן? לעבט שוין די צווייי־טע וואָך מיט הוילע תעניתים: ציטרינעס, הערינג, שוואַרצע, געדיכטע קאַווע. וואָס־זשע זאָל ער אַרויסנעמען פון צווישן די ציין?

פון דער צווייטער שטוב הערט זיך אַ סיקען איבער אַ ברעט. דאָס גליטשט דער טאַטע דעם רובאנעק איבער אַ שטיק בוק. געהערט, אַז יודל

איז דאָ, האָט ער אויסגעשפּיגן איןביידע האַנט־פלאַכן, אַוועקגעלייגט דעם העבל אויפן טיש.

אין זיינע צייטן, דעם טאַטנס, האָט מען זיך נישט אַזויפיל געפּיעש־טשעט, ווי דער זון זיינער. אין זיינע צייטן — אָ־האָ — האָבן שטעטל־שע בחורים זיך אָנגעטאָן סיגופים ממש: זיך געברענט, זיך געבראָטן — און באַקומען אַ בלאָ פּאַפּירל.

דערזען די שנור נאָנט פון זיך, האָט ער אָנגעשפּאַרט די פּלייצע אויף אַ ברעג פונעם וואַרשטאַט.

— וואָס ווענסטו דען העלפן מיט דיין ווײנען, גאָלדע — האָט דער סטאָלער אָפּגעטרייסלט ס׳העבלעכטס פונעם האָריקן פּנים — גיי אַהיים, גיי. מיר׳ן שוין אַליין אַלץ מאַכן.

און בשעת־מעשה געטראַכט:

ווו באַקומט מען ערגעץ יענעם זאַלב, האַ? יענער זאַלב, וואָס בחו־רים האָבן גענוצט מיט צוואַנציק, מיט דרייסיק יאָר צוריק — דאָס איז געווען די ישועה אַליין. און סאַראַ ישועה: איין שמיר איבערן פוס — און אַ לאָך איז אויסגעברענט, אַ טיף, שוואַרץ לאָך; צומאָרגנס — באַ־דעקט מיט אייטער; איבערמאָרגנס: — אַן עפּידעמיע, רחמנא לצלן, האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די פּריזיוניקעס! אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטעטל, אַזוי — ביי דער קאָמיסיע. און בחורים זענען געוואָרן באַ־פרייט: ווער — אויף איין יאָר, ווער — אינגאַנצן און ווער — אַז השם יתברך זאָל אויסהיטן — איז געגאַנגען פון דער וועלט. ביז היינט איז נאָך דעם סטאָלער נישט קלאָר, פאַרוואָס און פון וואָס עס איז געשטאָרבן דער פּריזיוויניק, יענער. פון דעם שמירעכטס, אויף די פיס, זיכער נישט. אַ סימן...

— וויי איז מיר — איז די סטאָלערקע צוגעפאַלן צום וואַרשטאַט

— שוין אויס מענטש, יודל, יאָ, אויס!

ביידע זענען אַריין צום זון. ביידע ווי מאַן־און ווייב וואָלטן אַריין צו אַ חשובן מת.

— מאַמע — האָט יודל אויסגעצויגן זיין גאָרגל: אַ העלזל פון אַן אַרומגעצופּטער קאַטשקע — דער רבי האָט געהייסן...

— אַלץ זאָלסטו טאָן, מיין זון, טו אַלץ און השם יתברך זאָל...

אַ טרוקן כליפּעכטס האָט צעהעשעט דעם אַרום, אַ געוויין, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן: —

העלף, טאַטע, האַרציקער, העלף...

***

אַ גאַנצע וואָך, וואָס יודל פּייניקט דעם גוף, טאָג נאָך טאָג — שפּאַנט איבער וואַרשעווער גאַסן פון זון־אויפגאַנג ביז העט־ווייט אין דער נאַכט אַריין. ער „צערט" זיך. מאָגערט ס'פליישׂ, שיילט עס אַרום פון די ביינער. ביז וויפיל איז דער שיער? דער טאַטע זאָגט, אַז ס'האַרץ דאַרף קלאַפּן, „ווי מיט האַמערס". און דער רבי? זיין יעדער קער — מלא־חכמה. אַ יונגערמאַן אַ ירא־שמים — זאָגט דער רבי — טאָר נישט עסן קיין טרפות; דאַרף נישט אַריינפאַלן אין גויישקן „וואָיסק". און כדי צו פאַרהיטן יודלען פון דער סכנה — זאָל ער זיך מאַכן רויטע אויגן.

איז יודל צופרידן פון רבינס עצה. אויך פאָלגט ער דעם טאַטן.

איצט איז איינער אַ פאַרטאָג — ל"ג־בעומר אין וואַרשע. —

מיט אַ הילכיקן טראַסק האָט דער טאַטע אַ שטויס געטאָן ס'ברעט, אויף וועלכן דער זון איז געלעגן, אים אַראָפּגעשליידערט אויפן דיל:

— גענוג שוין געשלאָפן, שוין גענוג!

בלאָלעכער פרימאָרגן האָט פאַנאַנדערגעשאַרט אָפּטרעטנדיקע נאַכט.

די מאַמע האָט זיך געבעטן פון בעט אַרויס:

— לאָז אים שלאָפן נאָך אַ האַלבע שעה, לאָז!

— אַ מינוט אויך נישט! — האָט דער טאַטע געהאָלפן יודלען אויפשטיין פון דיל, אים געפירט צום אַרויסגאַנג — וועגסט נאָך גענוג שווער, וועגסטו נאָך... גיי, גיי...

— ווינד און ווי — האָט די מאַמע געקראַצט אונטערן קאָפּ־צודעק — אַ יונגערמאַן, אַ שוואַכער אויך... און איצט נאָך דער חתונה... וועט פאַרלירן ס'ביסל כוחות...

יודל האָט געפילט דער מאַמעס צער און הנאה געהאַט פון טאַטנס

ירגזון, איז דאָס דאָך דעם רבינס רצון אויך. און אַז דער פּיאַסעטשנער הייסט זיך אָנטאָן עינויים — איז באמת נישט שייך מעיז צו זיין.

פאַר די אויגן — אַ וואַנט, אַרום די אויגן — רויטע פלאַקערן צינדן ברוק און הימל.

און זיין טראָט? אַז אויף זיינע שונאים געזאָגט געוואָרן: פלאָנטערט די פיס אין זון־אויפגאַנג און זעט נישט די זון. בלויז אין די פאַרלאָפענע אויגן־ווינקלען קוקט אַריין אַן אָפּשיין פון אויפגייענדיקן טאָג.

ער שאַרט זיך הינטער מויערן. ביי געעפנטע הויף־אַרויסגענג גאַפן סטרוזשעס אויף שווערן טרעטן פון בלינדן וואַנדערער. זיכער אַ נאַכט־פויגל פון „יענע לייט". וועד־זשע דאַרף זיי דערציילן, די סטרוזשעס, אַז יודל איז אַ טאַטנס אַ קינד; אַז ר'איז נאָר־וואָס פון אונטער דער חופה אַפּער; אַז אויף יודלען דעם פריזיווניק, וואַרט אַ יונג ווייבל, וואַרט אַן אויפגעבלאָזן בעט מיט קישנס, מיט פערענעס!?

— אחת, שתים, אחת...

יודל שטייט ביי אַ לאַמטערן, טראַכט אין וועלכער זייט צו ווענדן זיינע רויטע אויגן.

און אָט הערט ער:

— ...חת... שלוש... חחת...

איבער דער לענג פון גאַס — צעזונגענער מאַרש פון אויפבליענדי־קער יוגנט: היינט איז ל"ג־בעומר; היינט גייט מען אויפן פעלד!

צעגרינטע פרייד שפּאַרט פון שול־קינדער אויף וואַרשעווער גאַס. ריי הינטער ריי —

— אם לא עכשיו א־מ־תי...

אויף יודלס פאַרטרוקנטן קין קרייזלען בלאָנדע הערעלעך. אין זיין מוח — הבטחה צום רבין, צו פאַרטרייבן פרייד; אָנזאָג פון טאַטן — אָפּ־צוצערן דעם גוף.

מאָרגן שטייט יודל צו דער קאָמיסיע. היינט וועט ער אַוועקשפּאַנען צום פעלד. קאָן דען פריידיקער, זאַטער מאַרש פון אויסגערוטע קינדער אָנפילן מיט זעטיקייט ליידיקן מאָגן; הייסער בליק, פון לייכטנדיקע אויגן, פאַרטרייבן רויטקייט פון יודלס וויעס?

— אחת... שתים... שלוש...

גאָס־איין, גאָס־אויס, ביז דער ווייסל — ביי יודלען קלאַפּט ס׳האַרץ, קלאַפּט העכער, ווי טראַמוויי־געקלאַנג, ווי ראַשיק טרעטן פון מאַרשירנדיקע רייען.

אָט־אָט — און יודל עקט זיך.

ס׳איז אָבער גאָרנישט געשען.

יונגע חברה האָבן רחמנות באַקומען אויף בלינדן, אויסגעדאַרטן יונגנמאַן. אים אַוועקגעלייגט אויף פעלצעוויזנער פעלד נאָנט צו זיך. טייערע קינדער! — האָט יודל געזשלאָקעט קאַלט וואַסער — מיינע טייערע...

— ס׳איז אייך בעסער? — האָט אַ יינגל געגלעט מיט וואַרעמער קני יודלס פּלייצע.

יאָ. מ׳האָט דעם פּריזיוניק געראַטעוועט פון חלשות. יודל האָט צעעפנט זיינע רויטע אויגן...

— בראַוואָ! — האָבן הענטלעך געפּאַטשט פון פרייד.

און —

דערמאָנט זיך ווער דעם טעם פון עסן נאָך אַ תענית?

ס׳האָבן נישט געהאָלפן יודלס תחנונים. אַלע — ווער מיט ברויט און פּוטער, ווער — מיט הייסער, זיסער מילך — אַלע — פריידיקע, בעטנדיקע, קינדער אין צעשפּילטן ל״ג־בעומר — האָבן געקאָרמעט יודלען אויף צעזונטן פעלד — — — — — — — — — — — — — — — —

איז דאָך דער רבי זיינער, דער רבי פון פּיאַסעטשנע, אַ חכם מכל אדם. רויטע אויגן — דאָס האָט ער אים געעצהט צו מאַכן. זענען דען זיינע אויגן נישט רויט? רויטער ווי די איצטיקע שקיעה. עס פאַרדריסט אים בלויז, וואָס ר׳האָט אָנגעטאָן אַזויפיל צער די יידישע קינדער אין יום־טוב־טאָג.

איצט גייט ער אַהיים.

פון דאָ און דאָרט — סקויטן־פענער אין צאַפּלדיקע קינדערס הענט. ווי פריידיק. און ווי גליקלעך איז ער... גליקלעך...

נאַכט.

טיק. טיק. טאַק.

ס'האַרץ קלאַפּט, ווי דער טאַטע האָט געוואָלט. די אויגן זעען גאָר־נישט. דאָס איז געווען דעם רבינס רצון.

איצט דאַרף דער רבי געבן זיין ברכה.

— נישקשה — זאָגט דער פּיאַסעטשנער — אין זכות פון ל״ג־בעומר אַ ישועה שלימה.

און אין זכות פון תהילים־זאָגן, וועט יודל זיכער באַפרייט ווערן. שטיל.

ווי ביים „אָפּהייבן" אַ מת — האָט גאָלדע געצינדן ליכט אויף איין עק טיש, טאַטע־מאַמע — אויפן צווייטן. און ביים מיטן טיש, אַנטקעגן שפּיגל — יודל —

— קולי אל אדדדני א־ז־ז־ע־ק...

פון יודלס תהילים־זאָגן אַרויס, האָט זיך געהערט אַ מרעיש־עולמות.

און ס'האָט זיך געזען:

דער פּריזיוווניק האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַרץ. זיך אַראָפּ־געלאָזט צווישן די ליכט, זיך אַראָפּגעזעצט אונטערן טיש.

— י־ו־ד־ל!

האָבן ווייב, טאַטע־מאַמע, — אַלע דריי — אַרויסגעלאָזט איין געשריי.

אונטערן טיש האָט יודל „אָפּגעגעבן", וואָס שול־קינדער האָבן אים היינט געקאָרמעט, וואָס ר'האָט געגעסן מיט צוויי וואָכן צוריק.

— אַהאַד! — האָט זיך געהערט — באַראַד!

געווען שפּעטע נאַכט. געוואָרן פריער טאָג.

טאַטע־מאַמע האָבן אַוועקגעטראָגן צו דער קאָמיסיע אַ צעטעלע פון שפּיטאָל:

יודל דאַרף האָבן רחמים... דער זכות פון אַלע צדיקים דאַרף אים ביישטיין...

און יודלען איז בייגעשטאַנען דער זכות פון קינדערס ל״ג־בעומר דאָרט, אויפן פעלצעוויזנער פעלד.

די קאָמיסיע האָט אים באַפרייט אויף איין יאָר.

# דער „קאָזשעניצער"

די לעצטע נאַכט איז געווען אַ ליל־שמורים — אַ נאַכט פון תפילה, תהילים און „וועלטן איינרייסן".

די רביצין האַלט ערב־פטירה.

זענען געווען פאַנאַנדערגעפּראַלט טירן־פענצטער. האָט עולם אויס־געפּילט אַלע איינגענג, אונטערגעהערט יעדן שאָרך אַרום דער רביצינס בעט.

און זי אַליין — די קאָזשעניצער מאַמע — אין איר מוח האָבן גע־שוועבט רעיונות פון לעצטע מינוטן, צעשיידנדיקע רגעס: אויפגעהאָדע־וועט דעם קאָזשעניצער „הויף" — כולו רוחניות; דער איינציקער יורש רב אהרעלע...

אירע באַקן זענען געווען פייכט, די אויגן — בלויז געוויין, בלויז שרעק. נישט מחמת דעם, וואָס זי פאַרלאָזט דעם עולם־התוהו מיט נישט־אָפּגעצאָלטע חובות. חלילה. עס האָט איר וויי געטאָן דער זון אירער, דער קאָזשעניצער רבי. זי האָט פיינט מחלוקת, די קאָזשעניצער מאַמע. מיילן־ווייט איז זי אַנטלאָפן דערפון. גרייט געווען עוקר צו זיין מן השורש איטלעכן. יאָ, יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געפּרווט אויפצוועקן מחלוקת אין אירע ד' אמות.

און איצט. און מיט אַ יאָר צוריק. — רב אהרעלע, דער איינציקער יורש נאָך „קאָזשעניץ"; — דער איינציקער זון אירער, וואָס איז מחלל דעם קאָזשעניצער שטייגער...

— ח ח ח ג ג ה ! — האָט זיך געהערט אַ שוואַך פּישטשען פון דער רביצינס בעט.

— מאַמע, כ׳בין דאָ!

אין אַ טיפן שטול־געזעס איז געווען אַריינגעקלאַמערט די פּיאַ־

סעטשנער רביצין. זי ווייס שוין פונלאַנג, ווער עס האָט גורם געווען אַזוי־פיל צרות דער מאַמע. יאָ. זי ווייס. און דאָס איז איר שולד. חנה האָט געדאַרפט האַלטן דעם ברודער. אים נישט לאָזן הפקר. דאָס איז געווען די בקשה פון דער אַלטער רביצין — זייער מאַמע. און אַזוי האָט זי גע־פלעגט בעטן, די אַלטע: לאָמיר, קינדער, לעבן צוזאַמען; לאָמיר פירן איין טיש; לאָמיר זיך נישט דערווייטערן איינס פון איינס. האָט זי געהאַט רעכט, די מאַמע. יאָ...

— יאָ, מאַמע.

אויף דער געבלימלטער וואַנט שלאָגט־אָפּ אַ גראָקייט, וואָס צייכנט זיך פונעם פוכיקן בעטגעצייג. שפּעטע נאַכט שוואַרצט אויף פענצטער־גלאָז. אַ טונקעלער גלאַנץ פון פּאַלעטור הילט־אַרום דעם חלל.

מיטנאַכטיקע חשכות האָט געדושעט איבערן אוויר פון דער בריי־טער, מיט מעבל־אויסגעפּילטער שטוב.

און רב אהרעלע זעט מען נישט.

און דערפון האָט זי איצט פאַרדראָס, די אַלטע.

נאָר די טאָכטער קאָן גאָרנישט העלפן. מסתמא וועט ער נאָך קו־מען. יאָ. זיכער. מ׳האָט געשיקט צו אים. ער ווייס, אַז די מאַמע האַלט ערב־פּטירה. צי וועט ער אויך איצט, אין די דאָזיקע מינוטן, ממשיך זיין די מחלוקת זיינע מיטן פּיאַסעטשנער? חנה גלייבט נישט. איז ער דאָך דער איינציקער קדיש. ר׳וועט זיכער קומען.

זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דעם ווייסן קישן, אין וועלכן ס׳איז געווען איינגענורעט דער אַלטערס קאָפּ. די הייבל־שפּיצן האָבן אַרומגע־רעמלט איר צעפּאָלדעוועטן שטערן. דאָס פּנים — אַ פייכטער גלאַנץ פון טרערן אויסגעמישט מיט שווייס.

דער מאַמעס פּטירה.

חנה האָט צוגעשאַרט אירע ווייכע טריט צו דער טיר, זי לייכט גע־עפנט. אַ העלזער־סקריפּען האָט זיך געטראָגן פונעם בית־המדרש, זיך געקלאַמערט אויף באַלקן און ווענט: —

...ממעמ־מממם־קקים קראאא־תתתיך...

שטיל.

די רביצין וויל עפּעס זאָגן.

קערן־אויס פּנימער זייערע בערד־און פּאות. שטרענגען־אָן אויגן זייערע פאַרשטאַרטע בליקן צו דער אַלטערס טיר.

וואָס הערט זיך?

וואָס מאַכט זי?

אַלע שווייגן. די פּיאָסעטשנער רביצין אויך.

און פּלוצלינג:

אַ געפּילדער האָט זיך גענומען שניידן איבער די שטאָקן, וואָס פירן צום רבינס בית־המדרש. די איינגאַנג־טיר איז געוואָרן פּאַנאַנדערגע־פּראלט.

רב אהרעלע, דער קאָזשעניצער רבי, איז געקומען, אַרומגערינגלט פון צעהיצטע בחורים, זיינע חסידים.

זענען אַלעמענס בליקן געבליבן פאַרשטאָכן אין זיין צעקאָדלטער באָרד, אין זיינע צעפּלאָשעטע פּאות.

און ער אַליין — קיין טראָט פון דער טיר. זיינע אויגן — אויסגע־פּילט מיט תחנונים. זיין יעדער קער — ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג צום אַנטלויפן:

— נו, יידן, הוי, אולי ירחם...

מער האָט ער נישט געזאָגט און — שטויסנדיק זיינע בחורים — פאַרשווינדן איבער די טרעפּ.

**
*

פאַר קיינעם איז נישט געווען קלאָר דער דרך פון רב אהרעלע, דעם קאָזשעניצער רבין. ניין, קיינער האָט נישט געוווסט און קיינער האָט נישט שלום געמאַכט מיט זיין התנהגות.

פון תמיד אָן, זינט ר׳איז געקומען פון אָטוואָצק, זיך באַזעצט אין וואַרשע, פון יענעם טאָג ביז חדשים אַריין, האָט מען געוווסט צו דער־ציילן: —

ס׳איז, עפּעס, נישט „קאָזשעניץ״; נישט דעם מגידס דרך; — אַפילו קיין ניצוץ פון דאָרט.

בפרט, דער עלטערער עולם, די, וואָס זענען נאָך געזעסן ביים טיש פון רב אלימלך גראָדזשיסקער — זיי האָבן גאָר פאַרטריבן פון זייערע רעיונות רב אהרעלעס גאַנג.

— ע־בע — האָבן זיי געטרייסלט מיט די קעפּ — טפשות געמישט מיט עמארצות.

און דער קאָזשעניצער איז נישט נתפעל געוואָרן. זיין אויסזעז — בלויז חדווה; זיין באַנעמען זיך — דעם אַ שטויס, יענעם אַ פּאַטש. און בחורים האָבן זיך געמאַכט פריילעך אַרום אים:

— גייען מיר צום קאָזשעניצער?

— יאָ, מיר גייען.

— דאָרט איז פריילעך.

זענען משרתים, נאָכן פאַרשליסן די קראָמען, אַוועק צום נומער אַכט־און צוואַנציק פון דער וואַרשעווער זאַמענהאָף־גאַס, אַרויף צו רב אהרע־לע, זיך אַרומגעשטעלט אין אַ ראָד, גרייט אַריינצונעמען דעם רבין אינ־מיטן. און נישט איינער פון זיי איז אַוועק מיט אַ פּנים אַנגערייטלט פון בושה, נישט איינער פון זיי, ווייל — דער רבי האָט געטראָפן זיינע חטאים.

— קום נאָר אַהער, דו — האָט ער דורכגעעגבערט זיין בליק יע־נעמס חושים — דו האָסט היינט אַ קניפּ געטאָן דעם סטרוזשס טאָכ־טער...

— און דו, מחוצף, האָסט היינט נישט געלייגט קיין תפילין...

נאָר אויסקויפן זיינע זינד האָט איטלעכער געקענט: אַ פלאַש בראָנפן מיט פאַרבייסעכץ, אַ לעבעדיקער קאַרפּ — און „טישן” זענען געפירט גע־וואָרן יעדן אָוונט, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. און הילכיק געזאַנג האָט געוועקט שכנים פון שלאָף:

— ראַ־לאַ־לאַם, ראַ־לאַ־לאַם — באַי!

— משוגעת — האָט מען געמורמלט אין חסידים־שטיבלעך.

— אַ משוגענער.

נאָר רב אהרעלע האָט זיך געהאַלטן ביי ס׳זייניקע: נישט געהערט

דער שוועסטער, דעם פּיאַסעטשנערס ווייב; געווען אין מחלוקת מיטן שוואָגער, דעם רבין פון פּיאַסעטשנע.

אַפילו דער מאַמע האָט ער אויך נישט געהערט. איז אַפילו נישט געקומען צו איר.

— מיין דרך איז — חדווה; עצבות פּילט־אויס גראָדזשיסק און פּיאַסעטשנע...

אַזוי האָט ער געטענהט פון תמיד אָן.

און אַזוי אויך יענע נאַכט, ווען די מאַמע האָט געהאַלטן ערב־פּטירה.

— קומט, שרצים — האָט ער געוואַלגערט זיין אויסגעפּילטן גוף איבער די בחורימס — קומט און לאָמיר זיך משמח זיין.

און חנה האָט געקנעטן אירע הענט אַרום די באַקן, געוואַשן דאָס פּנים מיט הייסע טרערן. —

אַלץ בין איך שולדיק.

און נישט פאַרשטאַנען האָט זי, צוליב וואָס ר׳איז געקומען און פאַר־וואָס אַוועק.

— עולם, עולם — האָט זי געטריבן די חסידים פונעם בית־המדרש אַרויס — גייט־אַריבער צום קאָזשעניצער, גייט...

האָבן הענט זיך אָפּגעקלעפּט פון טירן־פענצטער, געוואָרן איינגע־קלאַמערט אין ברייטע גאַרטלען.

די רביצין איז צוריק אַריין צו דער מאַמעס בעט. איצט איז די אַל־טע געלעגן פאַרגראָבן אין דער קופּע פעדערן, געלעגן מיט אַ שווער עטע־מען, אָן אַ וואָרט אַרויסצוברענגען.

און דאָרט, אין זיין שטיבל, אויף זאַמענהאָף־גאַס, האָט רב אַהרעלע אַרומגעשפּאַנט אין אַ קרייז הין־און צוריק, הין־און צוריק. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. קיינער טאָר נישט אַרויסגיין. ניין. קיינער נישט. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

און אַ גאַנצע נאַכט האָט דער קאָזשעניצער געפּאַטשט זיינע בחורים, געוואָלט פון זיי אַרויספּאַטשן די סטרא־אחרא.

— צוליב אייערע חטאים, יאָ, צוליב אייערע...

עס האָט זיך בולט געפילט, אַז דער רבי איז היינט אַנדערש ווי

נעכטן, ווי מיט אַ וואָך צוריק. זיין יעדער קנייטש — אויסגעפילט מיט ווײ, מיט תרעומות:

— אל רחום וחנון...

אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

ערשט, פאַרטאָג, ווען די בלאָקייט פונעם אויפגייענדיקן פרימאָרגן האָט געגומען אַריינקוקן דורך די פענצטער, האָט רב אהרעלע געזאָגט:

— שוין.

— מיר גייען.

איז דאָס דאָזיקע גייען געווען אַנדערש ווי נעכטן, ווי אַ גאַנצע וואָך. אַנשטאט וואָס ביז איצט האָט דער קאָזשעניצער געפלעגט שפּאַנען פאַר־אויס און די בחורים הינטער אים, האָט ער איצט אַלעמען געטריבן פון זיך:

— לאָזט מיך אַליין!

און אַזוי, גייענדיק איינער אַליין, הינטער זיינע חסידים, האָט דער רבי געקנייטשט די פינגער, געקנייפּט די באָרד, אַרויסגעברומט פון זיך עפּעס ווייטיקדיקס, עפּעס מרעיש־עולמדיקס:

— הוי־יוי־וויי, יאַ־באַי...

דאָס האָט רב אהרעלע באַגלייט זיין מאַמעס נשמה צום עולם העליון. מ'האָט דאָס געפילט אויף אים. יאָ. בפועל ממש. נאָר געזעגנט זיך מיט דער מאַמע האָט ער נישט. בלויז אין געדיכטן חסידים־געקנאָדער איז ער געגאַנגען נאָך דער מיטה — געגאַנגען מיטן זעלביקן דרך זיינעם ווי־שטענדיק.

די מאַמע איז נפטר געוואָרן, דער קאָזשעניצער „הויף“ פירט זיך ווייטער, ווי עס פירט אים רב אהרעלע קאָזשעניצער.

# די „סראָצקער"

צוויי זענען זיי געוועזן: רב יאָסעלע און רב ברוכשי. דער ערשטער — קיילעכיק, ווייך, שווער־לייביק — דער סראָצקער רבי; דער צווייטער — להיפוך צום ברודער, אַ דראָבנער, מיט קאַסאָקע אויגן — דער סראָצקער מגיד. און ביידע, צוזאַמען, האָבן זיי געטראָגן יאָרן אויף זיך — אַרום די צוואַנציק: רב יאָסעלע — עלף, רב ברוכשי — ניין.

און ביידע זענען זיי געוועזן יורשים נאָך דעם מגיד פון סראָצק: דעם סראָצקער מגידס קינדער.

איז עס פאָרגעקומען אין איינעם אַ טאָג:

די וואַרשעווער נאַלעווקעס זענען איינגעהילט אין מסחר — ווער עס קויפט, ווער עס פאַרקויפט. הו־האַדיק, איילן משרתים פון טראָטואַר צו טראָטואַר, לייגן־פאָר זייער סחורה, חנפהנען פאַרבייגייער איבער דער ברייט פון די „קראַמי־נאַלעווקאָווסקע". און פאַרבייגייער געפינען זיך היינט לרוב אַרום די נאַלעוועקער קראָמען. דער היינטיקער טאָג איז אויסגעפּילט מיט נייגער, מיט טשעקאַוועדיקע בליקן, וועלכע בליצן אַרויף צו דער קעגנאיבערדיקער מויער, צום צווייטן שטאָק פונעם טויער נומער זיבן פון די וואַרשעווער נאַלעווקעס.

היינט איז דער ערשטער טאָג וואָס דעם מגידס קינדער האָבן איבערגענומען די רביסטווא.

דער סראָצקער מגיד! — וועגן אים האָט מען נאָכדערציילט גרויסע וווּנדער:

ער האָט אַרויסגעטריבן אַ דיבוק פון איינעם אַ ייד, דורכן גראָבן פינגער ממש; האָט מחיה־מתים געוועזן; איז געוועזן פאַרבונדן מיטן הימל טאָג און נאַכט.

איצט, נאָך זיין פטירה, האָט עולם מוסמך געוועזן די צוויי עלטערע

זיך, זיי זאָלן פירן טיש נאָכן טאַטן. לכתחילה האָט מען געהאַט ספיקות: צוואָס ביידע? זאָל דער עלטערער אַליין אויסטראָגן דעם מגידס ירושה. מ׳האָט אָבער נישט געקענט דורכקומען. דעם סראָצקערס אמתדיקן ניצוץ האָט מען געזען דווקא אינעם יונגערן, אינעם ניין־יאָריקן רב ברוכשי. איז געבליבן, ווי דער רוב האָט געוואָלט — דעם מגידס נאָמען וועט טראָגן דער יונגערער און דעם עלטערן וועט מען רופן: „רבי" —

דער סראָצקער רבי.

דער סראָצקער מגיד.

זיצן זיי ביידע איצט אין טיפע, ווייכע שטול־געזעסן. אַרום זיי — די סאַמע נאָנטסטע חסידים. אַרום און אַרום — ווייבער, מענער, מיט קוויטלעך, מיט פּדיונות. איטלעכער בעט ביי דעם מגידס יורשים — אַ רפואה, אַ ישועה, אַ גיכע, סאַמע גיכע הילף.

אַזוי איז שוין דער שטייגער ביים מענטש: אמונה. קומט ער צום דאָקטער, דאַרף מען אים האָבן פריער געזאָגט, אַז ער, דער דאָקטער, איז בכוח צו היילן פון אַלע מיני חולאתן. דאַן איז זיין, דעם חולהס טראָט, אַ זיכערער. דער רופא וועט אים אויסהיילן, וועט געפינען אַ רפואה, אָן ספיקות. דאָס אייגענע, ווען מען קומט צו אימעצן פרעגן אַן עצה, הערן אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט. מען מוז האָבן צוטרוי, אמונה אין דעם, צו וועלכן מ׳גיט זיך איבער.

דאָס אַלץ האָט מען געקענט אַרויספילן איצט, ווען דעם מגידס קינדער זענען געזעסן פאַרדבקהטע, אַרומגערינגלט פון בעטנדיקע אויגן. פאַר איטלעכן, פון די חסידים, איז געשטאַנען דער אויסזען פונעם אַלטן מגיד, זיין תחנונימדיקער בליק, זיין געשטעל פון אַ ירא־שמים. האָט דען ווער געספקט אָן דער אמונה צום סראָצקער? מ׳האָט מפורסם געמאַכט זיינע מופתים; געווען זיכער אין זייער אמתדיקייט. ס׳אייגענע האָט זיך געפילט אַרום זיינע קינדער. זיי זענען ממלא־מקום פון טאַטן. זיין גרויסקייט האָט ער געלאָזט אין זיי. האָט געהאַט אויף וועמען זיך סומך צו זיין.

און דאָס דאָזיקע זעט מען טאָקע באַשיינפּערלעך:

דער יונגערער, רב ברוכשי — ערשט מיט טעג צוריק געווען אַ צע־פּיעשטשעט קינד, אַרומגעלאָבוזט מיט יינגלעך איבער די נאַלעווקעס —

איצט האַלט ער פאַרטראַכט זיין קאָסע־אויג אין אַ פאַרשריבן שטיקל פּאַ־פיר, וואָס אַ חסיד האָט אים דערלאַנגט. וואָס זעט ער, דעם מגידס קינד, אינעם שטיקל פּאַפּיר? זיכער לייענט ער אַרויס פון דאָרט די תרעומות, וואָס עס האָט געהאַט צו אים דער חסיד, בשעת ר׳האָט אַרומגעשטיפּט מיט די יונגען אין גאַס. איצט שטייט פאַר אים, דעם שטיפער, יענער ייד, יענער חסיד דעם טאַטנס, שטייט מיט האַרצקלאַפּעניש פאַר דעם מגיד — פאַר דעם סראָצקער מגיד. און דאָס מוז פילן דאָס קליינינטשקע בחורל, מוז ווערן באַהערשט מיטן טאַטנס גייסט.

און —

„אַ רפואה שלימה זאָל האָבן דיין זון... דיין זון״...

רב ברוכשי פאַרהיקעט זיך. רב יאָסעלע העלפט אים אַרויס. דער חסיד גייט אַהיים אַ צופרידענער. איבערן וועג דערציילט ער אַלעמען:

— יידן! בעלי־מופתים! ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען? ערשט נעכטן געווען אַזעלכער און היינט... יי־ד־ן, אוי, יי־דדד־ן!...

***

רב יאָסעלע, רב ברוכשי, רב מרדכילע, רב פישעלע — פיר ייִנגע־לעך האָט ער געהאַט, דער סראָצקער מגיד. און ווען ר׳איז נפטר געוואָרן האָט די רביצין געהאַלטן אין טראָגן מיטן פינפטן. און אַלעמען האָט מען גערופן מיט „רב״. —

— רב אהרעלע איז געבוירן געוואָרן.

איז גרויס געוואָרן די שמחה צווישן עולם: דעם מגידס נאָמען איז ווידער צווישן אונדז... רב אהרעלע סראָצקער איז ווידער געבוירן...

וואָס־עלטער ס׳קינד איז געוואָרן, אַלץ שטאַרקער איז געווען דאָס געדראַנג אַרום די סראָצקערס טיש. וואַרשעווער יידן — מיט בערד, אָן בערד — האָבן געדריקט זייערע עלנבויגנס אויף אַ טיר־אָנהענג; זיך געמאַטערט שבתים, כדי צו זען, פונדערנאָנט, די פּנימלעך פונעם סראָצ־קערס קינדער. אַלע האָבן זיי אויסגעפּילט דעם אויבן־אָן — אייגעהילט אין זייד, מיט קאַלפּיקעס אויף די קעפּ. האָט זיך פון דעם דאָזיקן אויבן־אָן אַראָפּגעפּילט די קדושה אַליין. אַ דערהויבנקייט, וואָס איז אַריינגע־

דרינגען אין איטלעכן, ווער נאָר ס׳איז געווען דורכגענומען מיטן אַוויר פון די קינדערס טיש פירן. —

יה אכסוף, אכסוף נועעם ששבבבת...

און אַלע צוזאַמען, אַלע יידן, צאַפּלען מיטן אָטעם איינהערנדיק זיך צום קרעכצן, וואָס עס קרעכצן אַרויס פון זיך די צוויי קינדער פונעם סראָצקער מגיד.

איז עס דען געווען סתם התנצלות, אָן־תוכנדיקע העוויות פון שפּילנ־דיקע קינדער? — זייער יעדער באַוועג, אַרום טיש, האָט איבערגעלאָזט נאָכצוטראַכטן, האָט אָנגעפילט מיט גוטע הבטחות איטלעכן ייד, יעדן איינעם, וואָס האָט דעם שבת אַוועקגעשענקט דעם סראָצקערס קינדער.

און ס׳אייגענע, אין די וואָכן־טעג:

סתם־יידן און יידן־חסידים זענען געקומען צו די סראָצקער רבילעך, אָפּגעשטאַנען הינטער זייער טיש שעהן, געוואַרט, צו ווערן אַריינגעלאָזט אין זייער חדר־מיוחד.

און זיי אַליין? — דער עלטערער, שוואַר־באַוועגלעך, אַרומגעקיילע־כיקט, נישט לויט זיינע יאָרן, ער האָט געדרעמלט שעהן־לאַנג אין אַ טי־פער סאָפע. זיך געמאַטערט אין דער איינזאַמקייט, וואָס מ׳האָט פאַר־וויקלט זיין יינגלשקייט. דערפאַר האָט דער צווייטער, דער מגיד, נישט גערוט במשכן טאָג. די ליידיקע מינוטן אויסגעפילט מיט שפּאַנען אויף־און אָפּ, אַ שפּאַנען, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין אַן איילינק לויפן אי־בער דער לענג פונעם בית־המדרש.

האָט דאָס דאָזיקע געוועקט צו אים מער חשיבות. —

אייביק פאַרטאָן, פאַרדבקהט...

אַזוי האָט מען געזאָגט, וועגן אים, רב ברוכשין.

און אינדעראמתן:

קוים זיך דערוואַרט, אַז דער אָוונט זאָל צופאַלן איבער די נאַלעוו־קעס, זאָל פאַרטונקלען די וואַרשעווער גאַסן — האָבן ביידע ברידער, כּאַרזונקען די קעפּ אין טיפע, פלושענע קאַפּעלושן, זיך אַוועקגעלאָזט צו דער מאַרשאַלקאָווסקע, צו די יערוזאלימער אַלייען — אַוועק פון דער יחידות, וואָס מ׳האָט אַרויפגעצוווּנגען אויף זיי.

דעם סראָצקער מגידס קינדער!

וואַרשעווער יידן האָבן הנאה געהאַט פון די דאָזיקע ווערטער, גע־וען צופרידן זיך צו שפּילן מיט די קינדער, צו גלעטן וועלכעס פון זיי.

— רב מרדכילע, ווינטש מיר אַ רפואה־שלימה...

— רב פישעלע, איך וויל היינט האָבן אַ מזלדיקן טאָג...

— רב אהרעלע, דיין זכות זאָל מיר ביישטיין...

און קינדער האָבן געטרייסלט מיט די קעפּלעך, געציפּט די באָרד פונעם התלהבותדיקן ייד, אים צוגעוווּנטשן אַלץ — פאַר איין טאָרבעלע מיט אייזקרעם.

און אין וואַרשעווער „יענע גאַסן״, אין שפּעטע בין־השמשותן, האָבן געשפּאַנט די צוויי עלטערע ברידער, פאַרטאָן אין מתיקות פון אַ רוישי־קער, לופטיקער וועלט.

וואָס פאַר דער נשמה — געהער דער נשמה און וואָס פאַר דעם גוף — מוז מען געפינען פּאַסיקס פאַר אים.

און אַז די סראָצקער רבילעך זענען עלטער געוואָרן און אַז עס האָבן גענומען שפּראָצן אַרום זייערע גאָמבעס ווייכע הערעלעך — דאַן האָט זיך די התלהבות ביי וואַרשעווער יידן גענומען איינשטילן, גענומען ווערן קילער צו זיי.

פאַר אַ ווונדער ווערט באַטראַכט נאָר אַזוינס וואָס איז בכוח צו זיין אַנדערשדיק ווי דער אַרום, בכוח זיך אַרויסצוהייבן פונעם המון. און אויב ווערט דאָס דאָזיקע ווונדער אַ וואָכעדיקייט הערט מען עס אויף צו באַ־ווונדערן.

ס׳אייגענע איז געווען מיטן סראָצקער מגידס קינדער — רב יאָסע־לע און רב ברוכשי. זענען זיי עלטער געוואָרן, האָט מען דערזען אויף זיי ס׳אייגענע, וואָס מען זעט אויף אַ צווייטן וואַרשעווער חסידישן רבין. זייער יונגקייט האָט געלאָקט, געדופן — די סראָצקער רבילעך באַווייזן מופתים! איצט — קען מען באַקומען אַ ישועה פון איטלעכן רבין, פון איטלעכן „גוטן ייד״...

אָבער דעם סראָצקער מגידס קינדער — אַלע — רב יאָסעלע, רב

ברוכשי, רב מרדכילע, רב פישעלע, רב אהרעלע — אַלע זענען זיי גע־גאַנגען אין טאַטנס דרך, אָפּגעהיטן דעם סראָצקער סדר ביז דער לעצטער מינוט.

כאָטש דער עלטסטער האָט שוין געטראָגן אויף זיך די חופּה־יאָרן און דער ייִנגסטער — קוים פיר יאָר.

די סראָצקער רבילעך האָבן געהאַט זייערע חסידים — פאָלקס־יידן פון די וואַרשעווער נאַלעווקעס־און זאַמענהאָף־גאַסן.

# אַ שידוך

נאָך דעם ערשטן שמועס מיט שיען איז קלמן געקומען צו דער מסקנא, אַז עס איז אַ גלייכע זאַך: דער בחור אַ לערנער, אַ ווילער בחור און ס׳מיידל — אַ מזג־טוב. באמת, אַן ענין צום אויספירן. שיע — אַ בעל־פּרנסה — וועט דעם בחור מלביש זיין, געבן קעסט און ס׳מיידל וועט זיין אין מסחר. און קלמן? פון אים וועלן ביידע צדדים זיין צופרידן. ווייל נישט דער עיקר איז איצט שדכנות — דאָס וועט זיין מיט אַן עודף. מיט שיען גייט ער צוזאַמען אויף שמחות, פאָרט צוזאַמען צום רבין — דאַרף מען דורכפירן פאַר אַן אייגענעם, אַ ידיד, אַן ענין צום געדענקען.

— האָב זשע מיר אַ גוטן, שיע — האָט קלמן אַ וויש געטאָן די מזוזה און אַרויס אויף דער גאַס.

פון סמאָטשע ביז קאַרמעליצקע איז — פאָלג מיר אַ גאַנג: דורכצושניידן גאַסן, ראשיקע, טומלדיקע. קלמן פילט אָבער אַ יונגקייט אין די טריט. איצט איז דער וועג אַ זיכערער. אַ גלייכע זאַך צום אויספירן. זיין באָרד און פאות — איין שטיק ווינט, איין שטיק צאַפּל. נישט סתם אַ שידוך גייט ער איצט דורכפירן, נאָר — מהנה זיין אַ ידיד. און וואָרום־וואָס: נאָכן אַראָפּוואַרפן דרייסיק פון זיינע זעקס צענטליק יאָר, בלייבט ער אַן אויסגעליידיקטער, קלמן. אַ האַלב לעבן אויפגעטאָן גרויסע זאַכן, ממש ווונדער. מזווג געווען זיווגים. מצוות נאָך מצוות. איצט, ביי דער עלטער — מיטן איצטיקן שידוך וועט ער נעמען אָפּרוען, נעמען דעם גלייכן וועג צום ספר. וואָסי. האָט ער זיך נישט פאַרדינט? זיצן איבערן חידושי הרי״ם, איבערן שפת־אמת, זיצן אין שטיבל ווינטערדיקע אָוונטן — געהער דאָס טאַקע נישט צו אים?

דער ווינטיקער פראָסט האָט דורכגעשניטן די געלעכערטע שטיוול, זיך איינגעשניטן אינעם פאַרדאַרטן לייב. אַרום די טריט — אייזיקע

בערגלעך. אונטערן צעקנאָדערטן פּאָלטן — אַ זקנהדיקע קעלט, וואָס עס קאָן נאָר פאַרטרייבן אַן אויסגעהייצטער בית־המדרש־אויוון, אַ צעפּאַרעט גלאָז טיי מיט צימרינג, ווי זיין ידיד, שיע, האָט אים מכבד געווען מיט אַ שעה צוריק.

און ווי לאַנג עס ציט זיך דער וועג פון סמאָטשע ביז קאַרמעליצקע, פון שיען ביז צום בחור, וואָס זיצט אין שטיבל, לערנט!

קלמן האָט פאַרגיכערט די טריט. קיין סך מי וועט ער נישט דאַרפן אָוועקלייגן. אַ שמועס טאָן מיט גאָדלען — און דער ענין איז אַן אויסגע־פירטער.

אַריינגעקומען אין שטיבל, האָט אַ שפּאַר געטאָן אויף אים וואַרעמ־קייט, אַ חיותדיקע פּאַרע, וואָס איז געקומען סיי פונעם צעהייצטן אויוון און סיי פונעם לאַנגן טיש, וואָס איז געווען אויסגעפּילט מיט פּילפּול.

אַ ווײַלע האָבן בחורים אונטערגעהויבן זייערע פּנימער און, גלייך, זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט איבער דער גמרא, איבער די מפרשים.

קלמן האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. פונעם ווינקל אַרויס גע־קראַצט די באָרד, געפינטלט די אויגן צום קעגנאיבער, וו עס האָט זיך געקנייטשט גאָדל: — אַ בחור אין די צוואַנציק, האָט מען אים געקאָנט געבן נישט מער, ווי זעכצן, זיבעצן יאָר.

— זיי־זשע־מוחל, גאָדל — האָט קלמן פאַרמאַכט אַ פינגער, אים צוריק געעפנט.

גאָדל האָט נישט געדאַרפט מפסיק זיין. מיטן שדכנס אַריינקום האָט ער דערפילט, ווי די גירסא איז אים אַרויס פון קאָפּ, פאַרשווינדן פון מוח. דאַן האָבן די דינע פּאה־פּלעקלעך זיך גענומען איינקאָרטשען, איינציען, זיך באַזעצט אַהינטער די אויערן. איז אַ בחור אַ מתמיד. און ווען ר׳האַלט אין שידוכים דאַרף ער זיך אויסמענטשלען, באַקומען אַ לייַ־טישן אויסזען.

איז ער צו, מיטן גמרא־ניגון, צום שדכנס ווינקל:

— מיך האָט איטץ געדאַרפט, האַ? אַ גוט מאָרגן!

— זיך, זיי־זשע־מוחל.

קלמן האָט אַ גלעט געטאָן גאָדלען איבער איין באַק, איבער אַ צווייַ־

טער, געטאַפּט די פרישקייט אויף זיין פּנים, ווי אַ פּראָווינצער סוחר טאַפּט־אַרום אַ שטיקל זיידנס.

גאָדל האָט זיך גערויטלט, זיך געהיצט — צי פונעם הייסן אויוון, צי פון קלמנס הייסע הענט. ער איז געווען צופרידן.

דערנאָך זענען ביידע אַרויס פון שטיבל.

— וועל׳מיר אַריבערגיין צו רב יהושיען, יאָ, גאָדל?

געמיינט האָט קלמן דערמיט צו זאָגן, אַז ס׳וואָלט באמת כדאי גע־ווען אַראָפּצופּאַרטיקן דעם ענין.

— און מיט דער מאַמען האָט איטץ שוין געשמועסט? — איז גאָדל געווען טשעקאַווע צו וויסן.

וואָס־וואָס — נאָר דער בחור דאַרף אויך האָבן די הסכמה פון דער מאַמע זיינער. אמת, דאָס מיידל, וועגן וועלכער ער הערט איצט, וועט זיין טאַקע גאָדלס ווייב. די מאַמע דאַרף אָבער אויך מסכים זיין, צו וועלן זי פאַר אַ שנור.

קלמן, אָבער, פּטרט אָוועק ס׳אַלץ מיט אַ ביטולדיקן קנייטש:

— די מאַמע וועסטו רופן צו דער חופּה...

איז דער שניי געוואָרן בלאָ, דער הימל — אַ באַשנייט שטיק סאַ־מעט.

דעם שדכן האָט געוואָרפן אין קעלט. ער פאַרשטייט — הכנות ערב־חופּה־פּירן, הכנות ערב־נדן־אויסצאָלן. היינט אָוונט דאַרף מען נישט מאַכן קיין הכנות. מען דאַרף בלויז אָפּשמועסן דעם זמן...

— פאַרשטייסטו מיך, שיע — האָבן פון קלמנס אויגן אַרויסגע־לויכטן דער קופּערנער הענג־לייכטער, די עלעקטרישע לעמפּלעך און אַלץ, וואָס האָט געבלאַסקעט איבערן געדעקטן טיש — מאַך נישט קיין שהיות, שיע: ט׳האָב איך דיר געברענגט דעם בחור, נעם און שמועס־אָפּ...

נאָר אָפּשמועסן וועט מען נישט. אַ גאַנצע מסכתא קידושין האָבן געשאַפן אונדזערע חכמים, זיך געפּילפּולט און געפירט מחלוקתן, ווי אַזוי צו פאַרקנסן אַ יונג פּאָר — קומט קלמן און גאַרנישט.

— זאָלן זיך די קינדער פריער דורכשמועסן, קלמן, פריער זיך גע־פעלן... דו פאַרשטייסט דאָך אַליין... ווער־ווער — נאָר אַ שדכן...

— רעדסט שטותים — האָט קלמן אַוועקגעשאַרט דעם כיבוד און זיך צוגעזעצט צו גאָדלען.

און גאָדל?

אַ פּלאָם, וואָס האָט געבריט פון די פּאות ביז די פּיס־נעגל. פונוואַנען איז ער געקומען, דער פּלאָם? ערגעץ פון אַ ווינטל, וואָס האָט געבלאָזן איבער די ווענט, איבערן טיש, געהיצט אויף זיינע באַקן.

פייגעלע האָט געטיילט כיבוד צו שטיבל־יידן, צו שכנים. פייגעלע, די ערב־כלה.

גאָדלס ליפּן וואַרפן פון זיך פּסוקים, זיינע אויגן — הייס אַש. אָט־אָט וועט ער אַ שליידער טאָן די מאמרי־חז״ל צום מחותן און זיך איינגאַנצן — אַ שליידער טאָן צו פייגעלען, צו דער שמייכלדיקער, אָט, צו דער...

— איז אַ פּלוגתא צווישן די מקילים און מחמירים... זאָגן די בית־שמאי. האַ, גאָדל, וואָס זאָגן זיי?

— שיע, אַ סוף דערצו! — טרייסלט זיך אויף זיין בענקל קלמן — הער שוין אויף...

די טיר האָט זיך געעפנט. גאָדלס מאַמע איז אַריינגעקומען. קלמן וואָלט געשווירן, אַז די יידענע איז בכלל דאָ אַן איבעריקע זאַך. צו־רעכט מאַכן וועט זי גאָרנישט. זיכער נישט. אויף קאַליע מאַכן קאָן ער שווערן.

— זיצט — האָט מען דערלאַנגט דער מאַמע אַ בענקל.

און ביים ערשטן בליק, וואָס די מאַמע האָט געוואָרפן פונעם זון צו פייגעלען, האָט זי גלייך באַשלאָסן: דער שידוך איז נישט פאַר איר.

דאָס האָט דערזען דער שדכן. ער האָט געזען ס׳טיפע שייטל וואָס האָט זיך זייער טיף אַראָפּגעזעצט איבערן ווייבלס שטערן, געזען די בייזע מינע, וואָס האָט געוואָלקנט אַרום אירע איינגעפאַלענע באַקן.

— הערסט, גאָדל — האָט די מאַמע זיך נענטער צוגערוקט צום זון — כ׳האָב אויסגעהייצט ס׳אייוועלע, קום אַהיים.

— און ס׳מיידל?

— מיר געפעלט זי נישט.

— באַלד, מאַמע.

באַלד האָבן זיך ביידע, גאָדל און פייגעלע, געפינען אין אַ באַזונדער שטיבל; באַלד האָט גאָדל געציילט די לאָקן אויף פייגעלעס קאָפּ.

די שטוב איז געווען אויסגעפּילט מיט שענק און בעטן, מיט מאַסי־ווער אַלטקייט.

און פייגעלעס בליק איז געווען אַ פרישער, אַן אָנשטעקנדיקער.

— מאָרגן גיי איך אין קאַמינסקיס טעאַטער — האָט זי פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן.

און געזאָגט האָט זי דאָס, כדי מזהיר צו זיין גאָדלען: אויב וויל ער ווערן איר חתן וועט ער מוזן...

איז ער דען נישט גרייט געווען אַלץ צו טאָן, כדי פייגעלע זאָל ווערן זיין כלה? ער קאָן נאָך ערגערס טאָן, ווי גיין אין טעאַטער —

אַ בליק צו דער טיר, אַ בליק צום פענצטער — און ער ליגט אַרי־בערגעבויגן איבער פייגעלעס שטול.

— שוין? — ווערט זיך ס׳מיידל — ביים ערשטן מאָל און שוין...

אַ פלאַם האָט זיך געטראָגן איבער דער פאַרמאַכטער שטוב, אַ פלאַם, וואָס האָט דערגרייכט צום שדכן, דערגרייכט צו דער מאַמע: זאָלן זיי יאָ וועלן, זאָלן זיי נישט וועלן — גאָדל גייט מאָרגן אין טעאַטער מיט פייגעלען...

— נו, וואָס? — האָט שיע, נאָך זייער צוריק אַריינקומען, אַ גלעט געטאָן די טאָכטער.

— נו, וואָס? — האָט די מאַמע געפרעגט ביי גאָדלען.

און קלמן? ער האָט זיך געזעגנט אַן איבריקער. ווייל נישט אָן שדכנות איז אים געגאַנגען. ס׳איז אים געגאַנגען אַ טובה צו טאָן דעם ידיד. חתן־כלה געפעלן זיך. איי, די מחותנתטע האָט געהאַט אַ קרום אויף דער נאָז; שיע וויל וואָס־מער פּילפּול פון איטשען —

דער שידוך איז אַ גלייכע זאַך. בנאמנות. זאָל גאָט העלפן, אַז ס׳פּאָר זאָל גיין אויפן גלייכן וועג.

— האָטץ מיר אַ גוטע נאַכט — האָט קלמן אָפּגערוקט ס׳בענקל;

די הויפּט־מחותנים, האַלט איך, זענען איצט חתן־כלה; נו, זאָגטע הויך, נו...

גאָדל האָט פאַרקוועטשט די פאות טיפער הינטער די אויערן, זיך געלאָזט מיט דער מאַמע צום אַרויסגאַנג.

אייזיקע שנייעלעך האָבן געשרפעט די נאָז, די באַקן, זיך געשמאָלצן אויף גאַדלס הייסן פייער.

# חתן־כלה

היינט קומט פאַר אַ „באַדעקנס" אויפן הויף.

היינט איז פרייטיק.

זענען פאַנאַנדערגעפּראַלט טירן־פענצטער. שמועסט מען זיך דורך פון באַלקאָן צו באַלקאָן: —

היינט איז אַ חופּה.

שאַ.

אַ נידריק בחורל, איינגעהילט אין אַ ברייטער יופּיצע, באַדעקט מיט אַ טיפן קאָלפּיק, שפּאַנט איבער די טרעפּ פּאָראויס; הינטער אים — יידן, יידענעס. די כלה צווישן זיי.

דער ערשטער טאָג וואָס זיינוול פילט אין זיך דעם יש, דאָס, וואָס ר׳האָט ביז היינט נישט געהאַט: דרך־ארץ.

וויל ער, אַז פון מינוטן זאָל ווערן שעהן — פיל שעהן. זיינוול האָט נישט אין זיך קיין גאווה. חלילה. זיין גאַנצער תוך איז — עניוות. אַזוי אין שטיבל צווישן די בחורים, אַזוי — אין בית־המדרש ביים רבין. עולם־הזה איז נאָר אַן עבר. כחרס הנשבר. דער עיקר איז — דער עתיד. און צום עתיד מוז מען מאַכן הכנות. באַטראַכטן דאָס פאַרבייגייענדיקע פאַר אַ צוגרייטונגס־אָרט, פאַר אַ קאָרידאָר צום פאַרנעמען דעם אויבן־אָן.

דאָס איז זיינוולס צוגאַנג צום לעבן: נישט זען דאָס אויסערלעכע. מען דאַרף אַריינטראַכטן אין תוך און דער תוך איז — כולו שבת.

איצט דערמאָנט ער זיך דאָס אַלץ, איצט, ווען מען פירט אים צו דער חופּה.

און נאָך דער חופּה ווערט ער באַלעבאָס ביי זיך אין שטוב; ווערט ער אַ זיצער ביים רבינס טיש.

ווי גיך דאָס אַלץ גייט פאַרביי. אַכצן יאָר מאַכט ער הכנות צום

היינטיקן טאָג. ער געדענקט זיי, די הכנות: פונעם וויגל, ביזן גיין אין תלמוד־תורה, אין ישיבה — אומעטום האָט אים באַגלייט דער מאַמעס רצון: —

זאָלסט מגודל ווערן צו תורה, צו חופה...

און אַט, פירט מען אים צו דער חופה, אים, דעם בחור פונעם רבינס בית־המדרש.

וויל ער, עס זאָל געדויערן נאָך אַ מינוט, נאָך צוויי — אַ שעה. וואָס איילן זיי זיך אַזוי, די אונטערפירערס? זיינוול וויל נאָך מדקדק זיין אין רעיונות, וויל אַריינגיין אין זיין נייעם לבוש — אַ כולו תמים.

און דער רבי, דער מסדר־קידושין — ער איז נאָך נישט געקומען.

— באַלד, מאַמע — בעט זיך דער חתן, שטייענדיק אויפן הויף — באַלד, דער רבי קומט גלייך.

איז די מאַמע מסכים, טוענדיק אַ פייכטן בליק אויפן זון:

— לאָמיר צווואַרטן.

און הינטער זיי — אונטערפירערס, מחותנים, קוקן אויפן הימל, בעטן זיךביים חתן:

— דער שבת רוקט־אָן.

אויך די כלה איז אומגעדולדיק. פאַר איר איז דאָס אַלץ אַן עול. אַראָפּגעפּטרט און שוין. צוואָס אַזויפיל וואַרטן? ביי אירע קרוב צו דריי־סיק יאָר האָט זי איינגעסדרטע טעג, ווייס זי, מיט וואָס אויסצופילן יע־דע שעה, יעדע מינוט. אָנהייב וואָך מאַכט זי פּאַרטיק דעם סדר השבוע. אויך היינטיקע וואָך איז ביי איר איינגעסדרט: זונטיק באַשטעלן ס׳גע־בעקס ביים בעקער אויף אַ גאַנצער וואָך; מאָנטיק אָפּצאָלן די חובות און דינסטיק מוז זיין אויסגעפילט דאָס קרעמל מיט אַלדאָס־גוטס. זאָלן די קונים האָבן ביי איר וואָס צו קויפן; זאָלן זיי פילן, אַז אסתר איז אַ ליי־טישע סוחרטע. די איבעריקע טעג שטייט זי פאַר דער בויד, רופט: —

פרישע בולקעס! געוועגזלטע הערינג! שמעקנדיקע פּוטער!

אַלץ איז דאָ אין איר קרעמל. מיט אַלעם האַנדלט זי.

אסתר געפינט זיך אין בויד פון פריען פאַרטאָג ביז שפּעטער נאַכט. זי היט־אָפּ איר פרנסה. שוין חדשים. יאָרן. איינע אַליין איז איר שווער די

אַרבעט. זי וואָלט צוגענומען אַ שותפטע, האָט זי מורא, אַז עס וועט נישט זיין גענוג פאַרביידן. ווען זי האָט אַ קרוב, וואָלט עס גיכער געלוינט. אַ קרוב וועט איר נישט באַגנבענען. יאָ, ס'וואָלט כדאי געווען צו טראַכטן מכוח דעם.

איז זי געקומען צום שכל, אַז עס וואָלט כדאי געווען צו זוכן אַ שותף — טאַקע אַ מאַן; חתונה האָבן און שוין.

זי וואָלט שוין פון לאַנג חתונה געהאַט, אסתר, איז אָבער נישט גע־ווען קיין צייט און, חוץ מזה — שדכנים זענען נישט געקומען צו איר:

אסתרס קראָם איז טאַקע אַ פּרנסה־געשעפט, נאָר — זי אַליין — אויף איר זענען נישט דאָ קיין בעלנים...

אַזוי האָט מען געזאָגט וועגן איר, געזאָגט און געווען זיכער, אַז — אסתר וועט שוין אַזוי זיצן, ביז ביי אימעצן וועט שטאַרבן ס'ווייב; ביז אימעצער וועט ווערן אַ גרוש...

איז אונטערגעקומען דער שידוך מיט זיינוולען. האָט זי אַריינגע־שטעלט אין איר היינטיקן וואָך־פּלאַן, אַז, חוץ, וואָס זי דאַרף זיין אין אירע איינגעסדרטע טעג ביי די סוחרים און אין קראָם, מוז זי דעם פריי־טיקדיקן טאָג באַפרייען, כדי צו גיין צו דער חופה.

— הערסט, טאַטע, פּטר מיר נישט קיין וואָך; לאָמיך האָבן ווען אויסצורוען, כדי זונטיק צו קאָנען זיין אין בויד!

די מחותנים האָבן מסכים געווען און ס'איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז פרייטיק מאַכט מען ס'אונטערפירעכץ.

איז געקומען דער פרייטיק. זענען געקומען מחותנים. האָט מען אַלץ פאַרטיק געמאַכט.

נאָר דער חתן טרעט נישט אָפּ פון ס'זייניקע:

— צוואָס איילט מען זיך אַזוי? אָט, קומט ער, דער רבי, אָט באַלד...

און די שקיעה רוקט זיך אונטער.

וואַרט מען אויפן הויף. וואַרטןביידע צדדים. און פון פענצטער צו פענצטער רעדט מען זיך איבער:

— ווי געפעלט אין דער חתן?

— דער חתן יאַק דער חתן, אָבער די כלה...

— כאַ־כאַ־כאַאַ! — שניידט דורך דעם חלל אַ הילכיק געלעכטער. און אינדעראמתן:

זיינוול און אסתר, ווי אַ מאַמע מיט אַ זון; לגמרי נישט פּאַסיק צו חתן־כלה.

דאָך — זיינוולען אַרט עס נישט. און אפשר וואָלט ער יאָ מעיז געווען קעגן דעם שידוך, האָט ער זיך אָבער סומך געווען אויף דער מאַמע, אויפן רבין: —

וואָס זיי וועלן זאָגן, וועט זיין גוט. זיינוול איז נישט קיין מבין אויף אַזעלכע זאַכן. ביי זיינע אַכצן יאָר איז ער אַ בן־בית אין פּיאסעטשנער בית־המדרש, פאַרברענגט ער זיינע טעג אין שטיבל, צווישן בחורים. אַז ער דאַרף חתונה האָבן, דאָס וויס ער. נאָר וואָס דען — דער רבי מוז זיין מסדר־קידושין! בפרט, דער רבי האָט מבטיח געווען. איי, פאַרוואָס קומט ער נישט...

ביי זיינוולען אין מוח פּלאָנטערן זיך מחשבות. איינע יאָגט איבער די צווייטע. מסתמא איז אַזוי זיין רצון. אצבע אלוהים...

און פּלוצלינג:

ער געפינט זיך אונטער דער חופּה.

דאָס האָבן צוגעגרייט די אונטערפירערס. נישט כדאַי צו וואַרטן. דער שבת רוקט־אָן. האָט מען, אין געאייל, פאַנאַנדערגעשטעלט די דרענגער, פאַנאַנדערגעשפּרייט דעם לייוונטענעם צודעק אוןביידע — חתן־כלה — זענען שטייען געבליבן ביינאַנדער.

זענען אַלע געווען צופרידן. אויך זיינוולס מאַמע. אויך אסתרס טאַטע. זיכער וועט דער רבי קומען צו שבע־ברכות. און איצט דאַרף מען נישט פטרן קיין צייט.

האָט דער הויף געשמייכלט אונטער דער חופּה אַרונטער. האָט דער חתן זיך געדרייט אַרום דער כלה. זיבן מאָל ווי דער דין איז. האָט אסתר אַלע ווילע געוואָרפן אַ בליק אויף זיינוולס פאַרטרערטע באַקן. זיי זענען איר געפעלן געוואָרן. אַ יונגער חתן. וועט זיין צו איר אַ גוטער מאַן און אַ שותף צום פּרנסה־געשעפט. און זיינוול האָט אַריינגעכליפּעט אין דער ברודיקער פאַטשיילע אַריין. דאָס איצטיקע וויינען איז נישט גע־

ווען קיין התנצלות, קיין מחילה בעטן פאַר חטאים, נאָר — וואָס טוט זיך אַרום אים? פאַרוואָס האָט מען נישט געוואַרט נאָך אַ ווײַלע, אַ קליינע ווײַלע, האַ, פאַרוואָס?...

דער חתן האָט נישט געהאַט ווען צו טראַכטן. אימעצער האָט אונטערגערוקט אַ גלאָז אונטער זיינע פיס. און פון אַלע הויף־פענצטער, מיט אַמאָל, האָט אַ הילכיק געשריי צעשפּאָלטן דעם חלל:

— מ־ז־ל ט־ו־ב!

אַ דערשראָקענער, האָט זיינוול איינגעשטאָכן זיינע פאַרווייַנטע אויגן אָן דעם צעדרויבלטן גלאָז. געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט נאָך דעם, ווי ר׳האָט אַרויפגערוקט ס׳קידושין־רייפל אויף אסתרס אַ צעדראַפּעטן פינגער.

— זאָל זיין מיט מזל, חתן!

— אין אַ מזלדיקער שעה!

דאָס „באַדעקנס״ איז פאַרענדיקט. דער הויף לאַכט מיט צעשטשירעטע ציין. אסתר האַלט פאַרקוועטשט אירס אַ שווערע האַנט אונטער זיינוולס אָן אָרעם. זי האַלט אים, ווי אַן איינגעהאַנדלטע זאַך, אַ חפץ צום פאַרקויפן אין איר בויד. און זיינוול כליפעט. ער ווייס נישט וואָס אַרום אים איז פאָרגעקומען; פאַרוואָס מ׳האָט זיך אַזוי געאײַלט — אַז מ׳האָט אים צעשטערט זיינע רעיונות; אַז דער רבי איז נישט געקומען צו דער חופה...

# אַ גאַסט פון אַמעריקע

גאַנצע טעג — זומערס, ווינטערס — האָבן דורכן קעלער־פענצטער פאַרבייגעשוועבט פיס: טייל די ברייט פון גאַנשערס און טייל — פלעשל־דיקע, שמאָלע, קורצע; מיט העלזער, אָן העלזער; באַשיכטע, באַשטיוולטע און באָרוועסע.

פיס, וועלכע האָבן פאַרשטעלט דעם הימל, פאַרשטעלט די זון, גע־שווינדלט איבער ווייס־געקאַלעכטע ווענט, באַוואָרפן מיט שאָטנס דעם צעהאַקטן קעלער־דיל.

האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרליידן זי, יענטל:

— אַ חשכות אין שטוב, אַן אומגעוויינלעך פינצטערניש!

— וואָס־זשע קאָן איך דיר העלפן, מיין טאָכטער? — האָט חיה־שרה, זיצנדיק אויפן בעט, געקראַצט מיט פינף פינגער אונטערן שייטל.

— אוודאי קאָנסטו נישט העלפן — האָט זיך יענטע צעקידערט — אָבער דער טאַטע קאָן שוין יאָ העלפן!

געמיינט האָט זי דערמיט צו זאָגן:

אַז מ׳האָט אַ טאַטן אין אַמעריקע, דאַרף מען נישט וווינען אין אַ פינצטער קעלער־לאָך; מוז מען זיך נישט אויסקוקן די אויגן נאָך אַ חתן. יענטע:

צוויי צעפּלעך איינגעטונקענע אין נאַפט; איר פנים, ווי אויסגע־שמירט מיט שוואַקס; דער צוזאַמענשטעל — אַ וואַרפנדיקע נכפה.

די מאַמע ווייס, אַז יענטל האַלט שוין ווייט נאָך די צוואַנציק; אַז — שוין לאַנג צייט געוועזן צו האָבן פון איר נחת.

נאָר זי אַליין: ווו אַ יונג אין געסל, ווו אַ פּאָר גלאַנציקע שטיוועלעך — זי קאָקעטירט איר שמאָל קליידעלע, איר איינגעפּרעסט פיגורל:

— אַ שיינער פילעם שפּילט היינט...

מעג זי דער יונג נישט נעמען אין קינאָ, מעג ער לאַכן פון איר אַרויסשטאַרנדיק האָרץ — זי טרעט נישט אָפּ פונעם טראָטואר, וואַרט אויף אַ צווייטן, אויף אַ דריטן.

און קיינער פון די געסל־יונגען וויל נישט גיין מיט איר שפּאַצירן: אַ פּאַדלע.

אַזוי רופט מען זי. און איר אַרט עס נישט. וואַזשנע מענטשן! זי טראַכט גאָרנישט חתונה צו האָבן מיט זיי. נאָר וואָס דען? אין קעלער איז פינצטער, דושנע. גייט זי אַרויס פאַרן טויער אַביסל אָפּעטעמען, דורכלופטערן. מער גאָרנישט. און אַז עס לויפט אונטער אַ יונג, כאַפּט זי ביי אַ האַנט, ביי אַן אַקסל, קנייפּט־איין זיינע פינגער אין איר פלייש, דאַן — הילכט דער אוויר פון אירע קולות, געשרייען, אויסגעמישט מיט געלעכטער און ירגזונדיקן קוויטש:

— אַ נכפה אין דיינע ביינער אַריין... ממזר... מ־מ־ז...

פון איר שרייען אַרויס הערט זיך אַ צופרידנקייט, אַזוינס, אויף וועלכן זי וואַרט שעהן לאַנג.

דערנאָך לאָזט זי זיך אַראָפּ איבער די קעלער־טרעפּ, שטעלט זיך אַוועק ביים צעבראָכענעם וואַנט־שפּיגעלע, שטייט, באַטאַפּט מיט איר בליק דעם גלאַנץ אויף די באַקן:

— אַן אויספּליקעניש אויף אים! — די גאַנצע פּאַרב אַרויסגע־ברענגט אויפן פּנים...

און לויפט ווידער אַרויס אויף דער גאַס, וואַרט ווידער ביז אַ יונג וועט פאַרביילויפן.

אַזוי טעג, ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

און ביי דער מאַמען איז דאָס געוואָרן אַ רגילות: אַז אַ מויד האָדער־וועט זיך אָן אַ טאַטן — קאָן דען דערפון עפּעס בעסערס אַרויסוואַקסן?

שוין כמה יאָרן וואָס אהרן געפינט זיך אין אַמעריקע. אַוועק אָן אַ גוטן טאָג. בלויז מיטגענומען טלית און תפילין. איז יענטל דאַן אַלט געווען אַ יאָר צוועלף, אָדער דרייצן. געזאָגט האָט ער דאַן, אַז ר׳פאָרט בלויז אַ קוק טאָן און קומט גלייך צוריק. און ביז איצט — פון צייט צו

צייט: אַ פּעקל אָפּגעטראָגענע מלבושים: עטלעכע דאָלאַר, פּאָר וועלכע די באַנק צאָלט אויס אַ שה״י ופּה״י.

וויפיל־זשע איז דער שיער זיך צו מאַטערן?

חיה־שרה האָט שוין אָפּגעטאָן אַלץ אין דער וועלט: געהאַנדלט מיט שמאַטעס, מיט קאַרטאָפל־שאָלן, מיט אַלט ברויט.

און צו דער זעט קיינמאָל נישט אָפּגעגעסן.

איצט האָט זי אַריינגעשטעלט אין קעלער אַ וועב־שטול, אַ רעדל אַזאַ, מיט וועלכן מ׳וויקלט פאָדעם, פון וועלכן מ׳קאָן ציען חיונה.

חיה־שרה: אַ ביינער־בונט, בלויז הויט — אַ שאַרבן. אסור, צי זי קאָן באַוועגן מיט די פינגער, צי זי האָט כוח אַ קער צו טאָן איר ביינער־זאַק.

און זי, די מויד — אַ געזינטעניש — האָט ס׳לויפן, האָט נישט קיין זיך־פלייש.

— יענ־טעעע! — לאַרעמט חיה־שרה אַלע ווײַלע דורך אַ פענצטער־שפּאַרע, שטשירעט דאָס ציינלאָזע מויל־לאָך איבער אַלע הויף־שטאָקן.

און יענטל שטייט ביים טויער, הערט נישט דער מאַמעס רופן:

וועמען אַרט עס דען? זאָל זי שרייען אַ גאַנצן מעת־לעת!

ביז איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרמיטאָג:

חיה־שרה האָט געטרייסלט אירע הויטיקע באַקן אויף אַ בעט־ראַנד, געציילט די ביינדלעך פון אירע אויסגעדרייטע פינגער — אַז עס האָט זיך געעפנט די קעלער־טיר און אהרן איז אַריינגעקומען.

— ?

— ?

מאַן און ווייב קוקן זיך איבער, גלייבן נישט דעם אייגענעם בליק:

— אהרן?

— חיה־שרה?

יאָ. אהרן איז נאָר־וואָס געקומען פון אַמעריקע און געברענגט האָט ער פון דאָרט — אַ צעשויבערטע באָרד, אַ פעט־גלאַנציקן טלית־זאַק.

און נאָכאַמאָל ס׳אייגענע:

— חיה־שרה?

— אהרן?

ביידנס בליקן האָבן געפלאָנטערט בייַנאַנדער, געבלאָנדזשעט פון באָרד צו שייטל, פון האָריקן פּנים צו צעקנייטשטע באַקן.

— ביזטו געקומען, האָ?

— אוודאי בינ״ך געקומען!

— טאַ, זיץ!

אהרן האָט אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע, די צעקנאַדערטע שלאַפּע, געבליבן מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן אַ פאַר־פעטסטע יאַרמלקע.

די ערשטע עטלעכע מינוט, צווישן מאַן־ווייב, זענען פאַרביי מיט פריידיקע קרעכצן.

דערנאָך:

— בלייבסטו שוין אַ היגער?

— ניין, יאָ, געקומען קיין גער.

— און וואָס נאָך?

— געקומען זיך זען.

— און וואָס האָסטו געברענגט?

— צרות, יאָ, צרות.

— נו, מילא, נאָך צען יאָר זיך נישט זען — איז צרות אויך גוט.

און אַז דער פאַרנאַכט האָט זיך גענומען אַריינקלאַמערן דורכן ענגן פענצטער־לאָך, גענומען צודושען אַלץ וואָס אין קעלער — דאַן האָבן שוין שכנים געוווּסט:

געקומען אַ גאַסט פון אַמעריקע!

דאַן האָט יענטע, אַ פאַרסאַפּעטע, צעפּראַלט ס׳טירל, אַריינגעפאַלן אין קעלער, ווי געיאָגט דורך אימעצן:

— ט־אַ־טעעעע!

זי האָט איינגעגעסן אירע פעט־גלאַנציקע באַקן אין טאַטנס באָרד, אין זיינע פאות, זיך געשליידערט אַרום אים מיט הילכיקע קולות:

— טאַ־טע־שי!...

איבערן קאַמין האָט אויפגעבליצט אַ קאַניץ, צעטאַנצט רויכיקע שאָטנס אויף ווייס־געקאַלעכטע ווענט.

דערנאָך האָט יענטע געגומען זוכן אַרום זיך, גענומען באַטאַפּן אַלץ אין שטיבל. זיכער האָט דער טאַטע געבערענגט פאַר איר חתונה־הלבשה, זיכער אַ מתנה, מיט וועלכער זי וועט זיך האָבן צו גרייסן, צו באַרימען פאַר געסלדיקע איינוווינער. —

געקומען דער טאַטע פון אַמעריקע; אוי, האָט ער געברענגט גוטע זאַכן...

אין יענטעס דמיונות פלאַנטערט אַ רינג מיט אַ ברילאַנט, זיידע־נע קליידער און אַ הוט מיט אַ פעדער, ווי מען טראָגט אין נעוו־יאָרעק... מחמת דער טונקלקייט האָט זי נישט געקאָנט אָפּשאַצן דעם ווערט פור־נעם טאַטנס אויסזען, זיין הולך, וואָס איז זיכער אַנדערש פון די יידן אין געסל. האָט זי זיך געשליידערט פון קאַמין צום בעט, פון דער מאַמע צום טאַטן.

— זעץ דיך אַוועק, יענטע, האָב רחמנות! — האָט זיך חיה־שרה גע־בעטן ביי דער טאָכטער.

און צום מאַן:

— וואָס־זשע הערט מען עפּעס אין אַמעריקע?

— אין אַמעריקע? פרעג שוין בעסער נישט.

— פאַרוואָס נישט פרעגן? — האָט זיך יענטע אַוועקגעטראַסקעט אויפן בעט.

און גלייך איז דאָס שטיבל געוואָרן פול: שכנים און שכנהס — דאָס גאַנצע הייפל.

— שלום־עליכם אַ ייד! — האָבן זיך הענט געצויגן צו אהרנס ווינקל.

און ער אַליין, אהרן, ער האָט געווישט דעם שווייס פון זיין באָרד, די פעטיקייטן וואָס זענען געבליבן אויף זיינע באַקן פון דער טאָכטערס האָר.

— לאָזט אַרויסרעדן אַ וואָרט! — האָט יענטע אַלעמען געשטויסן צו דער טיר — ווי זלידנע פליגן אויף אַ פאַרשיווע פערד...

— שאַ! ווי דו באַליידיקסט דעם טאַטן דיינעם, פע...

— איך קאָן אים אייך אַוועקשענקען און צאַצקעט איר זיך מיט אים?

יענטע האָט זיך אַרומגעזען: דעם טאַטנס אויסזען — קריעה בליעה; גאָר און גאָרנישט; אַ טעות געהאַט אין דעם גאַנצן אַמעריקע. און ס׳האָט זי גענומען פאַרדריסן צוואָס ער איז צוריקגעקומען.

אַזוי איז פאַרביי די ערשטע נאַכט.

צומאָרגנס האָט זי לאַנג געוויִיקט אירע צעפּ אין נאַפט, לענגער, ווי אַלעמאָל, געשמירט די באַקן מיט אַ פעטן גלאַנץ. הייַנט מוז זי אויסזען אַנדערש. זאָלן די געסל־יונגען דערקענען אויף איר, אַז ס׳איז געקומען אַ וואַזשנער גאַסט.

— שעם זיך כאָטש פאַרן טאַטן — האָט די מאַמע זיך געבעטן בייַ איר.

— נישטאָ פאַר וועמען...

— אַז וואָרפן זאָל דיך די נכפּה!

— שאַ זאָל זיין, שאַ!

ערשט איצט האָט אהרן דערזען זיין טאָכטער, וועלכע ר׳האָט איבערגעלאָזט מיט איבער צען יאָר צוריק — אַן אמתע חצופה.

— איך פאַר שוין אַוועק! — האָט ער זיך גענומען דרייען אַרום בעט.

און אויפן הויף האָט מען געוווּסט צו דערציילן:

אהרן איז געקומען פון אַמעריקע, כדי צו פאָרן צום רבין קיין גער — געקומען אַ קבצן נאָך גרעסער ווי ר׳איז אַוועקגעפאָרן; אַז אין אַמעריקע עסט מען טרפות, ווי די גויים אין חזיר־געסל.

בלויז יענטל האָט געהאַט פאַרגעניגן פון דער גאַנצער געשיכטע: די געסל־יונגען האָבן זי איצט גענומען רופן, חוץ פאדלע, אויך — יענטע די אַמעריקאַנערין.

# אויף אַ וואַרשעווער הויף

אָנגעהויבן האָט זיך די חתונה ל״ג־בעומר און פאַרענדיקט האָט זי זיך אַ שטיק נאָך שבועות.

און נישט סתם אַ חתונה איז דאָס געווען:

ר׳ יאַנטשע איז דער מחותן!

ר׳ יאַנטשע:

בייכלדיק, שטיל־געגנגלדיק; באָרד־און פאות — פאַרשפּיצט איבער הויכע שטאָקן; די אויגן — רחמנותדיקער גלאַנץ.

איינוווינער פון דער קאַסטנדיקער קאַמעניצע ווייסן:

זייער באַלעבאָס וועט נישט אַרויסוואַרפן פון דירה, אויב נישט באַצאָלט שכר־דירה צום זמן; וועט נישט „סודיען״ זיך מיט קעלער־ און בוידעם־איינוווינער, אויב זיי צאָלן בכלל נישט קיין דירה־געלט.

איז דען די פיר־שטאָקיקע קאַמעניצע ממש זיינע, געהער זי טאַקע בלויז צו אים, ר׳ יאַנטשען דעם שיך־סוחר? אַ שליח איז ער פון זיין ליבן נאָמען. נישט מער. עלעהאַי דער סטרוזש ביים טויער, וואָס היט דאָס הויז. און ר׳ יאַנטשעס חלק אין דער קאַמעניצע איז: די קינדערלעך פון הויף זאָלן גייען אין תלמוד־תורה; זייערע טאַטעס — נישט זיין פאַרדאגהט פון שכר־לימוד. דאָס אַלץ. איי, יעדן אָנהייב חודש קומט אַ שליח פון דער מלוכה, קומט און מאָנט פּאָדאַטקעס פאַר דער מויער? נישקשה. הלוואי ווייטער. דאָס שיך־מסחר דעקט אַלץ. עס דעקן אויך די באַלעבאַטים, וואָס פאַרנעמען באַלקאָנען פונעם ערשטן שטאָק, פונעם צווייטן שטאָק און אַביסל פונעם דריטן אויך. נידריקער און העכער — לאָזט ער זיי במנוחה. וואָרום־וואָס: אויב ווינען יידן אין קעלער־ און בוידעם־שטיבלעך, אויב האָבן זיי זיך נישט באַזעצט אין די פּאַראַדנע דירות, איז

אַ סימן, אַז יידן, נעבעך, קבצנים, ווערן אויסגעריסן פאַר אַ שטיקל ברויט.

און טאַקע אינדערעמתן: ווען דען ר׳ יאַנטשען צוקומען געזונט, וויבאַלד ר׳וועט אַרויסוואַרפן דעם סטאַלערס מכשירים פון קעלער, דער אלמנהס בעבעכעס פון פאַציאַטע? ר׳וועט דאָך דערנאָך מוזן פאָרן ער־געץ „קומען צו זיך", ווי עס טוען דאָס זיינע שכנים, די הויז־ווירטן. ווי־פיל־זשע קאָסט־אָפּ אַזאַ אָפּרוען, אַזאַ פאַרלאָזן ס׳מסחר — אַזעלכע חרפות און בושות, נישט צו קאָנען די גאַס דורכגיין! און חוץ מזה: ר׳ יאַנטשע איז מקורב ביים רבין: אַזוי איז דעם רבינס רצון. און אַזוי וועט זיך אויך מוזן נוהג זיין דער איידעם זיינער, ווען עס חתונה עס קומט־פאַר אין די שבועות־טעג און וועלכער באַקומט אַ האַלב הויז אין נדן.

***

...כלה נאה... כלה יפה... וחסידה...

עס טאַנצט דער הויף. עס טאַנצן די שטיינער. אַ ריקוד גייען אויך די פיר געמויערטע ווענט.

אינמיטן הויף:

אַ טיש באַדעקט מיט כל־טוב. חתנס צד, כלהס צד — אַלע זענען זיי פאַרפּאָרעט — לויפן איבער טרעפּ, קלינגען מיט פאָרצעלייענע מכשי־רים, מיט לעפל־גאָפּל. און אַרום דעם טיש — שכנים פון אַלע שטאָקן: אויסגעפּוצט אין שבתדיקע בגדים; די פּנימער פאַרפלאַמט; די ליפּן — גרייט אַן עפן צו טאָן, אַ ברכה אַרויסצולאָזן: צו כלהס צד, צו חתנס צד.

און אויבן־אָן — ר׳ יאַנטשע: מלא חדווה.

— יידן, עסטע, יידן, טרינקטע, יידן — דאַנקטע דעם בורא־עולם!

און עולם דאַנקט. און עולם טרינקט. — אַ שמחה אויפן הויף: ר׳ יאַנטשע מאַכט חתונה די טאָכטער, פירט היינט צו דער חופה זיין מור־זיניקל, זיין גיטעלע.

האָט שוין ווער געזען אַזאַ פרייד, אַזאַ התלהבות — אַזאַ סעודת־מצווה?

נאָר אַז דער רבי האָט געפירט זיין אייגענעם זון צו דער חופה. אויך

דאָן זענען יידן געקומען פון אַלע עקן וועלט, זיך משמח געווען מיטן רבינס שמחה.

ר׳ יאַנטשע געדענקט דאָס גוט.

איצט איז די דאָזיקע שמחה אין זיינע אייגענע דלת־אמות, איצט:

— מזל־טוב, מחותן!

— פיל נחת אייך!

— מערצעשעם אויף פריידן!

— דערלעבטץ אַן אייניקל!

— לאַנגע, לאַנגע יאָר, אייך און דעם גליקלעכן פּאָר!

— אמן! —

הילכט דער טיש. צאַפּלען כלים. טרייסלט עס, מיט פרייד, פון וואַנט צו וואַנט.

און נחת פון ר׳ יאַנטשעס אויגן טאַנצט איבער פּנימער פון זיינע לאָקאַטאָרן:

אָט ווינטשט דער סטאָלער. יאָ. טאַקע ער ווינטשט —

— אַ לאַנג לעבן אייך! — דריקט ער, מיט זיין האַרטער פויסט, דעם ווירטס קליין הענטל.

און די וועשערקע פון דער פּאַציאַטע — איר אויסזען: שמחת־תורה אין שול צו הקפות. טרייסלט זי איצט ס׳צעשויבערטע טיכל אויפן קאָפּ:

— גאָט זאָל אייך העלפן, אַז איר זאָלט...

— אמממן! — שרייט דער הויף מיט חדווה.

און עס קלאַפּן מעסער־גאָפּל. אונטערן טיש — פיש־ביינער, אייער־שאָלעכץ. אויך דער סטרוזש פונעם טויער טרעט מיטן היטל אין דער האַנט. אויך ער ווייס, אַז דער פּאַן גאָספּאָדאַזש האָט אַ שמחה. קערט ער איבער איין גלעזל, אַ צווייטס, לעקט־אַרום די וואָנצע, ווינטשט:

— ניעך פּאַן בוג זאַפּלאַטשי!

און דער הימל — גלאַט, ווי דער טיש, ווי דער אַספאַלט אין מיטן הויף: אָן אַ ברעקעלע וואָלקן.

אַזוי קוקט־אויס אַ הימל אום ל״ג־בעומר.

**
*

און איצט — שבועות:

דער רבי אַליין איז געקומען מהנה זיין ר׳ יאנטשען, מהנה זיין הויף־איינוווינער און חתן־כלה.

אַ הייליקער הויף באמת. קיינער האָט עס ביז איצט נישט געפילט. נישט געפילט האָט מען די קדושה, וואָס עס שפּראָצט אַרויס פון ר׳ יאנ־טשען.

ר׳ יאנטשען! ער זיצט רעכטס פון רבין, לינקס — גדליה דער חתן.

און אויבן, אויפן באַלקאָן פונעם ערשטן שטאָק, זיצט זי, גיטעלע די כלה.

...רננו צדיקים... רננו... הוי...

זינגט דער אויבן־אָן. און אַרום און אַרום — הויף־שכנים מיט בערד, נאָנט צום טיש; הויף־שכנים אָן בערד, נענטער צו די ווענט. און אין די הויף־ווינקלען, אין די הויף־פענצטער — מאַמעס, מיידלעך, קינדער. אַלץ — באַצירט מיט גרינס. מיט פעלד־ריחות — מיט ברכות צום רבין, צו זיין „טיש פירן״.

— אַ צדיק! — שושקעט מען זיך פון ווינקל צו ווינקל.

— אַ צדיקת! — בליקט מען אַרויף צום באַלקאָן, צו דער כלה.

און דער חתן? —

זיין פּנים דערציילט איצט גאָרנישט.

איצט איז זיין שמחה. יידנס קבלת־התורה.

צי וועט ער, גדליה, זיך נוהג זיין, ווי דער שווער זיינער, ר׳ יאנ־טשע: נישט אַרויסוואַרפן די קבצנים פון זיין חלק נדן־הויז? — גלייכער נישט צו טראַכטן מכוח דעם.

זיין אויסזען — אַ שמאַלציק חפץ אונטער דער זון, הוילע גלאַנץ: די באַקן, אָן אַ שפּראָץ באָרד; די אויגן, פריידיק־צעשראָקן, ווי ביי אַן אַכצן יאָריקן שטיבל־בחור. פון צייט־צו־צייט וואַרפן זיי, די אויגן, אַ בליק אַרויף, אינדערהייך, צו גיטעלען. וואָס זעען זיי? אַ יונג ווייבעלע, נאָר־וואָס פון דער חופּה אַוועק; אַ זיידן טיכל מיט פרענדזעלעך, וועלכע באַמבלען זיך אַרום האָר־לאָקן, וואָס האָבן דעם אויסזען פון קאַשטאַנעס. אך!

ווי לאַנג וועט'ס נאָך דויערן?

פאַר דעם מחותן, ר' יאַנטשען, איז די חתונה נאָך נישט פאַרענדיקט.

ערב־שבועות, שבועות און נאָך־שבועות.

זאָל אַ וועלט זען, ווער ר' יאַנטשע איז. זאָל אַ וועלט זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל...

...לישרים... נאוה... תהילה...

**
*

נאָך שבועות זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן קרובים פון שטעט און שטעטלעך.

נאָך־שבועות האָט מען פאַרענדיקט די חתונה ביי חתנס צד.

ווער איז דען דאָרט נישט געווען:

סוחרים פון שיך־בראַנזשע — דער כלהס צד; שטיבל־יידן און שטיבל־בחורים — דעם חתנס צד.

און מעדני־שבועות האָבן אויסגעפּילט דעם טיש, געלויכטן מיט זייער העל־מילכיקייט אַרויף, צו בליציקע לאָמפּן אינמיטן סופיט.

— שיריים פון יום־טוב — האָט דעם חתנס טאַטע געפלאָכטן די באָרד, אַריינגעפלאָכטן אינעם שמועס דברי־תורה — נאָך קבלת־התורה, פאַרשטייט איר מיך ר' יאַנטשע, קכי־כע, האָבן אויך די קולות וברקים, נע־נע...

— אַ לחיים אייך, יידן און אונדז אַלעמען אויף שמחות!

— און אַ פריילעכן מתן־תורה, ממש, ממש...

— על־צד פונעם הר־סיני!

...און יאַדל־דידל־דאַללל...

דאאאללל...

יונהלע כאַפּט אונטער אַ ניגון און חנאלע פאַרענדיקט אים, דעם ניגון.

ביידע — יונהלע און חנאלע — ווי אַ צווילינג־ברידער: איין הייך, אייגענע בערדלעך, דעם אייגענעם קנייטש פון נאָז ביז שטערן.

לציםביים רבינס טיש.

האָט מען זיי געברענגט דאָ אַהער, אויף דער שמחה אויך.

איז פריילעך:

מילכיקע שטרודל, קעז־טייגלעך, פיש געבאַקן אויף פּוטער. און יי״ש! אמתדיקער שרף. נעמט מען אַ גלעזל אין מויל, איז... מוז מען זינגען.

און זינגען זינגען אַלע. חתנס צד און כלהס צד: מאַנופאַקטורטשי־קעס, שטיבל־בחורים, גענזלערקעס און סתם קבצנים פון ביידע צדדים.

און אויפן טיש?

ס׳טישטוך פאַרשאַרצט. די מאכלים אָן אַ זייט. אַ געטענצל שאָר־וועט איבער אָפּגעדעקטע ברעטער. איינער קעגן איינעם — יונהלע, חנא־לע: איין געוויקס, איין באַוועגן זיך.

שאַ.

מען גייט פאָרשטעלן „קבלת־התורה״.

פלעכטן זיך צוזאַמען ביידע שטיבל־יידן. לאָזן זיך פאַנאַנדער אי־בערן טיש. שרייט איינער אַריין אין אַ שטיוול:

— לאאא תגנובבב!

ענטפערט דער צווייטער:

— נננייין! כ׳הער ניש גאָרניש!

און שלעפּט־אַרויס פון די קעשענעס קעז־קוכן, פּוטער־קוכן. אַ פלעשל יי״ש.

לאַכן מחותנים און געסט. לאַכט דאָס יונגע פּאָרל.

און אויפסניי נעמט מען צו טראָפּן.

און אַ ריקוד, אין דער שפּעטער נאַכט, הילכט פון וואַנט צו וואַנט.

די נאָך־שבועות־טעג נעמען איינגיין אין ימי חול.

געסט פאָרן פאַנאַנדער.

די חתונה, ביי ר׳ יאנטשעס טאָכטער, ווערט זיך נאָך לאַנג־לאַנג גע־דענקען.

אַ חתונה, וואָס האָט זיך געצויגן פון ל״ג־בעומר ביז העט־ווייט אַ שטיק נאָך שבועות.

# אין נאַלעווקער קרולס הויף

צוואָס העשל איז געקומען פון ווילנע, אַוועקגעשטעלט זיין גאַלאַנ־טעריע־טיש אין קרולס הויף, קעגנאיבער דער „חברה ש״ס״ — דאָס ווייס נאָר ער אַליין, דער הלצהדיקער ליטוואַק.

און באמת:

אַ שמאָלער דורכגאַנג, וואָס בינדט־צוזאַמען קרולס צוויי הייף, פאַר־בינדט די נאַלעווקעס מיט קופּיעצקע — אַ טויער, פאַרפּראָפּט פון באַגי־נען ביז אינאָוונט. און אַז אַ פּלאַטפאָרמע מוז פאַרבייפאָרן פון עקספּע־דיציע צו די נאַלעווקעס באַהאַנגען, באַלאָדן מיט זעק, דאַן מוזן פאַרביי־גייער זיך פאַרקוועטשן אַרום די טויער־ווענט, זיך פאַרבייזייטלען, נישט צו ווערן געניזוקט פון די שווערע באַלעמס.

איז געקומען אַ ייד פון ווילנע, אַ נצרך און, דווקאָ דאָ, אין ענג־שאַפט, פאַנאַנדערגעלייגט זיינע האָר־נאָדלען, זיינע זאָקן־בענדלעך, זיינע שיך־גומעס, זיין אַלץ, וואָס אַ קבצן פאַרמאָגט צו פאַרקויפן.

און פאַרגעסן האָט ער דערביי, דער צעשמייכלטער העשל, אַז דאָ, אין דעם דורכגאַנג־טויער, איז אַ תושב, מכמה יאָרן, ער, נחמן, דער צוקערלעך־סוחר — אַ יונגערמאַן פון רבינס טיש, וועמען ס׳איז אַוועק־געגעבן געוואָרן אין נדן דער פּלאַץ, פונוועלכן ר׳דאַרף ציען חיונה.

—אַ צוטשעפּעניש און שוין! — האָט נחמן געביסן די וואָנסע, גע־ביסן די אונטערשטע ליפּ, וואָס איז געווען באַזעצט מיט ווייכע הערעלעך.

און העשל האָט געזוכט ווערטער צו טרייסטן זיין שכן, צו פאַר־לייכטערן זיין עצבות:

— נישקשה, ר׳ נחמן, עס מאַכט נישט; אַ באַשערטע זאַך...

העשל האָט נישט געמיינט קיין שלעכטס מיט זיין אַוועקשטעלן זיך האַנדלען אין טויער, בשכנות מיט נחמנען. וואָרום, וואָס פאַראַ רעה קאָן

דען אַרויסקומען פאַר דעם דאָזיקן ייִד? געפינט זיך דען אין העשלס מסחר פּירות, אָדער שאָקאָלאַדקעס, אָדער שבת־ניסלעך? פּאָדעם־נאָדל און שיך־בענדלעך. דאָס אַלץ. אויך אַ נאָטיצל צום שרייבן, בריוו־פּאַפּיר און קאָנווערטן און האַנט־פּענלעך פאַר חדר־ייִנגלעך. וואָס־זשע כעסט ער זיך אַזוי, דער דאָזיקער יונגערמאַן? אפשר שטייט אים נישט אָן דער שי־דוך, העשלס: אַ לובאַוויטשער חסיד זאָל זיך מצטרף זיין מיט אַ גערער? מילא. מכוח רביסטווא דאַרף אים נישט דער דאָזיקער חצוף זיין קיין מורה דרך...

— אָבער... אָבער...

— היצט זיך נישט אַזוי, ר' נחמן, וואָס שרייט איר? השם ישמרנו!

—איך שריי? איר שרייט דאָך!

— ניין. ס'אַ בפירושער שקר. נישט איך שריי. און נישט איר שרייט. דאָס איז סתם עפּעס אַ קול קורא, רחמנא יצילנו...

אַזוי טאָג נאָך טאָג צווישן ביידן, צווישן די צוויי סוחרים אינעם טויער פון קרולס הויף.

און זאָגן מעג מען וואָס מ'וויל — רעכט האָט געהאַט נחמן. זיין פּנימל — אַ קינדעריש, פּויסטל באוואקסן מיט האָר — איז טאָג נאָך טאָג געוואָרן איינגעשרומפּענער, זיינע הענט — פאַרמאַטערט, טראָגנדיק קוישן מיט אויבסט פון די האַליעס, פאַנאַנדערשטעלנדיק זיי לענג־אויס דער וואַנט אינעם טויער. און נישט איינמאָל האָט געטראָפן: צוויי פערד זענען אָנגעשפּרינגען, צעטרעטן די עפּל וואָס נחמן האָט געטראָגן אויף זיך גאַס־אויס, גאַס־איין. און דערנאָך — שריי צום בורא. אַז דאָ מוז מען דורכפאָרן; אַז דאָ איז ענג, זייער ענג. נו, האָט ער זיך שוין ווי ס'איז איינגעשטעלט: א שמאָל טישל, אַ שמאָל קעסטל. די פורמאַנעס ווייסן שוין ווי פאַרבייצופאָרן, נישט צו שאָדענען נחמנס זיסוואַרג. וואָלט זיך שוין געצויגן צו ביסלעך פרנסה. האָט זיך, אָבער, איצט אַוועקגעשטעלט אַ שטן ביי יענער זייט טויער — און פאַרגרעסערט די ענגשאַפט, פאַר־גרעסערט...

און אויף העשלען איז אויך נישט צו האָבן קיין תרעומות: אָפּגע־זעסן אין ווילנע כמה־יאָרן אָן פרנסה. איז ער געקומען קיין וואַרשע און

זיך גענומען צו מסחר. זיין אויסזען — אַ לאַנגער שטעקן באַוואַקסן מיט באָרד־ און פאות.

— עס מאַכט נישט, ר׳ נחמן — העלפט ער יעדעס מאָל אַרויס־טראָגן דעם שכנס קוישן, ווען פערד־ און וואָגן לויפן־אָן — נישט גע־דאגהט... דער לובאוויצער, זאָל לעבן, האָט געזאָגט...

— פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ — קנייטשט נחמן זיין פנימל מיט רוגזה — זוכט אייך בעסער אַ צווייטע שטעלע, זוכט אייך...

— נו, גוט, נו, שוין — מאַכט העשל אַ הלצהלע — דערציילט־זשע, וואָס עס זאָגט אייער גערער...

און אַז דער וואָגן פאָרט־פאַרביי בשלום און אַז עס דערנענט דער זמן־מנחה, גיט נחמן אַכטונג אויף העשלס סחורה: דער שכן איז אַריינ־געלאָפן אין „חברה־ש״ס״, אַריינכאַפּן אַ „קדושה״. און דערנאָך גיט העשל אַכטונג אויף נחמנס סחורה. אַזוי טעג און וואָכן אינעם טויער פון קרולס הויף אויף די וואַרשעווער נאַלעווקעס: אי די סוחרים האָבן צו זיך טע־נות מכוח ענגשאַפט אין טויער און אי — אַ מנחה בציבור מאַכט פאַר־געסן אַלץ.

— הערט איר, ר׳ נחמן, אַז השם־יתברך וויל...

— אַז השם־יתברך וויל, ר׳ העשל, קענט איר זיך עפּענען אַ גרויס גאַלאַנטעריע־געשעפט אויף נאַלעווקעס...

— אמן. און איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז עס מאַכט בכלל נישט...

— וואָס מאַכט נישט?

— אַז איר זאָלט פאָרן צום לובאוויצער און ווערן אָנגעפילט מיט חדווה...

— איי, וואָס אַ ליטוואַק קען... דאָס פוילישע חסידות, כ׳מיין, דאָס גערער חסידות איז אויך אָנגעפילט...

— מיט עצבות, האָט איר געוואָלט זאָגן, הע, ר׳ נחמן?

— פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ מיט אייער ווילנער לשון!...

**
*

די זומערדיקע טעג אינעם מיטלסטן טויער צווישן ביידע קרולס הייף:

אַ ברייטער זון־פּאַס הייבט־אָן זיין גאַנג פון פריען פאַרטאָג, פאַר־טשעפּעט זיך ביי דער טיר פון „חברה ש״ס״, פאַרדראַפּעט זיך צווישן זיסוואַרג אויף נחמנס טיש, בלייבנדיק הענגען, אינעם נאָכמיטאָג, אויף נאָדל־פאָדעם און „תניא״, וואָס איז פאַרקוועטשט אין העשלס האַנט. טיילמאָל לויפט־צו אַ קינדעלע צו נחמנס צוקערוואַרג, אַ צעקנייטשט וויבעלע צו העשלס גאַלאַנטעריע. פאַרציט זיך דאַן אַ מינע אויף די סוחרימס פּנימער: —

גלויבט השם־יתברך, וואָס מ׳זעט אַ קונה.

שעהן־לאַנג במשכן טאָג פּילט כמעט נישט איינער דעם צווייטן. און אַז עס ווילט זיך שטאַרק דרעמלען אין הייסע מינוטן, צעעפנט נחמן דעם „שפת־אמת״, פאַרקוקט זיך אין זיינע דראָבנע־דראָבנע פּינטעלעך. און טוען טוט ער דאָס, כדי אַ צולהכעיס אָפּצוטאָן דעם שכן זיינעם: אויב דעם ליטוואַק געפעלט נישט גער, וועט ער דווקא אַריינקוקן אין אַ גע־רער ספר...

זיצן זיי ביידע פאַרדרעמלט — העשל אין „תניא״, נחמן אין „שפת־אמת״ און באַמערקן נישט, ווי צוויי לייבן לויפן־אָן פון קופּיעצקע־זייט.

— יידן, גיכער; יידן, שנעלער!

ערשט דאַן האָבן זיי אויפגעוועקט פון זייערע רעיונות, נאָר — שוין געווען צו שפּעט.

די צוויי ריזן־פערד, וואָס האָבן געשלעפּט הינטער זיך אַ ברייטן, אָנגעפילטן וואָגן האָבן, מיט סווישטשעריי, זיך אַריינגעריסן אינעם דורכ־גאַנג, אַ זעץ געטאָן מיט זייער פאַרע אויף נחמנס און העשלס בערד.

— געוואַלט, יידן! — האָט נחמן אַ פאָכע געטאָן מיטן ספר איבערן קאָפּ, זיך אָנגעהאָנגען אויפן לאַנגן דישעל, וואָס איז אַריינגעפאָרן אין זיין טיש מיט זיסוואַרג.

די פערד האָט ער אָבער נישט אָפּגעשטעלט.

אונטער זייערע פיס האָבן זיך גענומען קייקלען עפּל, באַרנעס, אַן איבערגעקערטער באַלאָן מיט סאָדע־וואַסער. און פון פאָרנט — העשל וואַרפט־אַרויס אויף דער ברייט פונעם הויף זיין סחורהוואַרג, שרייט:

— יידן, ראַטעוועט!

דער פורמאַן נעמט זיך נישט איבער מיט זיינע קולות:

— געזאָגט, אַז דאָ, אין אַזאַ ענגשאַפט, קאָנען נישט שטייען קיין צוויי סוחרים; איצט — נאָט אייך!

טיל־טעל געוואָרן פון נחמנס פּראַצע; צעבראָכן געוואָרן העשלס טיש.

איצט זאָגט דער ווילנער צום פאַרדאגהטן שכן:

— נו, מילא, ר׳ נחמן, איך וועל דעקן אייער היזק.

נחמן ענטפערט נישט. אויף אים רינצלט דער שטערן, צאַפּלט זיין שמאָל גופל. ווען נישט ער, דער ליטוואַק, ווען נישט ער, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטיק פון דער אַנדערער העלפט וואַנט, וואָלט דער פור־מאַן געהאַט ווו אויסצוקערן די פערד, ווו אויסצומיידן נחמנס טיש. איצט איילן יידענעס און יינגלעך, קלייבן־צוזאַמען צעטרעטן איבערבלייבעכץ פון ביידנס טישן. איצט ווייס נישט העשל וועלכער ס׳וועט דעקן זיין שאָדן.

— בדיל־הדל געוואָרן! — זיפצט ער.

— אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען — קראַצט נחמן אינעם שיטערן בערדל — אַן אָנשיקעניש אַזש פון ווילנע...

—נע־נע, זינדיקט נישט, ר׳ נחמן; אין אדם נוקף אצבעו... אן אצבע אלהים...

שווייגט נחמן. שוויגן זיי ביידע. און אַרום זיי — אַן אָנגעלויף פון ווייבער, פון רחמנותדיקע בליקן:

— נעבעך...

ליגט אינעם דאָזיקן „נעבעך״ עפּעס, וואָס האָט אין זיך אי צער, אי צאָרן — פון ביידע צו ביסלעך.

— וואָרום, וואָס, יידן...

מער זאָגן זיי נישט, די ווייבער, וואָס זאָלן זיי זאָגן. אַ מערדערי־שער באַלעגאָלע אָנגעפאָרן, צעטרעטן יידנס פרנסה.

און אַרום אַלעמען, אינעם אָנגעפּראָפּטן טויער־דורכגאַנג — צע־פליקטע זון־פלעקן, וואָס רייסן זיך דורך אינעם געדיכטן מענטשן־קנויל.

— סיי וסיי שוין צייט צו גיין אַהיים — זאָגט העשל צו נחמנען.

נחמן ענטפערט נישט. ער טראַכט ווו צו נעמען אַ הלוואהלע, כדי

פּאַרטאָג איינצוקויפן ביי די האליעס פרישע סחורה. אויף וועמען דאַרף ער איצט אויסלאָזן זיין כעס, יאָ, טאַקע, אויף וועמען? איז דען העשל נישט אַזאַ קבצן ווי ער? און צוריקגעשמועסט. אפשר, טאַקע, אים פאַר־טרייבן פונדאַנען. זעט מען דאָך באַשיינפּערלעך, אַז... ער דערטראַכט נישט דעם געדאַנק. לויפט אַריין אין שכנותדיקן „חברה־ש״ס״. הינטער אים — העשל. די צעבראָכענע טישן האָבן זיי אַוועקגעטראָגן צו אַ שכן. איצט קאָנען זיי זיך אַוועקזעצן מיט רואיקע געמיטער — נחמן איבערן „שפת־אמת״, העשל איבערן „תניא״; איצט מוז השם־יתברך העלפן. ער מוז...

— אַנדערש קאָן עס גאָרנישט געמאָלט זיין — בייסט העשל אַ שפּיץ פון זיין באָרד — ער מוז העלפן...

נחמן שווייגט. עס עסט אין אים אַ גרימצאָרן. וואָס טיפער ער פאַר־דבקהט זיך אינעם ספר, אַלץ שטאַרקער פילט ער: זיין פּלאַץ איז אין גער, צווישן יונגעלייט אינעם בית־המדרש.

העשל, פונדערזייט, ברומט אַרויס פונעם „תניא״:

— דער לובאוויצער, דעם לובאוויצערס דרך... אוי־ווי...

— אַ ליטוואַק... אַ צוטשעפּעניש... אַ שטן...

דער שפּעטער אָוונט האָטביידן, די געוועזענע סוחרים, אַרויסגע־טריבן פון „חברה־ש״ס״, פון קרולס הויף.

וואַרשע האָט געלויכטן צו זיי, אַן אויסגעפּילטע מיט גשמיות.

# משה שאָלן־קויפּער

משה איז אַרויס אויפן הייפל, פּאַריסן ס׳בערדל אינדערהייך. הויך, צווישן קוימענס און שטאָקן — שטיקלעך הימל, שטיקלעך זון — זומער־דיקער פרימאָרגן, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דער מיטנטאָג וועט זיין אַ הייסער.

אין אַזאַ פרימאָרגן, אין אַזעלכע טעג, צעוואַרעמט זיך אויף משהן אַלץ: זיינע קרומע פיס, זיינע לאַנגע הענט און ס׳פּנים, פאַרשמאָדערט, פּאַרצאָרנט, באַקומט אויך אַ לויטערן גלאַנץ.

משה שאָלן־קויפער.

אין ווינטערדיקע טעג — קורצע, כמורנע — זיצט משה ביים פּאַ־ריסטן אייוועלע, שעלט אין די זידיקע טעפּ, וואָס פאַרען דערויף. אַ וויב־ער׳, אַן אומגליק — פאַרשטערט ס׳ביסל פּרנסה, וואָס משה ציט אַרויס פון די איינגעקויפטע שאָלן: פענצטער זענען פאַרהאַקט. און אויב ערגעץ־ווו פאַרוואַלגערט זיך אַ קאַפּ שאָלן, פוילט זיך די באַלעבאָסטע אַראָפּצו־קריכן אויפן הויף, הערט זי נישט משהן ווי ער שרייט אַרויף צו איר — „שאלן קויפּפּ׳אָאאך!״

אַנדערש ווערט אויף משהס געמיט אין די נאָך־פּסח־טעג, אין די נאָך־שבועות־טעג.

דאַן פּאַרציט ער שטאַרקער די שטריק אַרום דער בורקע, פאַרפּעס־טיקט די אייזערנע רייפן אַרום דעם קאַסטנדיקן וועגעלע און צעשמייכלט די שוואַרצע ציין אַרום זיך:

— שאָאאלן קויפּפּ׳אָאאך!...

דאָס פּרוווט ער אויס זיין קול, דעם קלאַנג אין אים, אויף וועלכן עס האָט זיך באַזעצט אַ זשאַווער אין די ווינטערדיקע חדשים.

איצט איז משה צופרידן מיט זיך, מיט דער וועלט: וועט אַריין צום

„מילכיקן", בעטן ביי אים אַ הלוואה. מ'מעג אים גלייבן אויף ערן־וואָרט. היינט אָוונט קערט ער אום. אויב נישט מזומן־ממש — וועט ער ברענגען אַ פול וועגעלע מיט שאָלן, טרוקענע שאָלן פון קאַרטאָפל, פון בורעקעס. נישקשה. די קו זיינע, דעם „מילכיקנס", וועט שוין נישט הונגערן, וועט שוין האָבן עסן צו־זאַט. וואָסי. איז דען משה נישט באַגלייבט. אדרבא. זאָל דער „מילכיקער" אַ קוק טאָן אויפן הימל, אדרבא, זאָל ער אַליין זען. איי, וואָס, דער מילך־ייד וועט טענהן, אַז ר'וועט אָוועקפירן די בהמה אויפן פעלד? אַ שיינער פאַרגלייך! קאַרטאָפל איז נישט גראָז...

אַזוי, אַ צעשמייכלטער, שפּאַנט זיך משה איין אינעם וועגעלע און פאָרט אַרויס פונעם הייפל.

אים באַגלייט, מיט איר בליק, די טאָכטער זיינע.

זי, אַלטע, קאָן נישט פאַרליידן דעם געקלימפּער וואָס דער טאַטע לאָזט איבער אויף די הויף־שטיינער.

— טאַטע — שרייט זי אים נאָך און אַלץ וואַרפט זיך אין איר — נעם־מיט אַ שטיק ברויט; יאָך גיי אַוועק אין גאַס אַריין.

אַלטעס יאָרן ווייס קיינער נישט אין געסל. מען שאַצט זי אויף אַכצן, אויף צוואנציק און אויףביידע צוזאַמען.

אַ מרשעת.

אירע באַקן — הוילע גלאַנץ: אַ געמיש פון רויטס, געלס און מעל־פאַרב דערויף. און אינגאַנצן איז זי — אַ נכפה.

ווו אַ יונג אין געסל — זיינע קניפּן ליגן אויף אירע הענט, אויף איר געשטעל. געסל־ווייבער רופן זי: „אַלטע מרשעת".

און מיט רעכט:

אַ מויד רייכערט פּאַפּיראָסן, שעלט קינד און אַלט. ווינטערדיקע טעג זיצט מען אין די שטיבער, זעט מען זי נישט פאַרן אויג. קומט אָבער דער זומער — דאַן טרעט אַלטע נישט אָפּ פונעם טויער, דאָן געפינט זי זיך אין אַלעמענס געקעכטסן:

נעכעלע האָט אַהיימגעטראָגן אַ הון; עטעלע — אַ קורטשיק; ראָכ־טשעס מאַן — האָט זי אַליין געזען — לעבט מיט פרעמדע ווייבער...

אַלטע מרשעת!

איר אַליין וואָלט נישט פאַרדראָסן אַזוי שטאַרק דער דאָזיקער נאָ־מען, ווען נישט דאָס, וואָס די יונגען לאַכן פון איר, לאַכן פון אירע יאָרן.

— ווי אַלט ביזטו, אַלטעלע, האַ? — קנייפּט מען איין פינגער אין אירס אַ ווייכער האַנט.

און אַז זי ענטפערט נישט, שאַצט מען אַליין אָפּ:

— דו ביזט שוין אַן אַלטע, אַלטעלע — אַן אַלטע מרשעת...

⁂

די פענצטער זענען פאַנאַנדערגעעפנט אין געסל. און אַרום יעדן פענצטער — ווינדעלעך, העמדעלעך, גאַטקעס און רויטע איינשיטן פון צעפלאַצטע קישנס. עס קוקט־אויס: פלאַקאַטן וואָלטן אַראָפּגערעדט צום געסל, דערציילט חידושים, פונוועלכע ס׳געסל ווייס גאָרנישט.

און אַז אינאָוונט, משה קומט צו פאָרן מיט זיין וועגעלע שאָלן, פאַר־מאַכן ווייבער די פענצטער, וואַרטן, ביז ר׳וועט אַריינפאָרן אין הויף.

אַלעמען דאַכט זיך, אַז די שטיקעניש, וואָס נעמט אַריינדרינגען אין די שטיבער, קומט פון משהס שאָלן, פונעם עיפּוש, וואָס טראָגט זיך פון זיי.

היינט איז זומער און די שאָלן זענען טרוקן. אַז אויסטריקענען זאָל ביים געסל די קעפּ. נישט־פאַרגינערס אַזעלכע. מען באַרעדט אים, משהן, מען ווייזט אויף אים מיט פינגער. וואָס טוט ער דען אַזוינס? קלייבט נדן פאַר דער טאָכטער. בנאמנות. און זיי קרימען מיט די נעז, קרימען זיי...

משה בינדט־פאַנאַנדער די שטריק, וואַרפט אַראָפּ די בורקע. זיין געֿ־שטעל — גרייט אַלעמען דורסן.

— אַלטע, קום אַהער, אַלטעלע — רופט ער די טאָכטער פונעם טויער.

אַלטע ווייס שוין, אַז דאָס דאַרף זי פאַנאַנדערעפענען די שטאַל, דאַרף העלפן דעם טאַטן אַריינוואַרפן די שאָלן אינווייניק.

— קאָנסט דאָך אָנעקפירן גלייך צום „מילכיקן”!

— נישט אַוועקפירן דאַרף מען — צעבייזערט זיך משה — מען דאַרף אָפּלייגן פון זומער אויף ווינטער.

— עס שטינקט דאָך אָבער, טאַטע, איבערן הויף.

— זאָל, זאָג איך דיר... ד׳האָסט געהערט!

משה וויל נישט שטאָפּן דעם מילך־ייד מיט זיינע שאָלן. זומער פירט ער די קו אויף דער לאָנקע. וויל ער נישט צאָלן קיין פרייז. ווינטער וועט ער קומען בעטן ביי אים. אַז די פּגירה וועט דאַרפן פרעסן, וועט משה זיך הייסן באַצאָלן...

— פאַר ווענמען דען איז דאָס אַלץ —- גיט דער טאַטע צו פאַרשטיין דער טאָכטער — אַלץ איז דאָך פאַר דיר, אַ נדן פאַר דיר, פאַרשטייסט...

אוודאי פאַרשטייט זי, אַלטע: זי איז גרייט צו פאַרזיצן ביזן גראָען צאָפּ און נישט מאַכן זיך קיין נדן פון קאַרטאָפל־שאָלן.

— כ׳דאַרף עס נישט; שוין זאָלסטו עס אַוועקפירן צום מילך־ייד!

און אַז ביידע — טאַטע און טאָכטער — האָבן זיך אַוועקגעשטעלט איינס קעגן איינס, האָבן זיך פאנאנדערגעפּראַלט טירן־פענצטער; האָבן ווייבער פאַרפלאָכטן הענט אַרום ברוסטן.

— סט׳געהערט אַזוינס — רעדט אַריבער איין שכנטע צו דער צווייטער — אַזאַ אָנשיקעניש...

— ט׳מען באַלד זען אַ קאָנצערט...

— ווי זיי קאָנען זיך נישט צעטיילן מיט דער ירושה...

דאַן פאַרייסט משה אינדערהייך זיין בערדל, וואָס האָט די פאַרב פון קו־מיסט, שטעכט־איין די אויגן אינעם צעברעקלטן הימל און דער־מאָנט זיך: צייט צו גיין דאַווענען מנחה.

לאָזט ער די טאָכטער אַרום דעם וועגעלע מיט שאָלן, אַרום דער שטאַל.

איבערן וועג טרעפט ער זיך מיטן מילך־ייד.

— שוין אַ פולער שטאַל ביי מיר — זאָגט ער.

און בשעת־מעשה:

ווען דער רבונו של עולם שיקט אים צו עפּעס אַ לייטישן שידוך פאַר דער טאָכטער ,וואָלט ער, זיכער, אַוועקגעוואָרפן דאָס שאָלן־מסחר, יאָ,

זיכער. שוין צייט אָפּצורוען. אַ ייד איבער די פופציק דאַרף שוין זיצן לערנער אַ ביסל אין שילכל.

און אַזוי האָט ער געטאָן היינטיקן אָוונט. —

ס'האָט משה איינגעגראָבן דעם קאָפּ טיפער אינעם לאַנגן, באַחלבטן טיש, זיך איינגעהערט צום משניות־לערנען אַרום אים.

גאָר אַן אַנדערע וועלט.

און דאָך —

אַהיימגעקומען, האָט ער נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן:

איבערן הייפל האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ שטיק לבנה צוזאַמען מיט הויף־קינדער, אַרומגעפּלאָנטערט איבערן צעהאַקטן ברוק, וואָס איז געווען באַלייגט מיט שאָלן, אַרויסגעוואָרפענע פונעם שטאָל.

דער זומערדיקער תענוג איז פאַרשווינדן פונעם שאָלן־קויפּער, אַוועק צוזאַמען מיטן תענוגדיקן ניגון, וואָס ר'האָט איינגעזאַפּט אינעם שילכל, ביי משניות־לערנען.

— ווו איז זי? — האָט ער צעוואָרפן די קרומע פיס איבער די שטיינער — האָ, ווו איז זי...

אַלטע איז פאַרשווינדן פון הויף. געמאַכט דעם טאַטן פאַר אַ קבצן. אַ תל געמאַכט פון וואָכן האָרעוואַניע.

ביי משהן — איינגעקנייטשטע פויסטן. אַ ווײַלע זיך געדרייט אויף איין אָרט. עפּעס געזוכט. עפּעס געטראַכט. און אַז ר'האָט זיך דערטראַכט צו גאָרנישט, האָט זיך משה דערזען אַן אויסגעליידיקטן — ליידיק פון געלט און פון מעשים.

מיט איין זעץ האָט ער אַרויסגעריסן דעם געשפּאַן פונעם וועגעלע, זיך אַוועקגעלאָזט איבערן געסל.

דער אָוונט האָט געלויטערט מיט העלקייט. זומערדיקע מנוחה האָט געהילט געסל־איינוווינער, פאַנאַנדערגעזעצטע איבער בריקלעך.

און אַז משה האָט געפונען די טאָכטערביים ראָג געסל, זי געזעסן ביי אַ לאַמטערן מיט אַ רייכערדיקן פּאַפּיראָס, האָט ער, אײַליק, פאַרוואָרפן דעם שטריק אַרום איר פּלייצע, אַרום דעם לאַמטערן.

אַ הילכיקער קוויטש האָט זיך איינגעשניטן אין געסל. נאָך אים —

אַ געשריי, וואָס האָט דערמאָנט אָן משה שאָלן־קויפערס רופן איבער די הייף: —

ש אָ א ל ן   ק ו י פ ׳ אָ א א ד ך ...

די לבנה האָט באַלויכטן דעם אַרום, צעהעלט מענטשן־מאַסע, וואָס האָט זיך געשטופּט אַרום טאַטע און טאָכטער.

אין איינעם אַ הינטער־געסל, אין וואַרשע דער שטאָט.

# אַ מאַמע פון פאַרצעווע

צו די פיר יאָר האָט זי אים אָפּגעריסן פון הויף, אַוועקגעטראָגן אין תלמוד־תורה. יוסף האָט דאַן נישט געוווּסט וווּהין די מאַמע פירט אים. און ס'האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס זי שטערט אים זיין שפּילן מיט די קינדער. האָט ער געוואָרפן מיט די פיסלעך אַרום דער מאַמעס זייטן, אַרום איר בויך, געדראַפּעט פאַרשמאָדערטע פינגערלעך אינעם צעפּליקטן שייטל. וואָלט ער געוווּסט דאַן, אַז דאָס פירט אים די מאַמע אין תלמוד־תורה — אָ־האָ! — וואָלט זי ביי אים נישט געפּועלט. ניין. זיכער נישט.

די מאַמע האָט דאָס געפּילט.

שוין ביי די ערשטע טריט שטעלן אין וואַרשע האָט זי געפּילט, ווי די סטרא־אחרא פלאָנטערט אַרום די פיס, אַרום יעדן טראָט. צוואָס האָט עס איר געטויגט. וואָלט דען נישט גלייכער געווען, אַז זי זאָל שוין אויס־זיצן אירע יאָרן אין פאַרצעווע, אין איר שטעטל דאָרט.

איז איינגעפאַלן — נאָר דעם שד אַליין — צו פאָרן קיין וואַרשע, צו באַזעצן זיך אין דער דאָזיקער טומאה.

זי האָט געטאָן אַלץ, אַז יוסף זאָל אויפוואַקסן אַ ייד. גאָט אַליין איז איר עדות. אַפילו די גאַס געדענקט נאָך די קולות זיינע, ווען זי האָט אים געפירט יעדן טאָג אין תלמוד־תורה. ווי אַ דיבוק וואָלט אין אים גע־זעסן, אַזוי האָט'ס פון אים אַרויסגעשריגן. אַזאַ באַנעמעניש. צו די פיר, ווי צו די זעקס, ווי צו די אַכט יאָר. טאָג־איין, טאָג־אויס: ער וויל נישט גיין לערנען — כאָטש האַק אים דעם קאָפּ אָפּ.

וואָלט אַזעלכעס געקאָנט געשען אין פאַרצעווע? אסור. דאָרט איז די סביבה אינגאַנצן אַן אַנדערע; דאָרט — ווו אַ קער: דעם רבס גאַניק, דעם דיינס גאָרן, דעם שוחטס שטוב; און אַרום־און־אַרום — דאָס גרויסע

בית־המדרש, דאָס קליינע בית־המדרש, די חברה־תהילים, די חברה עין־יעקב...

איצט לערנט יוסף סטאָלעריי.

קען נאָך אַפּילו רעכט נישט דאַוונען, נישט מעביר־סדרה זיין. און שוין גרייט ער זיך צו ווערן אַ פּרנסה־געבער, אַ פאַרזאָרגער...

— זע־נאָר, יוסף, זע — גלאַנצט אַרום רבקהס ליפּן אַ פייכקייט — דאַכט זיך, אַז דער קאָפּ איז דיר גרעסער געוואָרן...

— פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ — צערוגזהט יוסף זיינע פופצן יאָר, צעקידערט זיך מיט אויגן מלא־כּעס צו דער מאַמע.

— וואָס האָב איך דיר געטאָן אַזוינס, פאַרזאָרגער מיינער — דער־נענט רבקה צו זיין ווינקל — אַז כ׳הייס דיר אָנמעסטן די תפילין, איז וואָס?

איבער יוספס שטערן ליגט דער של־ראש, ליגט און גלאַנצט אין רבקהס זייט; טרייסלט זיך, ווי ער וואָלט וועלן דערמיט זאָגן: יוצא... נישט כדאי איינצורייסן... הלוואי וייטער...

פאַר דער מאַמען איז אָבער געוועזן ווייניק דאָס, וואָס יוסף הענגט־אָן דעם של־ראש אַרומען שטערן, נאַרט זי אָפּ...

— איך וועל דיר ווייזן, משומד, וואַרט — שויבערט זיך ס׳שייטל אויף רבקהס קאָפּ — איך וועעל...

— גיי אַוועק, זאָג איך דיר, מאַמע... איך דאַרף גיין צו דער אַר־בעט...

— אַז אַרבעטן זאָלסטו... טאַטע האַרציקער...

אַזוי טאָג נאָך טאָג צווישן מאַמע און זון. וואָכן. חדשים. יאָרן. וויפיל איז דער שיער?

פאַר די שכירות, וואָס יוסף באַקומט ביי סטאָלעריי, קאָן ער זיך דינגען אַ צימערל ערגעץ ווייט פון דער מאַמע. שוין פאַרמיאוסט גע־וואָרן אים די מחלוקת, די רייסערייען. ווידעראַמאָל פאַרצעווע און אָבעראַמאָל פאַרצעווע. איצט לעבט ער אין וואַרשע, דאָ זיך געהאָדעוועט, אַריינגעטעמט גרויסשטאָטישקייט. וואָס־זשע וויל זי, די מאַמע? — אַז

יוסף זאָל נישט אַהיימקומען שפּעט אין די נעכט, זאָל נישט גיין אין טעאַ־טער, נישט לייענען קיין ביכלעך, נישט לאַכן, נישט וויינען...

יוספס הענט און פּנים — פּאַרמאַזאָלעטע פויסטן, ווי קלעצלעך, נאָכן אַרומצעשען זיי. בלויז די אויגן זיינע — אויסגעפּילט מיט ווייכ־קייט, מיט בענקעניש.

האָט ער איינמאָל, אין אַ פריען פרימאָרגן, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער מאַמעס בעט.

אַלץ אַרום — טוכלער שימל, פאַרקויטיקע ווענט; קעלער־אָטעם הויכט פון באַלקן ביז דיל.

יוסף מוז זיך איצט דורכשמועסן מיט דער מאַמע, און טאַקע אַן עצה פרעגן. יוסף קאָן איצט גיין לעבן פאַר זיך. האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל פונעם שכירות. וועט זיך קויפן מלבושים, דינגען אַ צימער און... יאָ, מען דאַרף הערן, וואָס די מאַמע וועט זאָגן. זאָל זי שעלטן, וויפיל זי וויל. אַפילו שלאָגן. אַזוי האָבן זיך מאַמעס נוהג געווען אין פאַרצייטן. מיינט זי דען אים לרעה. קאָן דען אַ מאַמע זיין דעם זון אַ שונא. יוסף טראַכט גאָרנישט דערפון.

דעריבער טאַקע וועט ער זי איצט אַלץ דערציילן. און לאָמיר הערן וואָס זי וועט זאָגן. אדרבא.

— הער, מאַמע — האָט יוסף גענומען, אייליק, וואַרפן מיט זיינע דיקע ליפּן — הער, איידער איך גיי צו דער אַרבעט... כ'האָב זיך אויס־געזוכט אַ מיידל, סאַליע הייסט זי, אַ ווויל מיידל...

איצט האָט רבקהן פאַרקלעמט ביים האַרץ. איצט האָט זי זיך דער־מאָנט ווען זי איז געשטאַנען אין שידוכים, ווי אַזוי עס איז ביי איר פאָר־געקומען.

זי האָט גאָרנישט געזאָגט. איר פּנים — אַ צעקנייטשט עפּעלע — איז פאַרלוירן געוואָרן אונטער דער נאַכט־קופּקע. אַז פאַרשאָלטן זאָל ווערן יענער טאָג, ווען דער האָט זי געברענגט פון איר שטעטל דאָ אַהער...

יוסף האָט דערקענט אויף דער מאַמעס פּנים די גרייזאָטע, וואָס עסט זי דורך. ער האָט עס נישט געדאַרפט טאָן. נישט געדאַרפט דערציילן וועגן

זיין מיידל. איצט מוז ער גיין צו דער אַרבעט. וועט שוין האָבן אַ יישוב מיט סאַליען. זאָל די מאַמע דערווייל בלייבן ביי אירע מחשבות.

*****

שפּאַנט אַ מענטש אין נאַכטיקער טונקלקייט.

אַרום — ביימער־געוויש, מענטשן־געוויש, טומל פון קינדער.

קראַשינסקיס פּלאַץ ענדערט די טאָג־מראה ביים אַריינדרינגען פון אויפבליצנדיקער נאַכט.

לעמפּלעך דאָ, לעמפּלעך דאָרט — שפּיזן־דורך בוים, מענטש, קינד.

יעדעס באַשעפעניש לעבט מיט עפּעס, מיט אייגענע טראַכטענישן. אין תענוגדיקן שפּיל ווערן אַלע מחשבות צונויפגעגאָסן, הנאהדיק צוזאַמענגעוואַקסן — ווערן איין שטיק אויפגייענדיק לעבן.

שפּאַנט יוסף אָן אַ זייט.

זיין טאָג פאַרגייט צוזאַמען מיט זון־פאַרגאַנג. און טאָג ביי יוספן הייסט — זעגן, העבלעווען, טאַטשען. דער סטאָלאַרסקע וואַרשטאַט לאָזט אים נישט טראַכטן. גלייכער אַזוי. אָוונט־צו טרעפט ער זיך מיט זיין מיידל, שפּאַנט אַוועק מיט איר צו דער ווייסל.

פאַרוואָס לעבט נישט יוסף מיט דעם פריילעכן אַרומיקן הו־האַ?

זיין וועלטל געהער בלויז צו אים און — צו איר.

— פאַרוואָס האָסטו פאַרשפּעטיקט? — וויקלט יוסף זיינע ייִנגלשע פינגער אַרום סאַליעס צאַרטן הענטל.

ביידע — איין הייך, איין באַגער, איין עלטער — עפּעס אַריבער די דרייסיק.

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי פאַרטראַכט? — ליפּטערט ס'מיידל אירע האָר אַרום יוספס שטערן.

— גאָרנישט; די מאַמע וויל דיך זען.

יוסף האָט געזאָגט אַ ליגן.

נעבן אַ לאַמטערן האָבן זיך ביידע אָפּגעשטעלט.

— ביזט אַזוי טרויעריק, יוסף און איך...

— וואָס, דו?

— איך וויל פאַרברענגען מיט דיר.

— און צו דער מאַמען ווילסטו נישט גיין?

אַרויסגעברענגט די ווערטער, האָט זיך פאַר יוספן אַוועקגעשטעלט זיין קליין מאַמעלע, איר שטעטל פאַרצעווע —

און די מאַמע וועט סיי ווי נישט מסכים זיין, יוסף זאָל „אַרומגיין" מיט אַ פרעמד מיידל.

האָט ער באַשלאָסן: די היינטיקע נאַכט נישט צו גיין אַהיים נעכ־טיקן. מאַכן דעם ערשטן פרווו צו לעבן פאַר זיך.

— איז דיין מאַמע טאַקע אַזאַ שלעכטע, האַ, יוסף?

— ניין — האָט יוסף אַראָפּגעלאָזט זיינע פאַרשעמטע אויגן — די מאַמע, פאַרשטייסט... מאָרגן דינג איך זיך אַ באַזונדער צימער.

יוסף האָט געלעבט מיט רחמנות צו דער מאַמע און ליבע צום מיידל. ווער׳, פון ביידע, וועט זיין שטאַרקער, וועט אים באַזיגן?

אַן אינערלעכע ווייטיק האָט געקלעמט: אי פאַר דער מאַמעס צער און אי — בענקשאַפט צום מיידל.

פון אונטערן לאַמטערן־קאַפּל האָט אַפּערגעבליצט אַ ווייס פּייערל, אַ שפּיזיקס, פאַרבלאַסט די פּנימער פון אַ צונויפגעטוליעט פּאָרל אין איי־נער אַ נאַכט.

און אין דער זעלביקער נאַכט האָט רבקה אַרומגעבעט ס׳בעטל, יוספס, אַרומגעלייגט עס מיט קאָלדרעס, מיט קישנס. מער ווי נעכטן, ווי מיט אַ וואָך צוריק.

זאָל אים זיין ווייך צו שלאָפן.

זאָל ער פילן די ווייכקייט פון דער מאַמע.

איז ער דאָך אַ קינד, יוסף. נאָך נישט דערגרייכט די צוואנציק. וועט ער עלטער ווערן, וועט דאַן אַוועק פון אים ס׳משוגעת. אוודאי, וואָלט אַזאַ בחור, דאָרט, אין פאַרצעווע, איצט געזעסן אין בית־המדרש, זיך איינגעהערט צו קלוגע רייד.

האָט איר דער שד אַליין געברענגט דאָ אַהער, קיין וואַרשע...

— גוטן אָוונט, מאַמע — איז יוסף אַריינגעקומען אַ צעפלאַמטער — ווידער פאַרשפּעטיקט, מאַמע, נאַר מאָרגן...

— מאָרגן וועסטו ברענגען דיין מיידל דאָ אַהער... לאָמיך זי אָנ־קוקן...

רבקה האָט זיך פאַרשפאַרט אין קיך־ווינקל. דער קאָפּיטש האָט גע־טשאַדעט איבער די ווענט. אַ פאַררייכערט לבנהלע האָט, פונעם נאַפט־גלעזל אַרויס, זיך געצייכנט אונטערן טונקעלן סופיט.

איינגעוורעט אינעם געלעגער, האָט יוסף געהערט דער מאַמעס כלי־פּען. זי הייסט אים נישט, ווי יעדע נאַכט, לייענען קריאת־שמע; מאַכט אים נישט פאָרוווּרף פאַר זיין שפּעט אַהיימקומען.

אַ גוטע מאַמע. אַ ליב מיידל.

מאָרגן ברענגט ער זיי ביידע צוזאַמען.

— מאָרגן... — הערסט, מאַמע, מאָרגן...

— מאָרגן... — האָט די מאַמע געפּישטשעט פון בעט אַרויס — אַז בעסער וואָלט עך נישט געקומען דאָ אַהער פון פאַרצעווע...

— מאַמע, וויין נישט — האָט יוסף גענומען לייענען קריאת־שמע אויף אַ קול.

און דאָס קנייטל האָט זיך טיפער אַראָפּגעלאָזט אין נאַפט אַריין. אומעט און בענקשאַפט האָט איינגעדושעט ביידן אויף זייערע גע־לעגערס — דעם קליינעם זון און נאָך קלענערער מאַמע.

# אַן אַלטער בחור

צוויי באַלקאָנען געפינען זיך אויפן הויף. דער פון רעכטס איז שטענ־דיק באַהאָנגען מיט ווינדעלעך, קינדערשע בגדימלעך; אויסגעפּילט מיט פריידיקן צאַפּל אַרום זיינע צעבויגענע שטאַכייטן. דער באַלקאָן פון לינקס — סיי ווען עס שיינט די זון, סיי ווען עס רעגנט — ער איז באַהאָנגען מיט שפּינוועבס, אַרומגעשיילטן טינק, איינגעפּרעסענעם זשאַווער איבעם אייזן אַרום.

פיל מאָל במשכן טאָג טרעפט: מאַמעס צעפּראַלן די פענצטער, צע־הילכן זייערע קולות איבערן הויף:

— שרהלע!

— יאָסעלע!

— שפּיל זיך נישט אונטערן באַלקאָן!

הויף־באַוווינער זענען זיכער, אַז יעדע מינוט וועט זיך אָפּרייסן דער פאַרזשאַווערטער באַלקאָן, וועט, די שעה זאָל נישט זיין, אָנטאָן גרויסע שאדוינעס.

און אינדעראמתן:

אַ הפקר דאַרף מען שייערן, רייניקן, אַרומווישן, כדי עס זאָל נישט ווערן דורכגעגעסן פון מושב. אַזוי אַ שטוב־כלי און אַזוי, אַפילו — אַ באַלקאָן. ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַזאַ באַרג מיט אייזן זאָל הענגען אינמיטן אַ הויף און — גאָרנישט: הפקר פאַר ווינט, פאַר רעגן, פאַר שניי. וואָלטן כאָטש קיין מענטשן נישט פאַרבייגעגאַנגען אים, וואָלטן כאָטש קיין קינדער זיך נישט געשפּילט אונטער אים — אַ מקום־סכנה, בנאמנות...

אַזוי שמועסן ווייבער צווישן זיך, שמועסן — און וואָווע בלייבט ביי ס'זייניקע:

יעדן פרימאָרגן, איידער ער לאָזט זיך אַוועק צו זיינע מסחרים, שטייט ער אַ ווײַלע ביים פאַרמאַכטן פענצטער, מיט אַ בליק צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, בלאָנדזשעט זיינע אויגן צו די שטאַכייטן, קינדערשע חפצים, וואָס פילן־אויס דעם שכנותדיקן באַלקאָן.

וואָווע:

פון קאָפּ ביז גאָמבע — בלויז פליך, זיין געשטעל — בלויז קידערווידער. ער באַגריסט נישט זיינע שכנים. לויפט פאַרביי דעם הויף, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע. שטענדיק האָט ער פאַרגעסן עפּעס אין שטוב: דאָ דעם שירעם, דאָ — ס׳חשבון־ביכל, אָדער דעם סדר־היום, וואָס ר׳האָט צוגעגרייט נעכטן אָוונט. לויפט ער איבער די דריי שטאָק טרעפּ, עטלעכע מאָל, אַרויף און אַראָפּ. און אויך שוין דאַן, שטייענדיק ביים טויער אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, דערמאָנט ער זיך אויפסנייע, אַז ר׳האָט נישט ביי זיך ס׳נאָז־טיכל. אַזוי יעדן פרימאָרגן, ביז ער פאַרלאָזט זיין בחוריש שטיבל. און יעדעס מאָל, ביי אַלע טרעפּןפענצטער, מוז ער זיך אָפּשטעלן אַ ווײַלע, קוקן צו יענעם באַלקאָן, פונוואַנען עס טראָגט זיך אַ הילכיק געלעכטער פון שפּילנדיקע קינדער. עפּעס פילט ער אַ באַנגשאַפט אין זיך, אַ בענקשאַפט, וואָס צערייסט אין אים אַלץ. וויפיל עס האָבן אים שדכנים נאָכגעיאָגט, געריסן די פּאָלעס ר׳זאָל חתונה האָבן, ר׳זאָל זיך אַריינגעמען אַ באַלעבאָסטע אין שטוב — זיין עקשנות איז אַלעמען בייגעקומען. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר פופצן צוריק, ווען וואָווע איז נאָך געווען אין די יונגע יאָרן, געהאַלטן אַרום די דרייסיקער. דאַן, ווען ער איז נישט אַזוי איינגעשפּאַרט, וואָלט ער איצט שוין געווען אַ טאַטע, אַ בכבודיקער באַלעבאָס; וואָלט ער נישט געווען דאָס, וואָס ר׳איז. איצט איז זיין בחורישקייט שוין איינגעבאַקן טיף אין אים, הויזט אין אים — אַ באַזעסעניש, נישט צום פאַנאַנדערשיידן. עס איז אים דערווידער אַלץ: דאָס שטרוי־בעטל, אויף וועלכן ער קנאַדערט זיינע צעבויגענע ביינער, דער אויסגעקרימטער שפּיגל, פונוועלכן ער קומט אַרויס, ווי קוקנדיק פון אַ בלעך, די אַרומגעשיילטע ווענט, וועלכע שמעקן מיט פאַראָסטקייט. און שטענדיק, ווען ער צעלייגט איבערן טיש דאָס ברויט, דעם הערינג, די ציבעלעס, פאַרשטאַרקט זיך אין אים דער

כעס אויף דער וועלט: אַלץ האָט זי, די מאָדערנע וועלט, געקאָנט צו־טראַכטן, אַזויפיל דערפינדערישקייטן — און עפּעס פאַר דעם מענטשס מאָגן האָט זי נאָך ביז איצט נישט אויסגעפינען. געמיינט צו זאָגן האָט וואָווע דערמיט, אַז — באמת כדאי געווען, אנשטאט וואָס דער מענטש מוז קייען און שלינגען, זאָל די וויסנשאַפט אים קעגנטראָגן אַן איינ־שפּריצונג אַזאַ, וואָס זאָל ממלא זיין די פאַרשידענע מאכלים. איבער וועלכע ער, וואָווע, מוז זיך אַזוי שטאַרק מאַטערן, סיי ביים צוזאַמענ־ברענגען זיי און סיי — ביים קייען מיט זיין אָנצייניק מויל פיל שעהן במשכן טאָג. דעם דאָזיקן געדאַנק ברענגט ער אַרויס הויך פאַר חברים; אַלץ דערציילט ער זיי, נאָר איינס — זיין שכנותדיקן באַלקאָן — וועגן דעם שווייגט ער. צוואָס רייצן אין זיך די נערוון, צוואָס...

דערפאַר, אַז וואָווע טראָגט זיך, אין שפּעטע אָוונטן, איבער די דריי שטאָק טרעפּ, צו זיין שטיבל, איילט ער גיך פאַרביי די טרעפּן־פענצטער, לויפט, מיט גיכקייט, אַריין צו זיך — און בלייבט שטיין נעבן זיין פאַ־ראָסטן באַלקאָן. אַלץ אין שטוב איז ער אַ שונא. נאָר מיטן באַלקאָן לעבט ער בשלום. ער, דער באַלקאָן, פאַרבינדט אים מיט זיין קעגנאיבערדיקן שכן; אויף אים זעט ער זיין אייגענע פאַראָסטקייט און זעט: קינדערלעך שפּילן זיך אין בעטעלעך, ווינדעלעך טריקענען זיך אויף אַזאַ באַלקאָן ווי ביי אים...

אַ פאַרשפּעטיקט לעבן בלאָנקעט אַרום —
זאָגן וועגן וואָוון די שכנים אויפן הויף.
און וואָווע פילט זיי, די דאָזיקע ווערטער, פילט און —
שווייגט.

— אַ גוט מאָרגן, שכנטע — איז ער איינמאָל אַריין קעגנאיבער, זיך באַגריסט נישט ווי זיין רגילות.

געקומען איז ער, מכלומרשט, באָרגן אַ פלייש־ברעטל. ר'האָט גע־קויפט עפּעס ביים קצב. וויל ער דאָס צורעכט מאַכן, אַ קאָטלעט, אָדער עפּעס אַנדערש, ווייסעך־וואָס...

אַזוי האָט ער געטראַכט צו זאָגן. און באמת האָט די בענקשאַפט אין אים אַזוי צוגעדריקט, אַזוי דערגאַנגען ביז צום האַלדז, אַז מער האָט

ער נישט געקאָנט זיצן אין שטוב. ניין. ממש שוין מוז ער אַריין צו דער שכנטע קעגנאיבער, אַוועקטראָגן אַ מתנה דאָרט אַהין, אַ געשאַנק פאַר די קינדער... נישט כדי מהנה צו זיין דאָס קליינוואַרג, נאָר — נעמען איינס אויף דער האַנט, ס׳צווייטע, דריקן, דריקן, אוי...

— זיצט אַ ביסל — האָט די שכנטע וואָווען אונטערגערוקט אַ בענקל.

וואָווע האָט זיך אַוועקגעזעצט. ביי זיין יעדן קער — קינדערס ניי־געריקע בליקן, אַרומבלאָנדזשענדיקע איבער זיין הלבשה, איבער זיין האַלז און נאַקן. פאַרשמאַדערטע קליינוואַרג און דאָך — וואַרעמט זייער באַריר זיין בחורישקייט.

— נו, פאַניע, אוי, כ׳ווייס דאָך אַפילו נישט ווי איר הייסט — שטעלט זיך אַוועק נעבן אים די שכנטע, באַוואונדערט אים מיט אַ רחמנות־בליק.

— איך הייס שוין נישט — ענטפערט וואָווע אַ פאַרטראַכטער — געהייסן האָב איך ביז מיט צוואַנציק יאָר צוריק, איצט...

— וואָס, איצט?

וואָווע וויקלט צווישן די פינגער אַ צוקערל, פאַרפאַקט אין אַ באַ־בלימט פאַפירל, האַלט עס אַראָפּ, צו די קינדער, ווישט דעם פליך, וועל־כער ציט זיך ביי אים פונעם קאָפּ ביז דער גאמבע.

— איצט, שכנטע קרוין — זיפצט ער מיט עגמת־נפש — איצט האָב איך שוין נישט קיין נאָמען מער...

— וואָס הייסט? ווי אַזוי לעבט עפּעס אַ לעבעדיקער מענטש אָן אַ נאָמען?

— אַההה! — קוועטשט וואָווע צו זיך איינס פון די קינדער — בלויז טעם...

— נע־נע! — רייסט אַרויס די מאַמע ס׳קינד פון וואָוועס הענט — זעט־נאָר, זעט... האָט מיר איבערגעשראָקן ס׳חיות...

בלייבט ער זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, איבריקע הענט, מיט וועלכע ר׳ווייס נישט וואָס צו טאָן.

— נו, שוין, אַ גוטן טאָג — לאָזט ער זיך צו דער טיר.

און די שכנטע פאַרשטעלט אים דעם וועג:

— איר האָט דאָך עפּעס געוואָלט באָרגן ביי מיר, אַיאָ?

— יאָ, ניין — טרייסלט ער זיך אויף זיין אָרט און פּרוּווט זיך דער־מאָנען — אוי, דאַכט זיך, יאָ...

פונעם צעעפנטן באַלקאָן טראָגט זיך אַ הילכיק געקלינג פון קינ־דערשע קולות. וואָווע שטייט מיטן פלייש־ברעט אין די הענט. באַטאַפּט דעם אַרום מיט זיינע שלעפעריקע אויגן. ציט דעם אָטעם, ווי ער וואָלט געוואָלט אַלץ אַריינעטעמען אין זיך, יאָ, אַלץ, דעם גאַנצן אוויר מיט וואָס עס לעבט די דאָזיקע שטוב.

און אַז די שכנטע האָט אים פאַרגעלייגט, ער זאָל ברענגען ס׳פלייש צו איר; אַז זי וועט אים מאַכן די קאָטלעטן — דאַן האָט זיך וואָווע האַס־טיק אַרויסגעוואָרפן אויפן קאָרידאָר, געשפּרינגען איבער די טרעפּ, צו דריי, צו פיר אויף אַמאָל.

ווי לאַנג דאַרף דויערן ביז עס ווערן פאַרטיק קאָטלעטן? ווען עס זאָגט אים איצט אימעצער, אַז כדי קאָטלעטן זאָלן ווערן אָפּגעפּרעגלט אויף דער פּאַטעלנע, מוז מען וואַרטן כאָטש אַ שעה פיר, וואָלט ער יע־נעם טיף־טיף געדאַנקט. פיר שעה צו זיצן אויף דער שכנטעס באַלקאָן, אַרומגערינגלט פון ווינדעלעך, פון קינדערלעך...

אין יענעם אָוונט האָבן שכנטעס געשמועסט צווישן זיך:

— אַ רחמנות, נעבעך, אויף יענעם יונגנמאַן...

— איז עפּעס, דאַכט זיך, לא עלינו, צעדרייט...

— נישט פאַר קיינעם געדאַכט...

וואָווע איז אָבער געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען. נאָר אַ צולהכעיס האָט ער אָפּגעטאָן זיינע הויף־שכנים: די טירן פון באַלקאָן קיינמאָל נישט געעפנט. אַזוי איז בעסער. דורך פאַרמאַכטע טירן איז לייכטער צו זען ווי די קינדער שפּילן זיך אויפן קעגנאיבערדיקן באַלקאָן. דאָס איז זיין הנאה. קיינער האָט נישט קיין רעכט זי פון אים אַוועקצונעמען, ווי קיי־נער האָט נישט קיין רעכט אים בגוואַלד חתונה צו מאַכן.

— אַן אַלטער בחור... וועט שוין שטאַרבן אַזוי... אַפילו קיין ירושה נישט איבערלאָזן...

צו אַזעלכע מסקנות זענען געקומען די הויף־באַוווינער און, להבא, נאָך שטאַרקער געהיטן די קינדער, אַז זיי זאָלן זיך נישט שפּילן אונטער ר׳אָוועס באַלקאָן.

— חנהלע!

— אשרל!

— אַוועק פון דאָרט!

— דאָרט טאָר מען זיך נישט שפּילן...

וואָווע האָט דאָס געהערט און געפילט. ס׳האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, פאַרוואָס ר׳האָט נישט חתונה געהאַט מיט אַ יאָר צוואַנציק צו־ריק. איצט איז שוין אָבער שפּעט. פאַרפאַלן. איצט מוז ער הנאה האָבן פון פרעמדע קינדערס שפּילן. איז דאָך אָבער די וועלט נישט דערצויגן. לאָזט מען אים די הנאה אויך נישט צו...

פאַרשטעקט וואָווע דעם קאָפּ טיפער אין קאָלנער, שטעלט ברייטע שפּרייזן איבער די טרעפּ. איילט גיך איבערן הויף, ווי ער וואָלט וועלן אַריבעריאָגן די שמייכלדיקע און רחמנותדיקע בליקן, וואָס באַגלייטן אים פון זיין פאַראָסטן באַלקאָן ביז איבער דער גאַס אַרויס:

— פאַרזשאַווערט, ווי דער באַלקאָן זיינער...

— נעבעך...

# האַס און ליבע

טאָקע דעמאָלט, אינעם גרויסן צוזאַמענלויף וואָס עס איז פאָרגעקו־מען אויף דער גאַס, דאַן האָבן זיי זיך ביידע באַקענט — יצחק און שרה־לע. און פאָרגעקומען איז עס אין איינעם אַן ערב־בין־השמשות:

די זאַמענהאָף־גאַס, צווישן גענשע און נאַוואָליפקי, איז פאַרפולט מיט בחורים, מיידלעך, איילנדיקע, ווער אין קינאָ און ווער — אַהיים, נאָך אַ שווייסיקן אַרבעט־טאָג. האָט זיך אין דער ענגשאַפט אַריינגעריסן אַ הויך אויסגעשריי —

„חברים און חברטעס!“

וואָס דער דאָזיקער אויסרוף מיינט איז די גאַס גלייך געוואָר־גע־וואָרן, ווען — אַ רויט־געפּאַרבט שטיקל געוואַנט האָט גענומען פינקלען מיט גאָלדענע אותיות אַראָפּ, פון די טראַמוויי־דראָטן, אינעם פאַרנעם, זומערדיקן נאָכמיטאָג:

„גידער!...“

„זאָל לעבן!...“

איז די גאַס שטיין געבליבן מיט טשעקאַווע בליקן, געווענדט אַרויף, אינדערהייך:

ווער ווער ווייסן וועט באַזיגן?

אוודאי האָבן בחורים געוואָלט, אַז זיגן זאָל די פרייהייט. ווער וויל דען נישט זיין פריי, זיין באַלעבאָס איבער זיך, אינעם גרויסן, טומל־דיקן וואַרשע.

האָט אַ פייערל געבליצט פון בחורימס אויגן אַרויס, אַ פייערל, פלאַ־קערנדיק מיט האַס, מיט נקמה צום אומיושרדיקן וואַרשע, צו דער גאַנ־צער וועלט. פאַרוואָס איז די וועלט צעטיילט אויף אַזויפיל שטיקער, אַזוי־פיל באַלעבאַטים, אַזויפיל כאַלופניקעס...

זאָל לעבן די פרייהייט!

נידדדער!...

אינעם גרויסן טומל איז שווער צו וויסן, ווער עס בענקט צו איר, דער פרייהייט, ווער עס רופט זי, אַלע רופן זי. זענען פאַרשטעקט אין טויער־ווינקלען גייגעריקע בליקן, באַהאַלטענע פון דער גאַס. אויך זיי, די דאָזיקע בליקערס, ווילן זיין פריי. נאָר אויב וועט מען נעמען לויפן, ווילן זיי זיין די ערשטע צום אַנטלויפן. אַזוי איז גלייכער. צו־וואָס זיך שטופן אין אַ מקום־סכנה? אמת, בחורים און מיידלעך האָבן, לכתחלה, געוווּסט, אַז — גלייכער גיין ווו מען דאַרף, אָפּרוען נאָך אַ שווייסיקן טאָג; צוליב דעם רויטן פענדל, איבער די טראַמוויי־דראָטן, קאָן מען באַקומען אָנגע־בראָכן די ביינער... דאָך — אַ טשעקאוואָסט אַזאַ האָט געגייגערט אין איטלעכן באַזונדער: נאָט, זעט, די פרייהייט...

אין יענעם נאָכמיטאָג האָט די פרייהייט פאַרשפּילט אויף דער וואַר־שעווער זאַמענהאָף־גאַס. עס איז אָנגעפּאָרן אַ הויכער לייטער, אָנגעלאָפן אַ פּאָליציאַנט: מ׳האָט דאָס רויטע פענדל אַרונטערגענומען; צעצוויש־טשערט אַ גומענעם שטעקן איבער פנימער, קעפּ. אַמערשטן איז מען גע־לאָפן פון די מויערן אַרויס, דערנאָך — פון די טראָטואַרן, פון דער גאַס־ברוק און, לסוף — דער פּאָליציאַנט מיטן גומענעם שטעקן אין דער האַנט. —

פּשאַ־קרעוו!

אָוועקגעפּטרט אַ שטיקל אַרבעט וואָס האָט געקאָסט אַזויפיל מי, מאַטער. וואָלט כאָטש דאָס פענדל געהאנגען נאָך עטלעכע מינוט... איצט — נאַ־דיר...

אַ פּאַרסאָפּעטער, איז געלאָפן יצחק פון ברוק אַראָפּ, איבערגעאיילט אַלעמען, אַרויף אויף אַ טראָטואַר, זיך דורכגעשטופּט ביי אַ מויער און אַרויסגעקומען אויף דער גאַס. הינטער אים — אַ שוואַרצע מענטשן־כמאַרע פּלייצט פון טויער צו טויער, לויפט, אַנטלויפט. וואָס איז דאָס לויפעניש. ער וואָלט שטאַרק חשק געהאַט אַלעמען אָפּצושטעלן, אויס־זידלען: איר... טכוזשעס!... ער זאָגט דאָס אָבער נישט. גלייכער צו שווייגן. היינט איז נאָר געוועזן אַ פּראָבע. מאָרגן וועט זיין בעסער.

אויף יצחקן פלאַטערט די טשופּרינע, פלאַטערט דער ערב־אָוונט מיט זון־פאַרגאַנג. נעבן זיינע טריט, דער אַרום — איין געשריי, איין געפּיל־דער: קולות הודזשען אינעם אוויר. פונעם פּאַליציאַנט קיין זכר. און די גאַס לויפט. וווהין? יצחק וויל אָפּשטעלן זיין אייגן געלויף. צוויי מיידל־שע הענטלעך עסן זיך איין אין זיין פּלייצע, אין זיינע ביינער:

— שטערט נישט!

— שטייט נישט אין וועג!

אויף יצחקן פלאַמען די באַקן. ער לויפט־נאָך דעם מיידל. וועט איר זאָגן עפּעס. יאָ, זאָגן, אַז — פע, נישט שיין אַזוי צו לויפן...

האָבן זיךביידע אויסגעגלייכט ביי אַן עק־גאַס — יצחק, מיט דער דעה, אָפּצוזעדן ס׳האַרץ; שרהלע, סתם אַזוי, אָפּרוען.

— אַזאַ געפּילדער אָנגעמאַכט! — האָט זי אויסגעגלייכט ס׳האָר־קרענצל אַרומען קאַרק.

— אַזוי דאַרף עס זיין און — נישט אַזוי — איז יצחק געגאַנגען פון הינטן, גערעדט צום מיידלס געדיכטן האָר־בונט און צוגעגעבן — אויב האָבן זי מורא, וועל איך אין אונטערפירן אַהיים.

דאַן האָבן זיך ביידע ווידער אויסגעגלייכט, איבערגעקוקט און פאָר־געשטעלט:

— יצחק, אַ קאַמאַשנשטעפּער.

— שרה, אַ שטוב־מיידל.

— אַ שטוב־מיידל? — האָט זיך יצחק נענטער צוגערוקט — נישט אומזיסט אינס שרעק אַזוי שטאַרק...

— פאַרוואָס?

— ווייל זי קומען נישט צווישן פּראָלעטאַריער...

פון דאָ און דאָרט האָט געבליצט דער אָוונט מיט זיינע ערשטע ביירלעך. די נאַכט האָט זיך אַריינגעקלאַמערט צווישן מויערן, גאַסן, גע־איילט איבער דעכער, פאַרטרייבנדיק דעם געלן בין־השמשות.

אויף אַ זייטיקער גאַס, נענטער צום טראַוגוט־פּאַרק, האָבן געשפּאַנט צוויי יונגע מענטשן, פאַרטאָן אין אייגענע מחשבות: יצחק — אַ פּאַס־

קודנע וועלט אָן אַ קאַפּיטשקע יושר; שׂרהלע — דורכגעמאַכט אַזויפיל שרעק, אומזיסטע האַרצקלאַפּעניש...

— נו, דאָ וווין איך — האָט זי, פּלוצלינג, אַ זאָג געטאָן — מיין בעסטן דאַנק פאַר אונטערפירן מיך.

נעבן טויער האָט געפלעמלט אַ גאַז־פייערל אין אַ הויכן לאַמטערן.ביידע האָבן זיך, נעענטער, איינגעקוקט אין די פּנימער, ביידע, צוזאַמען — עפּעס, אַריבער די דרייסיק.

איצט האָט יצחק דערפילט אַ רואיקייט אין זיין געמיט. איצט ווילט זיך אים רעדן, אָפּרעדן וואָס עס קלעמט אין אים פאַר דעם היינטיקן טאָג.

— זי פאַרשטיין, שׂרהלע — האָט ער אויסגעגלייכט אויף זיך זיין ייִנגלשן געשטעל — עס ווילט זיך שוין זיין עלטער און זען...

דעם מיידלס פּנים איז געווען, ווי אויסגעקנעטן פון טייג, אָן אַ סימן פון מידקייט, פון איבערגעאַרבעטקייט. מיט אַזעלכע מיידלעך ווילט זיך פאַרברענגען, ווילט זיך שמועסן ווען ס׳איז אָנגעוויטיקט אויפן האַרץ. דאָס פילט אויך יצחק, כאָטש ער איז אַ שונא דעם „נישט־אַרבעטנדיקן עלעמענט". אין אַ פרייער שעה איז גוט צו זיצן צווישן אַ פריילעכער קאָמפּאַניע, פלאַפּלען וועגן אַלץ — אפילו נישט פון פּאָליטיק.

און שׂרהלע איילט אַהיים. זי וויל נישט וויסן מכוח־וואָס עס טראַכט דער פרעמדער בחור. זיין אויסזען געפעלט איר. זי וואָלט אים געהאָלפן אָן עפּעס, יאָ, זי וואָלט...

לאַנג האָבן זיי געהאַלטן די הענט באַנאַנדער, געגלעט די פינגער, געצערטלט דעם בליק אונטערן מאַטן שיין, וואָס האָט אַרויסגעציקט, מיט אַ וויים פייערל, פונעם הויכן לאַמטערן נעבן טויער.

די ערשטע באַגעגעניש צווישן יצחק און שׂרהלען האָט זיך געענ־דיקט. זי איז אָבער געווען אָן אָנהייב צו ווייטערדיקע באַגעגענישן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן נעכט און טעג, טעג און נעכט — צווישן דעם פּראָלע־טאַריער, יצחק און דעם „מאַמעס אַ קינד", שׂרהלע.

אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז —

יצחק האָט איר אָנפאַרטרויט אַ סוד:

— היינט קומט־פאַר ביי מיר אַ וויכטיקער צוזאַמענטרעף, וויל איך, אַז דו זאָלסט אויך קומען.

— סאַראַ צוזאַמענטרעף?

— אַ גאַסט, פאַרשטייסט, אַ וויכטיקער גאַסט.

דעם מיידל זענען געווען פרעמד אַלע יצחקס רייד וועגן „אויסבע־סערן די וועלט״. ס׳איז איר נישט געווען שלעכט אַזוי, איצט, ווי די וועלט איז געבויט. מיט יצחקן האָט זי זיך בלויז געחברט, ווייל ר׳איז געווען אַ סימפּאַטישער בחור. אַזוי האָט זי דערציילט אַלעמען. מער נישט. און דאָך, איז זי געגאַנגען צו אים אַהיים, אינעם בוידעם־שטיבל, כדי צו הערן מכוח־וואָס מ׳וועט דאָרט שמועסן. עלעהיי זי שטייט אין יענעם טויער, אויף זאַמענהאָף־גאַס, ווען מ׳האָט אויפגעהאָנגען ס׳רויטע פענדל. אמת, ווען זי ווייסט איצט, אַז דאַן איז עס געווען יצחקס אַרבעט, וואָלט זי אים, זיכער, שטאַרק אויסגעזידלט דערפאַר. בלויז רעדן, אַרט איר נישט. אַ שפּיל אַזאַ. זי וועט אָבער נישט וועלן ליידן, וויבאַלד יצחק וועט זיך פאַרפּלאָנטערן מיט די דאָזיקע מיאוסע עסקים...

— הערסט, איך גיי מיט דיר; נאָר טאָמער וועט׳ס מיר נישט גע־פעלן — זאָל עס זיין דאָס לעצטע מאָל!

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, קום.

זינט זיי האָבן זיך דערקענט, איז צווישןביידן געגאַנגען אַן אַמפּער־ניש — מכוח היינט און מאָרגן; מכוח פאַרזאָרגן זיך — און יענעם. שרהלע איז געווען דער היפּוך פון איר חבר. זאָל יענער אַליין זאָרגן פאַר זיך. מיר ווייסן נישט וואָס עס וועט זיין מאָרגן... יצחק איז אָבער געווען זיכער, אַז מ׳קען זי נאָך איבעראַנדערשן, שרהלען. ער וועט זי נעמען צווישן זיינע חברים און דאַן...

און אויך דאַן האָט ער געהאַט אַ טעות. דאָס זעט ער איצט, ביי זיין לעצטן פּרוווו:

אַרומגענומען פון אַ נאַפּט־קאָפּיטש, זענען פאַרטונקען קעפּ מיט אָנ־געשטרענגטע געהערן צו איינעם אַ שטוב־ווינקל; אַרומגענומען מיט שאָטנס, וואָס שפּאַרן פון די ווענט, האַלט מען אָנגעשטרענגט די אויערן צו יצחקס בליק.

— די גרויס־מייסטערס — זאָגט יצחק — צעפּלינדערן דעם כאַ־לופניק און ער, דער כאַלופניק...

איטלעכס וואָרט זיינס — אַ הייס שטיק קויל, שפּריצנדיק פייער, וואָס שפּראָצט פון זיינע צעעפנטע אויגן, פון זיינע שמאָלע מויל־ווינק־לען. יצחק ברענגט־אַרויס זיינע ווערטער מיט פיל אויפריכטיקייט, — ווערטער, וואָס שפּאַרן פון אַ יונגען בחור, פון אַזעלכן, וואָס פילט זיך בכוח איבערצוצייגן, אויפקלערן. און צי דאַרף מען דען זוכן אַ וואָרט־שפּיל אַזאַ, כדי פאַרצושטעלן אַ קלאָר בילד פון דעם, וואָס עס פילן אויף זיך אַלע געקומענע צו יצחקן אין בוידעם־שטיבל!? היינטיקער אָוונט גע־הער צו דער „בערזע". זענען זיך די „בערזע"־לייט צוזאַמענגעקומען. היינט איז געקומען אַ נייע חברטע און יצחק שטעלט זי פאַר אַלעמען:

— שרהלע הייסט זי, אונזער גאַסט...

אָבער שרהלע האָט נישט געפילט קיין גאַסטפריינטלעכקייט אין די דאָזיקע ווערטער. זי האָט געקוקט צו דער טיר מיט שרעק. פונקט, ווי יע־נעם נאָכמיטיק אויף זאַמענהאָף־גאַס, ווען זי איז געוואָרן אריינגעשטויסן אינעם טויער־ווינקל. ניין. זי פילט זיך נישט דערוואַקסן צו אַזאַ אַרבעט, וואָס יצחק גרייט פאַר איר. אַ סימפּאַטישער בחור צום שפּאַצירן גיין, צום קינאָ גיין. זי וועט אָבער נישט פטרן אירע שעהן אַרום דעם קאָ־פּיטש אָ...

האָט זי, איילִיק, זיך אויפגעשטעלט, אַ נעם געטאָן יצחקן אונטערן אָרעם:

— אָדער דו גייסט, אָדער...

איבער יצחקס שטערן האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אַ האָר־פּאַסמע. זיין בליק — ווי ביי אַ צעשראָקן קינד, וואָס מ'האָט עס געכאַפּט ביי אַ מיאוסער מעשה.

— באַלד... כ'גיי...

— שוין! שוין זאָלסטו גיין!

אַרויס פונעם טויער, האָט מען זיך געשאַרט איינציקווייז. דער אָוונט האָט געפילדערט מיט יינגליש געלעכטער, אויסגעפילט מיט גע־פּלאַפּל פון יידישע בחורים, יידישע מיידלעך.

די וואַרשעווער גאַס פון דאָקטאָר לודוויג זאַמענהאָף.

און ערגעץ אין אַ ווינקל, פון דער דאָזיקער גאַס, האָבן צוויי פּאָר בליקן זיך דורכגעגעסן מיט האַס און ליבע — האַס צו אַן אומיושרדי־קער וועלט און ליבע...

אין יענעם אָוונט האָט געזיגט די ליבע פון יצחקן צו שרהלען, פוןביידע באנאנדער, געזיגט און באַזיגט אַלע געמיינקייטן.

— כ׳וועל שוין בישט, מיין טייערע...

— מיין טייערער, געדענק...

# גרענעץ־„שוואַרצער״

דאָס עסק איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן הינטער אַ טונקעלן פֿאַרקאַן: עס קאָסט כּך־וכך, מאָרגן פֿאָרט מען קיין ווילנע, איבערמאָרגן — אַרי־בער די גרענעץ.

זעליק האָט נישט געזען ס׳פּנים, געוווענדט צו אים, נישט געזען די אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים. אַ גרענעץ־„שוואַרצער״ מוז זיין פֿאַרהוילן פֿון אויג, פֿון מענטשס בליק. אַזוי האָט ער פֿאַרשטאַנען. און פֿאַרשטאַנען האָט ער אויך, אַז ער, זעליק, נעמט־אונטער אַ געוואַגטע זאַך. — וועט זיך אים איינגעבן ס׳אַריבערשוואַרצן די גרענעץ, וועט ער זיין גליקלעך, זייער גליקלעך.

וואָס אַזוינס האָט דער אַכצן־יאָריקער זעליק אָפּגעטאָן, אַז ער מוז אַנטלויפֿן פֿון לאַנד, פֿון היים? דאָס טראַכט ער טאַקע איצט. קומט נישט צו קיין מסקנא. זיינע חברים לויפֿן; וועט אויך ער לויפֿן.

האָט זיך דער טאָג געשטעלט להיפּוך צו זעליקס מחשבות — אַ צעהעלטער, אַ צעזונטער. אַרום די פֿיס — געלע, שטעכיקע פֿלעקן. שטעכן זיי דורך, די זון־שפּיזן, זיין צעקנייטשט בגד, עסן זיך איין אין צעהויקערטן גוף: היינט אָוונט... מאָרגן אָוונט... און איבערמאָרגן? דער וועג פֿון וואַרשע קיין ווילנע, מיטן צוג — עפּעס מער ווי זעקס שעה.

זיצט ער איינגעגנורעט אין קופּע. אין דער צווייטער, אין דער דריי־טער — זיינע חברים, דער „שוואַרצער״.

און אַז דער קאָנטראָלער הייסט ווייזן דעם בילעט, צאַפּלט־אויף אין זעליקן אַ דערמאָנונג: ער פֿאָרט צו אַ מומע קיין ווילנע; זי וווינט אויף זאַוואַלנע־גאַס; מאָרגן פֿאָרט ער צוריק...

אַזוי האָט געלערנט צו זאָגן יענער פֿאַרהוילענער ייד, דער גרע־

נעץ־„שוואַרצער“. מען טאָר זיך נישט וואַרפן אין די אויגן. מען דאַרף ענטפערן. נישט פאַרלירן זיך. אויפן וועג לויערן שפּיאָנען...

און ווי לאַנג עס ציען זיך די זעקס שעה פון וואַרשע קיין ווילנע!

אויף דער קעגנאיבערדיקער באַנק שנאָרכט אַ פּאַסאַזשיר. זעגט עס אין זעליקס קאָפּ, ווי ר׳וואָלט זיך געפונען אין אַ טאַרטאַק. דער שכן פון רעכטס — אַ רויכערדיקער קוימען און דער פון לינקס — גריזשעט די ציין איבער אַ האַרט חפץ. און אויבן, אונטערן סופיט — אַ גרין־געל טאַנצנדיק פייערל הוידעט זיך אין אַ לאַמטערן, באַוואָרפט אַלעמען מיט „געלער זיכט“.

זעליק קנייטשט־איין דעם האַלז, פאַרזעצט דעם קאָפּ צווישן פלאַכע האַנט־דלאָניעס. זיינע באַקן — גלאַט, אַרומגעפּודערט. דער קאָלנער — שטייף, אויסגעפּרעסט. ער פאָרט צו־גאַסט. ער דאַרף אויסקוקן לייטיש.

און פּלוצלינג:

— מען שיסט!

אר־הו־ווק... טררראאאך...

צעוואָרפן איבערן פעלד וואַלגערן זיך שאָטנס. אַ פלעמעלע פלאַמט־אויף. ווערט פאַרלאָשן. אַ ביקס־קויל צעהוקעט זיך, צעפּייפּט זיך. אַ צווייטע. אַ דריטע. עס דושעט נאַכט־חשכות. הימל און ערד — איין אויסגעמיש, איין שטיק. און זעליק צווישן. פאַרפלאָנטערט אין נאַכטס געוואָי. לויפט פון גרוב צו גרוב. פאַלט. פאַרלירט דעם אָטעם. און הינטער אים, אַרום אים — אַ געקנאַל: ביקסן־שאָסן, הינט־בילן. שאַ.

אַ ווייליקע שטילקייט, וואָס עסט זיך איין אין ביינער. איצט מוז עפּעס פאָרקומען...

זעליק ליגט צווישן פייכטן גראָז. די נאַכט איז זיין שומר. איר פינצטערניש האַלט אים אין זיך, היט אים פון גרענעץ־וועכטערס אויג. אַרום — טויט; טויטקייט האָט פאַרשלינגען זיינע חברים; טויט לויערט פון זעלנערס ביקסן...

אוווך!

נאָר קרעכצן טאָר מען נישט. נישט באַוועגן. אַ טרעטן אין גראָז. אַ סאַפּען פון הינט. אָט־אָט און — — —

דער צוג איז שטיין געבליבן ביים ווילנער וואָקזאַל.

מיט איין אויגנבליק — די קופּע ווערט אויסגעליידיקט. אַרום פינצטער שאַריעט דער טאָג. אינדרויסן — אויפגייענדיקער פרימאָרגן, נייער טאָג, וועלכער וועט ברענגען — פאַר וועמען גליק און פאַר וועמען...

זעליק רייבט די אויגן־וויעס. דאָס נאַכט־געשפּענסט עגבערט זיין מוח, פרעסט פון אים שטיקער: איז עס געווען נישט מער ווי אַ חלום? הלוואי!

און ווו איז דער גרענעץ־„שוואַרצער"?

איבער די טרעפּ פון פעראָן — זיינע חברים — צוויי בחורים, איין מיידל — שפּאַנען, צעוואַרפן, איינס הינטער איינס. זעליק — דער לעצטער.

וווהין גייען זיי? מען טאָר נישט פרעגן. מען טאָר נישט רעדן. אַ גרויסער, טיפער סוד באַוועגט זיך איבער ווילנער גאַסן.

איז מען שטיין געבליבן נעבן אַ קליין הייפל אויף זאַוואַלנע. יאָ. טאַקע. דאָס איז זי, די גאַס. אַ שמייכל צעגליטשט זיך איבער פּנימער און פרייד — ווען אַלע געפינען זיך אין אַ שטיבל. אַ יידיש שטיבל און אַ יידישע יידענע דערין.

— זעצט זיך, פילט זיך באַקוועם — טרייסלט אַ טיף שייטל איבער אַלעמענס קעפּ — אָט, דערלאַנג איך טיי, פרישטיק; אָט, מאַך איך געלעגערס.

איצט האָבן זיך אַלע איבערגעקוקט מיט אַ פראַגע־צייכן — דריי בחורים און איין מיידל.

— קום אַהער, עסטושע — זאָגט איינער פון די בחורים — איך וועל הייסן צוגרייטן אַ בעט...

עסטושע ענטפערט מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל. זי איז שטאַרק צופרידן פון איר בחור. טאַטע־מאַמע האָבן זי נישט געלאָזט „אַרומגיין" מיט אים. איז ער דאָך אַ קלוגער, איר בחור. וועט מען „שוואַרצן" די

גרענעץ, אַנטלויפן. און דאָרט — דאָרט וועט זיי קיינער נישט פרעגן, נישט שטערן...

— לאָז געמאַך — צאַפּלט אַ פלאַם אויף עסטושעס שטערן — גיי אַוועק... איך בין מיד...

און מיד איז אויך זעליק. און מיד זענען אַלע. נאָר שלאָפן לייגט מען זיך נישט. באַלד דאַרפן אַריינקומען דער „פּראָוואָדניק" און דאָס פּאַר־הוילענע יידל, וואָס איז מיטגעפאָרן פון וואַרשע — ער דאַרף זיי דאָ פאַרבינדן מיטן „פירער", זיך צעחשבונען. דערנאָך פאָרט ער צוריק. און דערנאָך — פאָרט מען קיין ווילייקע, קיין דאָקשיץ — שטעטלעך אַזעלכע אַרום דער גרענעץ. היינט אָוונט וועט'ס פאָרקומען. היינט...

***

— הערט־זשע — איז אַריינגעקומען אין שטיבל אַ הויכער גוי מיט שרויפיקע וואָנסעס, מיט שמאָלע אויגן־שפּעלטעלעך, אַריינגעקומען אָן באַגריסונג, אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ בעט — הערט, נאָר הערט מיט קאָפּ: איצט פאָרן מיר מיטן צוג... פון צוג מיט אַ פור... פון דער פור גייען מיר צופוס דורך אַ וואַלד... איבער אַ פעלד... האַלטן זיך צוזאַמען... נישט רעדן... איינער הינטער איינעם... קיין ווייס חפץ... קוקן אויף מיר... און ווען איך וועל זיך אַוועקוואַרפן אויף דר'ערד — אויך איר... אַלע גלייך...

שטיל.

אַזאַ שטילקייט הערשט ביי אַן אבל. אַלע האָבן זיך איינגעהערט, צע־קייט יעדן געדאַנק, אים טיף אַראָפּגעשלינגען. פאַר איטלעכן זענען דעם גויס ווערטער געווען ניי, געווען פריש. און ער אַליין — ער האָט גע־רעדט אויטאָמאַטיש. נישט ס'ערשטע מאָל ברענגט ער אַרויס פון זיך די ווערטער. זיבן מאָל במשך דער וואָך. יעדע נאַכט פירט ער מענטשן איבער דער גרענעץ. פירט גוט. אָן מכשולים.

לסוף טוט ער אַ פרעג:

— די „סימנים" האָט איר?

ביי איטלעכן האָט זיך געפונען זיין „סימן" אין קעשענע. אַ שטיקל

פּאַפּיר אַזאַ, אָדער אַ וואָרט, וואָס דער „פּראָוואָדניק" דאַרף צונעמען פון יעדן ביים גרענעץ־פּאַס, איבערגעבן יענעם יידל און יענע פאַרהוילענע יידל באַקומט אַרויס דערויף ס'רעשט געלט — אַ סימן, אַז די „סחורה" געפינט זיך שוין אויף יענער זייט גרענעץ.

— יאָ — האָבן זיך אַלע אונטערגעהויבן פון זייערע ערטער.

זעליק איז אַרויס דער לעצטער.

און דער לעצטער האָט ער זיך געשטעלט אין ריי ביים אַריינשפּאַנען אין וואַלד.

די עטלעכע שעה — פון זאַוואַלנע־גאַס ביזן שטעטל דאָקשיץ — די גאַנצע צייט האָט זעליק געחזרט דעם גויס ווערטער, ווי אַזוי צו פירן זיך, ווי אַזוי צו גיין און ווען — צו פאַלן אין גראָז. איצט האָט ער זיך געפילט, ווי ר'וואָלט שוין דורכגעמאַכט האַלב וועג. ער ווייס שוין אַלץ. זאָל נאָר די נאַכט זיין אַ „גוטע". און „גוט" האָט געהייסן — ווי ר'האָט געהערט אין וואַרשע — אַז די גרענעץ־וואַך שלאָפט נאָך אַ הוליאַנקע; אַז אויפן הימל איז נישט דאָ קיין ברעקל לבנה.

דער „פּראָוואָדניק" איז צופרידן. און אויב ער איז צופרידן — זענען אַלע אַריין אין וואַלד מיט זיכערע טריט, מיט אַ זיכערן גאַנג.

פון הינטן — אַ שטיק פעלד, אַ ברייטער שטח, וואָס האָט אָפּגעטרעטן זיין פּלאַץ פאַר וואַלד־שיפּוע.

דאָ, אין וואַלד, איז שוין געווען טיף נאַכט, כאָטש מיט אַ ווײַלע צוריק האָט מען נאָך בולט אַרויסגעזען די הייזער־שפּיצן פונעם גרענעץ־שטעטל.

אַ געפּלאָנטער אין חשכות. אַ פאַלן פון צווייג צו צווייג, פון בוים־וואָרצל צו בוים־וואָרצל.

און דער גוי שטעלט אײַליקע טריט. קען דעם וועג. ווייס, וווּ עס שטייט דער גרענעץ־סלופּ.

וועט זיך דער וואַלד נאָך לאַנג ציען?

מען טאָר נישט פרעגן. און די פיס נעמען ווי טאָן. נישט אַזוי פון גיין, ווי — פון פאַלן, פון צעבלוטן זיך.

דער „פּראָוואָדניק" שמעקט די לופט. לאָזט זיך אַלע ווײַלע אַראָפּ. אַלע נאָך אים. איינער אויף איינעם.

גייט דען אַ גרענעץ־וועכטער?

אפשר יאָ און אפשר ניין.

דער גוי וויל אָבער זיין זיכער. שמעקט ער צו ערד, שמעקט, ווי אַ שפּיר־הונט. די ערד זאַפּט־איין אין זיך טריט פון מײַלן־ווייט, זאַפּט־איין און גיט זיי אַרויס איבער אַ ווייטן שטח.

די טריט פונעם „פירער" און זיינע לייט קען אָבער קיינער נישט הערן. זיי טרעטן איבער צווייגן, איבער בוים־שטאַמען.

ווער מען אפשר אָפּרוען אַ ווײַלע?

האַלבע נאַכט.

איצט מוז מען זיין פאָרזיכטיק.

פעלד־רחבות האָט צעשפּאַרט די פינצטערניש.

אַלע שטייען ביים צעעפנטן וואַלד־ברעג מיט אָנגעשפּיצטע אויגן, מיט אונטערגעהויבענע אויערן.

איז מעגלעך, אַז אויך איצט זאָל מען זיי נישט כאַפּן?

זעליק לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד. און ווען ר'הייבט זיך אויף — איז פון קיינעם קיין זכר נישטאָ.

אַרום — ס'אויג זעט גאָרנישט. חשכות. אין וועלכער ריכטונג זאָל ער לויפן? ווו זענען זיי אַוועק? רעכטס און לינקס — נאַכט. פאָראויס — אַ שוואַרץ בינטל באַוועגט זיך. פאַרשווינדט. טויכט ווידער אויף. זעליק לאָזט זיך לויפן. אונטער די טריט, אַרום די טריט — אַ געפּלאָנטער פון פייכט גראָז, פון שטעכיקע קשאַקעס. דער שטילקייט צעשויבערט אַ הירזשען פון פערד. לויפט נישט זעליק צו די פערד, צו די גרענעץ־וועכטער?... מוראַזשקעס גליטשן זיך איבערן לייב. זיין העמד — אַ ברייטער, שטעכיקער פלאַסטער צוגעקלעפּט צו פּלייצע, צו בויך.

א־ר־ף!

דעם „פירער" אַרט עס נישט. אַ רגילות. ער וויל נאָר וויסן אויף זיכער: שלאָפן זיי, די גרענעץ־וועכטער? דער בעסטער סימן: די פערד

זענען אָפּגעלאָזט. דאַרף מען זיי אויסמײַדן. דאָ אַרום שנאָרכן די שומ־רים...

איצט האָט זיך זעליק ווידער אויסגעגלייכט הינטער דער פּאַרטיע. אַ שווער סאָפּען. ביי יעדן זענען צעעפנט די מיילער. איטלעכער הערט דעם צווייטנס אָטעם, זיין האַרץ־קלאַפּ.

נאָך האַלבער נאַכט האָט ס׳מיידל נישט געקאָנט באַוועגן מיט אַ האַנט, נישט געקאָנט פאַרשאַרן די האָר אַרום די אויגן, האָר, ווי פייכטע סטענגעס ביים אַרויסגיין פון אַ טייך.

— כ׳קאָן נישט מער — האָט זי אַ שושקע געטאָן צו איר בחור, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין בריענדיקער פּלייצע.

נאָר ווייטער גיין האָט מען נישט געדאַרפט.

דער „פירער" האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בינטל קשאַקעס. אַלע נאָך אים. אַ העלער פלעק נעמט זיך פאַרגרעסערן, אויפגיין, דורכשטעכן אַ וועג אין אַ ווינקל הימל.

— נאָך פּופּציק טריט צו די סלופּעס — וואַרפט אַריין דער גוי צו זיינע מענטשן — גיט אַהער די „סימנים" און גייט מיט דעם שטעגעלע.

— ניין! — טרייסלען אַלע מיט די קעפּ — צופירן זאָל ער...

און ער האָט צוגעפירט. און דער „פירער" האָט געשמייכלט אין די וואָנסעס אַריין, ווען דער בחור האָט געהאַלטן זיין מיידל אַרומען גרע־נעץ־סלופּ, געהאַלטן איינגעזויגן זיינע ליפּן אין אירע.

— מאָלאָדצי — האָט ער באַטאַפּט דעם פרימאָרגן מיט זיינע שמאָ־לע אויגן־פּאַסיקלעך — אַ גליקלעכן וועג!

און פאַרשווינדן צוריק.

לאַנג האָט זעליק נאָכגעקוקט דעם „פראָוואָדניק" מיט אַ חידוש אין די אויגן. —

אַ שווערע נאַכט געווען. אַ טרויעריקן חלום געהאַט. און ווי פריי־לעך האָט זיך אַלץ געענדיקט! אָט איז איין גרענעץ־סלופּ, אָט — אַ צווייטער. איין שפּאַן פאָרויס, אַ צווייטן — און פון הינטן בלייבט: היים, יוגנט, חלומות.

די זון האָט זיך אַוועקגעשטעלט איבער דער גאַנצער ברייט פון הימל.

אַ געשריי:

— הענט אין דער הויך!

די גרענעץ־„שוואַרצער" האָבן אויפגעהויבן די הענט, זיך איבערגעגעבן דעם נייעם לאַנד, די נייע געזעצן.

דער וועג, באַגלייט מיט שפּיזיקע באַגנעטן, האָט געפירט איבער אַ פאַרבלאָטיקטער, זומפּיקער לאָנקע.

# צווישן ווארשע און פּראַגע

דוד האָט זיך קיינמאָל נישט געשיידט מיטן שוסטער־העמערל, מיטן צווענגל. אפילו דאַן, ווען ר׳איז אַוועק פון וואַרשע, געשוואַרצט די גרע־נעץ, אַנטלאָפן קיין טשעליאַבינסק, ווו שוסטערס „גיין אין גאָלד" — אויך דאַן האָט ער געשלעפּט אויף זיין איינגעהויקערט פּלייצעלע אַ שווערן טשעמאָדאַן מיט שוסטער־מכשירים, — זיינע העמערלעך, זיינע צווענגלעך. און נאָך אָפּזיין אויף ביידע גרענעצן אין תפיסות, נאָך צוריק־קומען קיין וואַרשע אַ פּאַרלייזיקטער, אַ באַוואָקסענער, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט: אויסגעזוכט אַ דירה הינטער פּראַגע, ערגעץ ביים צמענ־טאַר — אַ ביליק שטיבל — און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן שוסטער־בענקל.

— ס׳איז מיר אַלצאיינס — האָט ער דאַן געשטאַמלט מיט זיין הי־קעדיקן לשון — אַלצאיינס און שוין.

וואָס ער האָט געמיינט דערמיט צו זאָגן, איז שווער געווען צו פאַר־שטיין. איינס אָבער האָבן אַלע געזען: דוד בלייבט שוין אַ היגער, בלייבט שוין זיצן אויפן שוסטער־בענקל. און טאַקע דאָ־אָ, אין דעם שטיבל, וואָס ר׳האָט געדונגען אין פּראַגע.

געווען אַ צייט, ווען דוד האָט זיך פאַרנומען מיט שרייבן. געווען אפילו אַ רעדאַקטאָר. און ליב האָט ער געהאַט יידיש — סכנות־נפשות.

— מיין לעבן! — האָט ער געזאָגט — יידיש... איי, יידיש...

געווען איז ער אַן איינגעבויגענער, האַלב־קיילעכיק, נידעריק און שווער־טרעטנדיק. זיין גאַנצער צוזאַמענשטעל — אַ וווּנדער, ווי אַזוי אַזעלכעס לעבט.

און וווּנדער האָט דוד געשאַפן: פון זיינע הענט זענען אַפּערגעקומען אַ פּאָר שיך אַרומגעטאָקט, אַרומגעגאַנצט, מיט אַ טרעשטש אונטער די

זוילן, ווען מ׳האָט געטרעטן אויף זיי. און געבענקט האָט ער צו אימעצן, צו אַ חבר, וואָס זאָל רעדן, דערציילן און ער, דוד, זאָל הערן. אַריינ־וואַרפן, ווען ס׳איז אַ וואָרט, אַ טרייסל מיט דער געדיכטער טשופּרינגע און ווייטער טשוועקעווען איבער די שיך.

ווען זיין שוואַרצן די גרענעץ קיין טשעליאַבינסק, האָט ער פיינט געהאַט מאריך צו זיין.

— עס טויג נישט... בנאמנות... — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט פון זיך אָפּגעהאַקטע ווערטער.

און דער מיטשמועסער האָט אַליין געדאַרפט פאַרשטיין — אַז עס טויג טאַקע נישט: אַז דוד האָט געהאַט אַ טעות מיט זיין וועלן זיך אויס־בעסערן, מיט זיין וועלן לייענען ביכער נאָך דער אַרבעט.

אַזוי איז שוין די וועלט געבויט — איז ער געקומען צו דער מסקנה — אומעטום איין וועלט.

עס האָט אים בלויז פאַרדראָסן, פאַרוואָס ר׳האָט געפּטרט אַזויפיל צייט, אויף וועלן איבערצייגן, אויפווייזן...

נאַרישקייטן, דוד — האָט ער געלעקט מיט דער לעדערנער צונג אי־בער אַ פאַרדאַרטער זויל — איטלעכער פאַר זיך, יאָ... וואָס מער שיך ר׳וועט אַרויספּאַרטיקן, אַלץ גרעסער וועט זיין דער ריווח, דער פדיון...

אַ זדעכליאַק. דער הוסט האָט ביי אים צוגענומען די פרייע מינוטן. אים געדושעט נאָך אַ לאַנגן, הייסן טאָג. און דער טאָג האָט זיך ביי אים קיינמאָל נישט געענדיקט. נאָך אַ שעה. נאָך צוויי. אַרויספּאַרטיקן נאָך אַ פּאָר שיך. נאָך צוויי.

דערפאַר, אין די שבתים, איז ער געגאַנגען שפּאַצירן פון פּראַגע קיין וואַרשע, געגאַנגען אין אַ יידישן לייען־זאַל, ווו ר׳האָט דורכגעוואָרפן די גאַנצע וועלט־פּרעסע. אַ פאַרגעניגן, בנאמנות. ווי יידיש־לשון הערט זיך אומעטום. אַ וועלט־שפּראַך...

* * *

מיט פאַליקן האָט זיך דוד באַקענט אָט אַזוי:

אַ קבצן געווען, פאַליק. אַ בחור „אָן אַ מאָרגן“. געטרעטן שטענדיק

„נעבן די זוילן". באַרוועס. הונגעריק. האָט ער פאַרטריבן זיינע נודנע טעג איבער וואַרשעווער גאַסן: זיי געמאָסטן פון וואַרשע קיין פראַגע און צוריק. און שטענדיק, מיט אַ ביכל אונטערן אָרעם. ליב געהאַט האָט ער צו לייענען בערגלסאָנען. „פענעק" איז אַ מייסטערווערק. אין „מידת הדין" געפעלט אים די שפּראַך. נאָר דער אינהאַלט טויג נישט. ווי קאָן דאָס אַ ייד, אַ יידישער שרייבער, חוזקן פון אַ צווייטן ייד, פון אַזעלכן, וואָס בעט זיך, מ'זאָל אים אַריינגעבן טלית־ און תפילין אין תפיסה!?

זיצט ער, פאַליק, אַן איינגעגנורעטער מיט זיין שטעכיקער גאָמבע, הונגעריקע אויגן אין בערגלסאָנען, זיצט אויף אַ באַנק, ערגעץ, צווישן וואַרשע און פראַגע. ספקט. גייט פאַרביי דוד, אַ צעשמייכלטער פון זיין היינטיק־שבתדיקער מנוחה. —

אַ וועלט... אַ גאַנצע וועלט — איז אויסגעפּילט מיט יידיש... שאַ.

אוי, ער קאָן זיך נישט איינהאַלטן. זיצט דאָך אַ בחור דאָ אויך און...

— זייט נישט בייז — גייט ער צו צו פאַליקן — זזייט נישט...

פון זיין וועלן אַרויסברעגגען דעם געדאַנק, האָט אַרויסגעציטערט חדווה. פאַליק האָט דאָס דערפילט. געגוג איז בלויז דער רצון. איי, דוד איז געשטראָפט, ער שטאַמלט. זיינע אויגן רעדן אָבער. זיין בליק דער־ציילט, אַז דוד איז צופרידן. יאָ. באמת. צופרידן, וואָס אַ בחור לייענט אַ יידיש בוך.

— קומט — האָט ער געזאָגט צו פאַליקן.

ביידע צוזאַמען האָבן געטראָגן אויף זיך יאָרן, עפּעס איבער די פערציק. און ביידע צוזאַמען — אָט איצט האָבן זיי זיך פאַנאַנדערגע־שמועסט:

— זיצט.

— אַ דאַנק — האָט זיך פאַליק אַוועקגעזעצט אויף אַ נידעריק שוס־טער־בענקל ביי דודן אין שטוב.

— צעריסענע שיך, האַ? — האָט דוד באַוואונדערט פאַליקס באָר־וועסע פיס און געפרעגט — וווּ וווינט איר?

פאַליק וווינט נישט אינערגעץ. אַ נאַכט דאָ, אַ נאַכט דאָרט. אויב זויל דוד, קאָן ער ווינען אויך ביי אים. שוין לאַנג אַרבעטסלאָז, קיינ־מאָל נישט געאַרבעט. געווען אַמאָל אַ „טעג"־עסער. זינט געגומען לייע־נען ביכלעך, לעבט ער אַ הפקרדיק לעבן.

— נעבעך! זיפצט דוד — און ווי געפעלט אייך בערגלסאָן?

— זיין שפּראַך, אוי, זיין שפּראַך...

— און וואָס געפעלט אייך נישט?

— דער „מידת הדין".

— ווער איך אייך טאַקע עפּעס דערציילן...

ביי דודן האָט זיך פאַנאַנדערגענומען די צונג. אַלע זיינע חושים האָבן אויפגעלעבט. נישט בלויז אין די ליידיקע שעהן נאָך דער אַרבעט, נאָר אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצע וואָך: פאַליק האָט געלערנט שוסטעריי, אונטערגעהאָלפן דודן פאַרענדיקן זיינע זאַצן און דוד האָט געהערט אַרויסלייענען פון בוך אַרויס.

חיותדיקע שעהן פאַר ביידן:

אי פאַליק האָט געטראָגן גאַנצע שיך און אי דוד האָט איינגע־שפּאָרט הוסטן. וואָרום, די אַסטמע האָט אים גענומען דושען נאָר דאַן, ווען ר'האָט זיך פאַרטיפט אין די יידישע אותיות. אַ צולהכעיס. איצט דאַרף ער נישט מעיין זיין. די ווערטער קומען אַרויס גלאַט פון זיין חבר. ער פאַרשטייט אַלץ.

— איך וויל אייך... דיר בעטן — האָט דוד גענומען דוצן פאַליקן — טויש אויס... אין ביבליאָטעק... דעם „מידת הדין"...

— אפילו נישט צוענדיקן?

— נבניין... כ'קאָן נישט הערן...

בפרט — אין שפּעטע אָוונטן, ווען ביידע זענען געלעגן אין בעט, ווען דוד האָט פון זיך אַרויסדערציילט די מעשה, ווי אַזוי ר'האָט גע־שוואַרצט די גרענעץ, ווי אַזוי ר'האָט זיך געטראָפן אויף „יענער זייט" מיט יידן פון בערגלסאָנס „מידת־הדין"...

— טאַקע, באמת? — האָט פאַליק זיך געוווּנדערט — איז עס טאַ־קע אַזוי אויף דער וואָר?

וואָס אַ טאָג ווייטער —ביידע חברים האָבן זיך איינגעלעבט: פאַ־ליק איז געלאָפן אין שליחות קיין וואַרשע, צו די שיך־סוחרים, פאַר וועמען דוד האָט געאַרבעט. און דוד? —

יידיש־לשון טאָר מען נישט צעטרענצלען. מען טאָר נישט פאַר־שוועכן די הייליקע אותיות...

— נאַ, פאַליק, פוץ־אַרום די זויל.

וואָלט נאָר דוד נישט געשטאַמלט, וואָלט נאָר זיין חיתוך־הדיבור געווען אַ שאַרפער, אַ גאַנצער, אוי, דאַן, יאָ: שוסטעריי איז דאָס בעסטע פאַך; מיט דער מלאכה קאָן אַ וועלט אויפטאָן וווּנדער; — שטערט אים דאָך זיין לשון; קאָן ער דאָך נישט קומען אַרויסשרייען זיין פרייד, זיין פריידיקן רוף...

— פאַליק, לערן זיך, פאַליק...

— לייענען יידיש?

— יאָ... שוסטעריי... און ליב האָבן מענטשן...

***

דורכן צעפראַלטן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויפן גויישן צמענטאַר, האָבן פייגל אַריינגעצווישטשערט אין בלאָלעכע, זומערדיקע באַגינענס. איינגעהויקערטע מצבות, מיט באַצלמטע שאָטנס, האָבן גע־וועקט רעיונות פון אַ צעטיילטער וועלט. און ביידע צוזאַמען — זינ־גענדיקע פייגל, באַצלמטע מצבות — ביידע האָבן געברענגט צום טראַכטן די צוויי חברים ביים פענצטער: ווער עס לעבט און ווער עס שטאַרבט. און לעבן הייסט — אַריינכאַפּן וואָס עס לאָזט זיך, וואָס־בעסערס, ווייל — אַ צווייטער שטייט גרייט צום אויסכאַפּן.

—לייען עפּעס, פאַליק, לייען...

— וואָס זאָל איך לייענען?

— העלף־זשע מיר פאַרשנורעווען אַ שוך...

און ווען פאַליק איז געזעסן אויפן שוסטער־בענקל, האָט זיך דוד פאַרקוועטשט אין אַ ווינקל און, מיט דראָבנע־דראָבנע אותיות, אויסגע־

פּינטלט, אויף אַ שמאָל פּאַסיקל פּאַפּיר, אַ כוונה, אַ געדאַנק, וואָס איז אים געווען שווער אַרויסצוברענגען מיט דער צונג.

— נאַ, איצט לייען — האָט ער אים דערלאַנגט ס׳אָנגעשריבענע שטיקל פּאַפּיר.

„...דעם מענטשס קאַמף פאַר דאָ־זיין קאָן זיין אַ געוווּנענער נאָר דאַן, ווען ער האָט ליב זיין אייגענע שאַפונג, זיין מעשי ידו... ווייל דאָס קאָן קיינער פון אים נישט צונעמען... און דערמיט קאָן דער מענטש גרייכן צו אַלע היכלות...״

— און „מידת־הדין״... און טשעליאַבינסק... פאַרשטייסט?

— יאָ, כ׳פאַרשטיי — האָט פאַליק פאַרענדיקט דעם נישט־דער־זאָגטן זאַץ, דודס — כ׳פאַרשטיי, אַז דו מיינסט צו זאָגן: אַרבעט הייסט — שאַפן, שאַפן מיט די הענט, מיטן מוח...

— און דאָס איז דעם מענטשס אייגנטום, זיין פאַרגעניגן...

אַז אַ מענטש האָט הנאה פון זיין שאַפונג, מוז ער זיך באַציען מיט יושר צום חבר וואָס שאַפט. אַנדערש איז פאַרקערט...

ביידע חברים האָבן זיך פאַרשטאַנען. סיי ווען דוד האָט געטשוועקעוועט איבער די זוילן, סיי ווען פאַליק האָט אַרויסגעלייענט פון אַ יידיש בוך. די וועלט איז צעטיילט אויף פיל טיילעכלעך. איין טיילעכל געפינט זיך אין טשעליאַבינסק און אין בערגלסאָנס „מידת־הדין״, אַ צווייטס — אין אים גופא, אינעם מענטש. און ביידע, די דאָזיקע חלקים, קאָנען זיך נישט צונויפפאָרן, ווי עס קאָנען נישט הויזן צוזאַמען נאַכט און טאָג.

— ווייל דער מענטש, וואָס שאַפט... פאַרשטייסט...

צו דודס איינזאַמקייט, צו זיין אַנטוישונג אָן אַ בעסערער וועלט, איז צוגעקומען אַ חבר, פאַליק. זייערע כוונות האָבן זיך געגלייכט. יידישע אַרבעט איז טייער. און נאָך טייערער זענען די יידישע אותיות. מען טאָר זיי נישט פאַרשוועכן... ניין... מען טאָר נישט...

# ראַדזימין איז „אָפּגעשטאַנען"

ריווקעס האָט באַשלאָסן צו טרעטן זיין אייגענעם וועג. אַ שרייבער, מיט אָפּגעדרוקטע דערציילונגען, מיט בילדער פון וואַרשעווער לעבן — דאַרף נישט קיין הסכמה פון פּראָמינענטן: ער קאָן זיך זיין שטעטל אַליין באַשטיין.

ג. ריווקעס — אַזוי האָט זיין נאָמען אַראָפּגעשיינט פון די פּרייטיק-נומערן אין וואַרשעווער יידישע צייטונגען און אַזוי האָט ער געהייסן אָפּדרוקן אויף וויזיט-קאַרטן:

| | |
|---|---|
| ג . ר י װ ק ע ס | |
| שריפטשטעלער | װאַרשע |

נישט מחמת גאווה האָט ער דאָס געטאָן, נאָר — דאָס איז ער און אַנדערש וועט נישט זיין. דער שריפטשטעלער זיצט אים אין בלוט, איינגעבאַקן אין אים. צי דאַרף ער אָפּטרעטן אַ קיצו של יוד פון זיין טאַלאַנט? אַזוי ווילן זיי, די ליטעראַטורניקעס. ריווקעס וועט זיי נישט צוליב טאָן. ביי זיינע דרייסיק יאָר, האָט ער קרוב צו צוואַנציק אַוועקגעגעבן דעם שיינעם וואָרט, דעם יידישן וואָרט, פון וועלכן ר׳האָט צוזאַמענגעשטעלט ווערק, שאַפונגען — איבעראַשונגען.

אַזוי האַלט ער, ריווקעס: וועט נישט פאַרמעסטן זיין קראַפט מיט דאָרט-אַבי-וועמען.

און ער אַליין:

קײלעכיק, װײך — פֿול מיט ״רגזון.״ —

אַ קלײניקײט: מען װיל אים נישט אַרײננעמען אין דער שרײבע־רישער קיבעצאַרניע; מען װיל זיך דאָרט נישט חברן מיט אים. איז נישט. איצט װעט ער טאַקע װײזן װאָס ער איז ביכולת אויפצוטאָן.

דערפֿאַר טאַקע האָט ער געלאָזט אָפּדרוקן די װיזיט־קאַרטן, זײ פֿאַנאַנדערגעשיקט איבער שטעט און שטעטלעך, בײגעלײגט אַ ברי־װעלע:

„שבת, דעם און דעם, קומט צו אײך דער באַרימטער שריפֿטשטע־לער, ג. ריװוקעס, מיט אַ פֿאָרטראַג װעגן ליטעראַטור, װאָס װעט זיך לײענען: „רעאַליסטישע אָפּנױגונגען אין דער יידישער שאַפֿונג״. ביטע צוגרײטן אַ זאַל מיט אַלעם גוּיטיקן״.

און אָט, זענען שוין פֿאַרבײ עטלעכע װאָכן און קײן אײנלאַדונג קומט נישט. אַ סימן, די פּראָװינץ איז שטאַרק אָפּגעשטאַנען, האָט נישט קײן געדולד צו ליטעראַרישע פֿאָרטראַגן. ריװוקעס װערט אָבער נישט נתפּעל. די שטעטלשע יוגנט איז טאַקע פֿאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן. װעט ער זײ אַ װעק טאָן; װעט אַ פּאָר טאָן צו איר, צו דער יוגנט, זיך פֿאָרשטעלן מיט זײן טאַלאַנט און — װעט האָבן געשאָסן צװײ האָזן: אי זײנע נישט־אַנערקענער װעלן מוזן קומען צו דער מסקנה, אַז ער טוט אויף גרױסע זאַכן און אי די שטעטלשע יוגנט װעט אויפֿװאַכן פֿון איר װאָכעדיקײט.

ריװוקעס האָט ערודיציע, חיתוך־הדיבור; האָט אַ געדיכטע טשופּרי־נע און בליציקע אויגן, װאָס, אַלץ צוזאַמען, נעמט דורך אַ מאַסע.

אין קעשענע טראָגט ער אַרום אַ שמאָל, גאָר שמאָל פּאַסיקל פּאַ־פּיר׳, אויף װעלכן ס׳זענען פֿאַרצײכנט די טעזיסן פֿון זײן רעפֿעראַט.

פֿיל מאָל במשכן טאָג טרעפֿט:

ער שפּאַנט אַרום איבער זײן ענג צימערל, שטעלט געלאַסענע טריט פֿון טיר צום בחוריש בעטל, װאַרפֿט מיט די הענט, מיט די האָר און בלײבט שטײן נעבן אַ װאַנט, פֿונװאַנען עס קוקט אַראָפּ צו אים אַן אויסגעקרומט שפּיגעלע. דאָס איז ער, ג. ריװוקעס, דער שריפֿטשטעלער!

און דאַן צעטרייסלט ער די ליפּן, דעם נאָז־שפּיץ — און נעמט פאַרלייע־נען זיין רעפעראַט. ממש אַ חיות צו הערן. ער קוקט אַפילו נישט אַריין אין זיינע צוזאַמענגעשטעלטע טעזן. ער דאַרף זיי שוין נישט. די געדאַנ־קען זענען בינדיק. האָבן אַן אויסגעהאַלטענע, גראַדליניקע, פּסיכאָלאָ־גישע באַצייכענונג.

און די שטעטלשע יוגנט האָט נישט קיין געשמאַק. איז פאַרקאָפּעט אין דער פּראָווינץ. אָפּגעריסן פונעם עכטן יידישן לעבן.

און וויפיל וואָלט ער אַליין אָט איצט באַצאָלט, כדי אויסצוהערן וועמענס אַ מיינונג, וועגן רעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער יידישער ליטעראַטור בפרט און אין דער וועלטלעכער בכלל!

אָרעמע פּראָווינץ! מער וועט ער נישט וואַרטן, ריווקעס. וועט אַראָפּ־פאָרן ערגעץ אין אַ שטעטל — און שטעלן אַלעמען פאַר אַ געשעענעם פאַקט: ער איז געקומען אָן אַן איינלאַדונג; געקומען אַוועקשענקען זיין טאַלאַנט.

און אַזוי האָט ער גענומען מאַכן הכנות.

אין איינעם אַן ערב־אָוונט, ווען די אויטאָבוסן פאָרן אַרויס פון „זאיאזד" אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, איז ער אַוועק צו דער באָניפראַטן־גאַס, געקוקט איטלעכן פאַרבייגייער אין די אויגן. ער זוכט פּראָווינצער. וועט אַ פרעג טאָן, ווער נאָר ס'וועט אונטערקומען דער ערשטער, וועט פרעגן, צי דאָרט, אין זיין שטעטל, אַרבעטן די קולטור־אָרגאַניזאַציעס און וואָס זיי טראַכטן מכוח אים, מכוח איינצולאַדן ג. ריווקעס צו זיך.

— אין ראַדזימין? יאָ. קיין ראַדזימין קאָנט איר אַראָפּקומען.

— אַזוי! — האָט זיך ריווקעס דערפרייט ביי זיין ערשטער באַגע־געניש — אויב אַזוי וועלעך טאַקע אַראָפּקומען.

— גוט — האָט דער בחור געאײלט צום אויטאָבוס — גוט. קומט.

— געדענקט, געדענקט, האַלאָ! — האָט ער נאָכגעשריגן דעם אַנט־לויפנדיקן בחור — זעט, אַז מען זאָל מאַכן פּלאַקאַטן.

איצט איז ריווקעס געווען זיכער, אַז דער ערשטער אַרויספאָר וועט באַשיינען זיין נאָמען, וועט אים אַוועקשטעלן, מיט ריזיקע אותיות, אינ־מיטן פונעם ראַדזימינער מאַרק און, דערנאָך, אויף די שפּאַלטן פון די־

וואַרשעווער צייטונגען. אַהאַ. אַ שאַד נאַר, וואָס ער האָט געוואַרט מיט דעם איינפאַל אַזוי לאַנג.

איצט האָט ער גענומען האַסטיקער אַרומלויפן איבער זיין צימערל, האַסטיקער איינחזרן די שווערע ווערטער, וועלכע ר׳וועט דאַרפן אַרויס־ברענגען אין זיין רעפעראַט דעם קומענדיקן שבת.

...רעאַליטעט איז דער קעגנזאַץ צו פאַנטאַזיע און נאַטור האָט איר אורשפּרינג אין דער יידישער קלאַסיק...

אַ צעקעמטער, אַ צופרידענער, איז ריווקעס אַרייגעשפּרונגען אי־נעם אויטאָבוס, אַוועקגעשטעלט דעם דיקן שטעקן צווישן די קני און גע־וואָלט, זייער געוואָלט — אַז דער וועג, פון וואַרשע קיין ראַדזימין — זאָל זיך ציען וואָס־לענגער, כאָטש איבער נאַכט...

פאַרביי די אויטאָבוס־פענצטער מיניען די פעלדער צווישן זומער און ווינטער, דערציילן, אַז דער מאָרגנדיקער טאָג קאָן זיך שטעלן — אי רעגנדיק און אי זוניק.

ריווקעסן איז אָבער אַלצאיינס, וואָס מאָרגן וועט זיין. ער דאַרף וויסן, ווי ס׳וועט אויסקוקן דער היינטיקער אָוונט...

איז דער אויטאָבוס שטיין געבליבן אויפן ראַדזימינער מאַרק.

דער שריפטשטעלער איז געבליבן זיצן אויף זיין פּלאַץ. ער וועט אויסשטייגן דער לעצטער. זיכער איז אימעצער געקומען אים אָפּנעמען, אים אַוועקפירן אין האָטעל, פונוואַנען ר׳וועט גיין האַלטן זיין רעפעראַט.

דער ברייטער טראָטואַר, אַרום ראַדזימינער מאַרק, האָט געגלאַנצט מיט פייכטקייט, מיט דינעם רעגן. פון ווייטע ווייטענישן — צעבליצטע פייערלעך אין פענצטער־שויבן.

איינער אַליין דרייט זיך אַרום ריווקעס, הין־און צוריק, איבערן טראָ־טואַר, קלאַפּט, מיטן דיקן שטעקן, איבער די געקעסטלטע שטיינער. פו־נעם אויטאָבוס קיין זכר. דער רעגן נעצט־דורך דאָס אויפגעשטעלטע קעל־נערל פונעם אָפּגעריבענעם, צייגענעם כאַלאַטל, עסט זיך איין אין קאַרק. און ווו איז יענער בחור, וואָס ר׳האָט געטראָפן ביים אויטאָבוס אין וואַר־שע? און ווו זענען די אַפישן, וואָס יענער האָט אים צוגעזאָגט פאַנאַנ־דערצוקלעפּן איבערן מאַרק?

אומגליקלעכע פּראָווינצער יוגנט!

די נסיעה, פון וואַרשע קיין ראַדזימין, האָט ביי אים צוגענומען די לעצטע עטלעכע גראָשנס. איצט האָט ער נישט ווו איבערצונעכטיקן, ווו אויסצוואַרעמען דעם געפרוירענעם גוף.

דערזען פונדערווייטנס אַ געעפנטע טיר, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אַהין.

— גוטן אָוונט אַ ייִד!

— גוט יאָר. וואָס זאָגט אַ ייִד?

— איבערנעכטיקן קאָן מען ביי אייך?

— געקומען עפּעס פאַרקויפן, האַ?

— ניין. יאָ. ווייסעך־וואָס.

ריווקעס האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ ווינקל, גלייך, אים צוריק אַ נעם געטאָן און אַרויס אויף דער גאַס. איצט, אַז ער האָט שוין ווו איבערצונעכטיקן, וועט ער אַ בליק טאָן אינעם שטעטל אַריין.

פון אַן עק גאַס זענען אים אַקעגנגעגאַנגען עטלעכע בחורים. ער האָט זיך פאַרבייגעזייטלט נאָענט פון זיי. אפשר זוכן זיי אים טאַקע. ס'אָבער אַ טעות. האָט ער זיך אומגעקערט, זיך אויסגעגלייכט:

— היינט קומט־פאָר ביי אייך אַן אָוונט, האַ?

— יאָ — האָבן אַלע געענטפערט.

— און וואָס טראַכט איר דאָרט צו טאָן?

— מיר ווילן טאַנצן — האָבן די בחורים זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס, אַ טאַנץ־אָוונט קומט פאָר ביי אייך? — האָט ריווקעס געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג.

— און ווער זענט איר דען?

— איך בין איינגעלאַדן צו האַלטן ביי אייך אַ רעפעראַט.

די בחורים האָבן אים געלאָזט שטיין אינמיטן גאַס. ביי ריווקעסן זענען פייכט געוואָרן די אויגן, צי פון עם שטאַרקן גאַס־רעגן, אָדער אפשר, טאַקע, פון טרערן, וואָס האָבן אַ פלייץ געטאָן פון זיינע טיפע איבגעווייטן.

אַלצאיינס.

ער האָט איבערגענעכטיקט, אין אַ שטוב־ווינקל, ביי דעם ייד פונעם אָפענעם געוועלב און, צומאָרגנס אינדערפרי, געלאָזט שטיין ביי זיין צו־קאָפּנס דעם דיקן שטעקן, זאָגנדיק, אַז שוין קומט ער אַריין.

ריווקעס איז אַוועק צום וואקזאַל. זיך דאָרט געדרייט אַ צייט לאַנג, ביז אימעצער אַ ייד האָט אים אויסגעליען, אויף זיין וויזיט־קאַרטע, אויס־צוקויפן אַ בילעט.

— וואָרום ,פאַרשטייט איר מיך — האָט ער אַריינגעטענהט אינעם ייד — הייַנטיקע צייטן קאָן מען נישט זיין קיין חכם; אפילו אַ שריפט־שטעלער באַגנבעט מען אויך...

געהייסן האָט עס: מ'האָט אים באַגנבעט דעם טייסטער מיט געלט. און אין דער אמתן:

דער שריפטשטעלער ג. ריווקעס האָט זיך געפילט אַ באַזלטער פון זיין כבוד, אַלץ דערפאַר, וואָס די ליטעראַטורניקעס אין וואַרשע האָבן נישט געוואָלט אנערקענען זיין טאַלאַנט...

# אויף דאַטשע קיין פּאַלעניץ

שרפהדיקער תמוז גליט איבער ברייטן הויף־קאַסטן. דער הימל — אויסגעפּילט מיט האַרבן אָנזאָג: עס דערנענט אָב; עס וועט נעמען בלאָזן; מ׳דאַרף גיכער אַרויספאָרן אויף דאַטשע.

אינמיטן הויף — מענדל: האַלב־נאַקעט, צעשויבערט, מיט אַ פלאַם אין די אויגן. ביי זיינע איבער צוואנציק — שטענדיק פאַרשמייעט, פאַר־מסחרט. אָן אַ טאָג, אָן אַ נאַכט. און ס׳ווייבל? טילע איז פאַרנומען מיט היטן אים די טריט, מיט נאָכקוקן זיין יעדן קער. פאַרברענגט ער דען ער־געץ, מענדל? פטרט ער דען אָן איבריקן גראָשן? אַמאָל יאָ און אַמאָל ניין. דערויף איז ער אַ סוחר, דערויף קומט ער צווישן מענטשן. וואָלט זי גלייכער, טילע, זיך פאַרנומען מיט דער באַלעבאַטישקייט, מיט אָפּ־קאָכן מיטאָג צו דער צייט...

— ווי אַ גלאָמב זיך אַוועקגעשטעלט און גאַרנישט! — איז טילע אַרויסגעשפּרונגען פונעם טונקעלן הויז־איינגאַנג, צעגלאַנצט דעם שטערן אַנטקעגן מאַן.

ביידע — איין הייך, איין עלטער; דינע, שמאָלע, ווי ברודער און שוועסטער. בלויז דער חיתוך־הדיבור טיילט זיי פאנאנדער. ווען ער שווייגט, רעדט זי און ווען ער רעדט, רעדט זי אויך. זי ווערט נישט מיד. גאַנצע טעג וואַרפט מיט דער צונג. און אַז זי פאַרענדיקט, הערט זיך אַ קוויטש און, גלייך, אַ צווייטער, אַ סימן — זי רעדט ווייטער. הערט ער זי אויס, מענדל, הערט און שווייגט. אַזוי טאָג נאָך טאָג. חדשים. זינט ר׳האָט חתונה געהאַט מיט איר. און ווי לאַנג איז דען די חתונה? דער ערשטער זומער. און אַז ס׳איז דער ערשטער זומער — דאַרף מען ווייזן פאַר שכנים, פאַר באַקאַנטע, — דאַרף מען אַרויספאָרן אויף דאַטשע. וואָס־אמת, וואָלט גלייכער געווען איינצושפּאָרן די עטלעכע גילדן, כדי

אויסצוזוכן ערגעץ אַ לייטישע דירה. ווייל זי אים דען אויסהערן. אַ וועלט קאָן זי איבערעדן. יאָ, אַ גאַנצע וועלט.

— מענדל, ס׳ווערט שפּעט, פאַרשטייסט; שפּעט ווערט; שטיי נישט ווי אַ גלאָמב... זעסט דאָך אַליין, אַז...

— דדיל־דיל־ללל מיר נישט דעם קאָפּ! — ווישט־אָפּ מענדל אַ שווייס־טראָפּן פון דער נאָז און נעמט קוקן אויפן ווייב.

איז זיין קוק — אַ רחמנות־בעטן, אַ תרעומות צו זיך אַליין. צוואָס האָט ער דאָס געדאַרפט? זי וועט שוין שטיין איבער אים; זי וועט שוין רעדן אָן אויפהער. מענדל וואָלט איר געענטפערט. זי אָנגעזידלט אויך. איז ער אָבער אַ זאַהיקע. צו איר מזל — שטאַמלט ער. זיין שטאַמלען קומט נישט מחמת אַ פעלער ערגעץ אונטער דער צונג, נאָר — זי צע־האַקט אים ס׳וואָרט איידער עס קומט אַרויס פון זיין מויל. יאָ, אַזאַ כוח האָט זי, טילע זיין ווייב.

איצט דאַרף מען ברענגען אַ פירל, אַרויפלייגן די זאַכן און אַוועק־פאָרן קיין פאַלעניץ.

טילע האָט נישט קיין כוח אַראָפּצוגיין אין קעלער.

— גיי, גיי, מענדל, גיי — גלעט זי דעם מאַן מיט צעשמייכלטע פּנים־קנייטשן — גיי און ברענג־אַרויף ס׳בעט, ס׳טישל, עטלעכע טאַ־בערעטקעס.

מענדל — פלינק אין לויפן, האָט פאַנאַנדערגעעפנט ס׳קעלער־פענצ־טערל, געטומען דורך דאָרט אַרויסדערלאַנגען.

אין קעלער — זשאַווער פון וואַסער־רערן לענג־אויס די ווענט. אין די ווינקלען, אַרום סופיט, איבערן בעט — שפּינוועבס, שפּינען, טוכלע־קייט.

באמת, אַ שאָד די עטלעכע גילדן, אַ גרויסע שאָד.

— טילע! — האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ שטול אויפן הויף־ברוק, אונטערן פענצטער — פאָלג מיך, טילטשע.

און אַז ר׳האָט דערהערט אירע טריט קלאַפּן איבער די שטיינערנע טרעפּ, דערהערט איר קולכל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ ווידערקול פון די

טיפע קעלער־ווענט — האָט ער איילּיק אַ נעם געטאָן ס׳אייזערנע בעטל, עס אויפגעשטעלט, ווי צום באַוווּנדערן.

—פּאַרטיק? — האָט טילע אַ פרעג געטאָן מיט ציטער אויף איר גלאַנציקן שטערן.

ערשט זענען ביידע אַרויס פון קעלער.

איצט איז טילע געוועזן זיכער, אַז זי פאָרט אויף דאַטשע קיין פּאַ־לעניץ.

מ׳האָט דאָס דערקענט אויף איר:

ס׳געפּאַלדעוועטע קליידל, וואָס זי האָט באַקומען צו דער חתונה, ס׳ווייסע קעלנערל אַרומען האַלדז, דער פּייכטער האָר־בונט, פּאַרלייגט אין אַ געפלאָכטענעם בייגל איבערן קאָפּ — אַלץ האָט דערציילט, אַז ביי דער קעלער־איינוווינערין איז היינט יום־טוב.

און איר גאַנג? אַ טאַנץ איז דאָס געווען איבער די הויף־שטיינער. אַזוי גייט מען מקבל־פּנים זיין אַ געליבטן — ס׳גליק אַליין.

טילע האָט זיך נישט געאיילט. גלייכער קומען שפּעטער. זאָל מענדל דערוויייל צוגרייטן אַלץ; זאָל ער אַוועקשטעלן ס׳בעט, די טאַבערעטקעס. זי וועט קומען אָפּרוען, זיך אויסרוען נאָך חדשים ווינען אין עיפּושדיקן קעלער.

שפּאַצירט זי אַרום איבערן הויף, איבערן געסל. זאָלן שכנים זען; זאָל די גאַס זען.

און פון פענצטערס קוקט מען אַראָפּ: —

זע־נאָר, ווי דאָס באַנעמעניש האָט זיך אויסגעפּוצט...

און מענדל?

דער וועג פון וואַרשע ביז פּאַלעניץ, איז ביי אים, ווי דורכהאַקן אַ צענטליק גאַסן בשעת זיין מסחר. אַפילו לייכטער. ווייל דער שאָסיי — אַספּאַלטירט, גלייך־ליניק. און ווען ר׳לאָזט זיך אַרויס צווישן די סוחרים מיט זיין שרייב־געצייג, מוז ער איינהאַלטן ס׳געלויף ביי יעדן ראָג. דאָ פּאַרשטעלט אים דעם וועג אַ טראַמוויי, דאָרט — אַן אויטאָבוס איבער דער ברייט גאַס. און מענדל האָט דאָס פיינט. אויב וועט ער נישט באַ־

זאָרגן די העפטן, די בלייערס, צו זיינע סוחרים, וועלן אַנדערע קומען, פלינקערע פון אים, צונעמען די פרנסה.

איצט הוידעט זיך זיין באַלעבאַטישקייט אויפן פירל.

און ער אַליין?

מענדל פילט זיך, ווי ר׳וואָלט געגאַנגען נאָך אַ לוויה.

מיט געמאָסטענע טריט שפּאַנט ער איבערן שאָסיי. קערט דעם בליק רעכטס, לינקס. דאָ פאַלט אַראָפּ אַ טאָפּ, דאָרט — ס׳קעסטל מיט קאַר־טאָפל האָט זיך איבערגעקערט, זיך פאַנאַנדערגעפאַלן איבער ביידע זייטן וועג.

קלייבנדיק די קאַרטאָפל, האָט מענדל הנאה פון איין זאַך: עס איז וואַקאַציע; אין די שולן לערנט מען נישט; די סוחרים דאַרפן נישט זיינע העפטן, זיינע בלייערס.

וועט ער קאָנען פאַרברענגען אַביסל אויף דאַטשע.

וועט אָבער טילע אויך זיין צופרידן?

געזעסן אין טראַוגוט־פּאַרק אויף אַ באַנק. האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ מיידל דערנעבן. ביים ערשטן בליק אויף איר — אַ שטיק פון דער זון. טילע איז דאָס געווען. און דערנאָך האָט עס זיך אָנגעהויבן: זי זיצט אים אויף די קני. ער האַלט זי אַרומען שמאָלן גופל. און ביידע — בלויז קושן, בלויז זיסע רייד. ביז מ׳האָט חתונה געהאַט. זאָל זיין אַ קעלער — האָט זי דאַן געזאָגט — זאָל זיין אויפן פרייען פעלד, אַבי צוזאַמען מיט דיר...

און איצט?

און אַ טאָג נאָך דער חתונה?

מענדל איז קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער פאַרדינער. און אַז ר׳האָט חתונה געהאַט, צובאַקומען אַ ווייב צו דער פרנסה, וועלן אים סוחרים געבן מער פּראָצענטער?

אויך האָט ער קוים אָפּגעשפּאָרט, צו קענען צאָלן דירה־געלט פאַר דעם קעלער־שטיבל.

טילע האָט אָבער פאַרגעסן אירע גוטע הבטחות. אינגאַנצן איז זי געוואָרן אַ שטיק קדחת.

דאָס פּירל האָט אַרויסגעלאָזט פון זיך עטלעכע קרעכץ, געבליבן שטיין.

אויף ביידע זייטן וועג — צעזוניט פעלד, צעגרינטער אַרום. דאָ און דאָרט — אַ כאַטע, אַ בוים; טויבן זוכן אויפן שאָסיי אַ קערנדל, אַ האָ־בער, אַרויסגעפאַלן פון פערדס טאָרבע. און איבער אַלעם — אָן־סופיקער הימל: טיפע בלאָקייט, וואָס וועט באַלד איבערגיין אין אַש, אין בין־השמשות. מעגלעך, אַז באַלד וועט רעגענען און מעגלעך — די דעמפּי־קייט וועט האַלטן ביז שפּעטן אָוונט.

דאָס פערד וויל נישט גיין ווייטער.

— אַ פּגירה — שפּרינגט־צו דער פורמאַן צו מענדלען — קוים וואָס זי גייט און איר האָט אָנגעלייגט אַזויפיל משא...

— בין איך שולדיק? — האָט מענדל איינגעשנורעוועט די ליפּן.

— ווער ס׳איז שולדיק, וועט מען שפּעטער שמועסן.

דערווייל איז געבליבן:

אַראָפּוואַרפן אַ העלפט זאַכן אויפן שאָסיי. זאָל זיי מענדל היטן. און אַז דער פורמאַן וועט צוריקקומען מיט דער ליידיקער פור, וועט מען אַרויפלייגן די רעשט און זיך צעחשבונען.

מענדל האָט איבערגעגעבן דעם פורמאַן דעם אַדרעס און אַליין גע־בליבן אויפן שאָסיי.

צווישן־צייט, איז טילע געקומען צופאָרן מיטן צוג.

ביי די ערשטע טריט שטעלן אויף פּאַלעניצער באָדן, האָט זי גלייך דערפילט די לופט, דעם שטאַרקן אַראָמאַט, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך דאָס וועלדל, יענץ וועלדל. נאָר וואָס קומט איר אַרויס פון דעם אַלעם? ס׳שטיבל איז ליידיק, מענדל איז נישטאָ. האָט ער זי נישט אי־בערגעלאָזט אַליין און אַנטלאָפן ערגעץ מיט די זאַכן? ס׳האָט איר שוין גענומען פאַרדריסן, פאַרוואָס זי איז נישט מיטגעפאָרן צוזאַמען מיט אים.

און אָט — פון דער וועראַנדע נעמען פאַרשווינדן די געלע זון־פלעקן. דער נאָענטער בוים צעוואַרפט ס׳גרינס אויף זיך. ווי ווייט ס׳אויג קאָן גרייכן — בלויז ווינט, בלויז שטורעם.

פּאַלעניץ טרייסלט זיך, שרייט מיט קולי־קולות.

אַ דראָבנע רעגנדל האָט גענומען פּויקן איבער דאַך און פענצטער. פון פּויקן איבערגעגאַנגען צו אַ האַסטיק קלאַפּן.

איצט וואָלט טילען צונויף געקומען אַ וואַרעמע דעקע, אַ פּאַטשיילע — און זי איז אַ נאַקעטע.

און מענדלען זעט מען נישט.

אומגעדולדיק, איז זי געלאָפן פון טיר צו פענצטער, געווען זיכער, אַז דאָס איז מענדלס אַ שפּיצל אַזאַ — זי ווייס צו טאָן מיט דער דאַטשע.

אין שפּעטן אָוונט איז דער פורמאַן פאַרפאָרן צום שטיבל.

פון טילען איז געוואָרן בלויז פרייד.

— און ווו איז מיין מאַן? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— נעמט אַראָפּ די זאַכן, וועל׳ך אייך שפּעטער דערציילן — האָט דער פורמאַן אַרומגעווישט דעם פערדס פעל און שטיין געבליבן אַנט־קעגן טילען.

טילע איז נישט געווינט, אַז מען זאָל מיט איר באַפעלן.

און אַז דער רעגן האָט, וואָס־ווייטער, אַלץ שטאַרקער געבייטשט איבערן פּירל, איבער די צעווייקטע קישנס; און אַז דער פורמאַן האָט אַ היקע געטאָן איבער דער גאַנצער ברייט פונעם שטיבל, פון דער ווראַנ־דע, האָט טילע אַ כאַפּ געטאָן איר קליין פּאַראַסאָלעכל און אַוועק צום וואָקזאַל. זי איז נישט קיינעמס משרת. אַפילו מענדלס אויך נישט. און אויב געפעלט זי אים נישט פאַר אַ ווייב; אויב האָט ער אַוועקגעשיקט די זאַכן און אַליין אַנטלאָפן, וועט זי נישט רוען, ביז זי וועט נישט בלייבן אַן אלמנה נאָך אים...

טילע, פון געסל, האָט געקאָכט און געזידט.

און אויפן שאָסיי, צווישן וואַרשע און פאַלעניץ, איז געלעגן אונ־טער אַ שטרוי־זאַק מענדל, זיך געלאָזט שמייסן פונעם רעגן, געפילט די פייכטע קלעפּ צוזאַמען מיט די קללות, וואָס זיין טילטשע וועט אים דער־לאַנגען אין דער שפּעטער נאַכט.

דער רעגן האָט געטרייסלט מענדלען, געקדחתוועט אין טילען. און זייערע בעבעכעס האָבן זיך געווייקט אין קאַלוזשעס אויפן שאָסיי און אין פאַלעניץ אַ גאַנצע רעגנדיקע נאַכט.

# אויפֿן וואָלעוועֿגעסל

לייבטשעס אויסזען — זיין פּנים און אַלץ דערויף: שפּיזיק, דורכ־דרינגלעך, מיט אַ ביטול־קנייטש צו אַלעמען. זיינע נישט־יידישע באַקאַנטע שאַצן אים פֿאַר אַן אָריענטאַלישן טיפּ. זיינע באַוועגונגען פּאַסן זיך נישט אַריין צווישן אייראָפּעאיש־געבוירענע. אַ כיטראַק, וואָס פֿאַרקויפֿט אַ קאַצישע פֿעל פֿאַר אַ פֿוקסישע; וואָס באַפֿאַרבט אימיטאַציע ווי אמתדיקן קאַראַקול. בפֿרט, זאָגן עדות, אויף זיין אַזיאַטישקייט, זיינע שמאָלע אויגן־שניטן, די ברייטע נאָזלעכער און ליפּן, דיקע, פֿליישיקע, ווי ביי אַ געבוירענעם קאַלמיק.

לייבטשע איז אַ קירזשנער. אויף וואָלעוועֿגעסל האָט ער אַן אייגן אויסשטעל־פֿענצטער, אייגענע פּאָקע און רבישע קאָלפּיקעס. צווישן איין מסחר און צווייטן איילט ער אַוועק צו „יענע גאַסן", פֿאַרקויפֿט ס׳געקויפֿטע. קומט אַהיים מיט מזומן. דאַן רינגלען אים אַרום די מעקלערס פֿון זיין געסל. פֿאָרשן זיינע אינגעווייידן:

— האָסט עפּעס פֿאַרהאַנדלט?

— אַ דאַנק פֿאַרן פֿרעגן — צעשמייכלט לייבטשע זיין שמאָל וואָנסעלע.

— און פּדיון האָסטו געמאַכט עפּעס?

— פֿאַרדרייטע מיר נישט דעם קאָפּ! — ווערט שוין דער קירזשנער ברוגזלעך.

— מאַכן מיר, הייסט עס, היינט אַ „ביינטל", יאָ? — קוקן אים אַלע אין זיינע שמאָלע אויגן־פּאַסיקלעך, ווילן אַרויסלייענען פֿון דאָרט הסכמה.

און אַז לייבטשע ענטפֿערט נישט; און אַז לייבטשע נעמט אַרומ־

לויפן, מיט זיינע פינגער אין טאַש, צווישן די געלט־פּאַפּירלעך — ווייסן זאַן די מעקלערס, אַז היינט אָוונט „מאַכט מען אַ קערטל".

— אַ „ביינטל", צי אַ „טויזנט"? — קוקט מען זיך איבער מיט אַ פראַגע־צייכן.

אמת, די פאָרם פון דער שפּיל וועט מען באַשטימען ביים אַוועק־לייגן די קאָרטן אויפן טיש, דאָך, ווייל מען זיין זיכער. און זיכער קאָן מען זיין דאַן, ווען לייבטשע הייסט קומען, באַשטימט אַ שעה. פּינקטלעך. לייבטשעס מזל:

זיינע אַלע מחשבות זענען אַריינגעטאָן אין צוויי פּונקטן פון מעת־לעת — בייטאָג פאַרהאַנדלען די סוחרים פון „יענע גאַסן" און ביינאַכט — פאַרשפּילן דעם מזומן ביי קאָרטן. די זעלביקע אויגן, דער אייגענער פייער־גלאַנץ — ביי טאָג־אַרבעט, ביי נאַכט־אַרבעט. נאָר מיט אַ חילוק וואָס קענטיקט זיך צווישן זיינע פּנים־קנייטשן: אַנשטאָט וואָס דאָרט, אין די קאַפּעען אויף מאַרשאַלקאָווסקע, שמייכלען זיי אַלע, די קנייטשן, צוזאַמען מיט העלן דרויסן, ביים ציילן פּדיון פאַר איינגעקנסטע פּעלעכ־לעך, איז זיין פּנים, אין די נעכט, ערדיק, איינגעשרומפּן. לייבטשע וועט נישט אָפּטרעטן פון טיש, ביז ר'וועט נישט איבערלאָזן אויף אים די לעצטע גראָשנס, דאָס לעצטע פונעם טאָג־פאַרדינסט. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. ער איז נישט חושד די מעקלערס, אַז זיי האָבן זיך צוזאַמענגע־רעדט, כדי פון אים אַרויסצוציען די עצמות. חלילה. דאָס איז ער אַליין שולדיק. עס פעלט אים אָריענטאַציע. נישט שטענדיק מוז מען „קויפן" אַ קאָרט. נישט שטענדיק — וואַרפן געלט אויפן טיש. סוחרישער חשבון, געניטקייט — און לייבטשע וועט, מיט איינמאָל, אָפּנעמען זיינע אַלע פאַרשפּילטע געלטער.

אָהאָ! אויף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן.

***

אין יענעם שפּעטן נאָכמיטאָג האָט די זון געקעמפט מיט די וואָלקנס, דווקא געוואָלט אָפּזיין איר צייט ווי נעכטן, ווי יעדן טאָג. און אַז פון די וואָלקנס איז געוואָרן כמאַרעס, געוואָרן איין שוואַרצער פלעק אונטערן

הימל, איז דאַן, עטלעכע שעה פאַר נאַכט, פון דער זון נישט געבליבן קיין זכר. — איז געבליבן הענגען איבערן וואָלעווע־געסל אַ געדיכטער שטורם: פאַרקלאַפּט צעעפנטע פענצטער, פאַרטריבן קינדער אין זייערע שטוב־נאָרעס.

און אַ רעגן האָט צעפּויקט בלעכענע דעכער — אַ כליאָפּ, וואָס װאַרשע איז נישט געוווינט צו זען אין זומערדיקע חדשים.

האָט ס׳געסל פאַרמאַכט לאָדנס פון געוועלבער, פאַרלייגט פרענטן און, איילִיק, אונטער צוואָג, אַריין אין די שטיבער.

בלויז איין לאָדן איז געבליבן אָפן.

לייבטשע זיצט אין זיין געוועלבל, וואַרט אויף די מעקלערס, וואָס דאַרפן קומען לויט דער באַשטימטער שעה.

היינט וועט ער זיך נישט לאָזן. ניין. זיין גאַנצע ענערגיע וועט ער אַריינלייגן אין קאָרט. וואָרום, וואָס איז דען די שפּיל בכלל: צו קענען, איילִיק, פאַרבייטן אַ פוקסישן עק אויף אַ קאַצישן, ווי ער מאַכט דאָס דאָרט, אין קאַפע, אויף „יענע גאַסן". מען דאַרף נאָר האָבן מוח... שכל... און די קאָרט איז אַ געווונענע... לייבטשע — פע! אַ פאַרמעגן פאַרלירן, אַן עשירות — און גאָרנישט? שווייג? ווו איז דאָס קעפּעלע זיינס מיט וועלכן ר׳איז באַרימט פון עק ביז עק־גאַס...

אַ דונער האָט צעטרייסלט די באַטשוועקעוועטע ברעטער, באַשלאָגענע מיט פייכטע פעלן, אויפגעריסן לייבטשען פון זיינע רעיונות. אַ סוף אַן עק. זאָלן זיי שוין קומען. אין אַזאַ רעגן וועט דאָך קיינער נישט גיין אין קינאָ, אין טעאַטער.

— בררררר!

איז דער ערשטער אַריינגעפאַלן יאַן — אַ געשטיפּלטער, אַ ברייטער — דער סטרוזש פון געסל.

— אוי, אַ פּאָגאָדע! — האָט לייבטשע זיך אויפגעהויבן פון בענקל.

— זאָל זיך זעצן דער פּאַניע יאַניע.

— נאַס אין די הויזן, פּאַניע לייבע! — האָט יאַן געטרייסלט פון די אַרבל רינעס מיט וואַסער.

און דערנאָך זענען אַריינגעפאַלן, אָפּגעצוואָגענע — איינער, אַ צווייי־

טער, אַ דריטער — מעקלערס און סוחרים פון ביידע זייטן וואָלאָווע־טראַטואַרן.

פון אַלעמענס פּנימער איז געווען אַראָפּצולייענען, אַז דאָס איז מען זיך צונויפגעקומען, כדי אָפּצוטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט, אַ שטייגער — אַ סעודת־מצוה, אָדער, להבדיל, אַ מת מטהר זיין.

גיכער ס׳לעצטע.

ווייל לייבטשע האָט שוין געגומען חרטה באַקומען. וואָלט דען נישט געווען גלייכער, ווען ר׳לאָזט־איבער ס׳הייגטיק־פאַרדינטע געלט אויף מאָרגן, אויף מאַכן ערגעץ אַ מסחר. און צוריקגעשמועסט. וואָס איז ער דען זיכער, אַז ר׳וועט פאַרשפּילן ס׳געלט. אפשר, טאַקע — געווונען און אפשר טאַקע... ווייס איך וואָס...

— אַ טויזנט?

— אַ ניינטל!

— אַן אָקע!

— מאַלקאַ, מאַלקאַ! — שרייט יאַן.

איז געבליבן. נישט וויכטיק, וואָס עס איז געבליבן. ווייס דען לייבטשע מיט וואָס ער שפּילט, ווי אַזוי די שפּיל הייסט. אַלצאיינס. געלט־פּאַפּירלעך פליען אויפן טיש, פאַרשווינדן פון טיש. אַ ווירוואַר.

און יאַן שטייט אַריבערגעבויגן איבער לייבטשעס קאָפּ. זיין געשטעל — אַ קלאָץ.

— איך ליג אויף מאַלקאַ! — הייבט ער אונטער די שטעכיקע גאָמבע ביי לייבטשען, קוקט אים אין די ציין, וויל הערן פון דאָרט אַרויס אַ וואָרט.

שטיל.

ביי לייבטשען צווישן די פינגער קנייטשט זיך ס׳לעצטע פּאַפּירל. אויף דאַך און טראָטואַר פּויקט דער רעגן. און ענטפערן מוז ער, לייבטשע. עולם וואַרט. די מינוט איז אַ פאַרכטיקע. סכנות. און אויפן מיטן פונעם טיש — אַ שווינדל: צענערס און צוואַנציקערס און פופציקערס — לייבטשעס פאַרמעגן פון וואָכן־לאַנג.

— פּאַש! — האָט ער אויסגעשריגן און געבליבן זיצן מיט אַ פֿאַר־קילטן בליק צום טיש.

איטלעכער קוקט־איבער די קאָרט. פֿון יעדנס בליק — ערב־גסיסה.

און דאָך, איז שווער צו וויסן, וואָס דער האַלט אין האַנט, וואָס יענער. ביי אַלעמען — אָט פֿינצטערט, אָט בליצט. דער לאָדן איז אָפֿן. פֿור־נעם דרויסן — אַ רעגן־געפּליאַסק. טראָפּנס קאַפּען איבערן טיש. האָט׳ס דורכגעגעצט דעם סופֿיט, דעם בלעכענעם דאַך, די פֿיר שטאָק באַלקנס? ניין. דאָס קאַפּעט אַ שווייס פֿון יאַנס קישלדיקע באַקן. דיקע וואַסער־באָ־בעס פֿאַלן אויך פֿון לייבטשעס פּליישיקע ליפּן. אַ גאוועדיק הירזשען פֿון מויל צו מויל:

— עפּן!

— עפּן שוין!

— מאַך שוין אויף!

— לאָמיך שוין זען!

קיינער ווייזט נישט די קאָרטן. אַ רויך־עיפּוש דושעט איבער צע־שויבערטע קעפּ. ביי לייבטשען איז פֿאַרגליווערט די רעכטע האַנט. שוין עטלעכע מאָל זי אויסגעצויגן איבערן טיש, זיך פֿאַרמאָסטן מיט איר צום געלט. ער וויל עפּעס זאָגן. ער וויל זאָגן, אַז זיין האָרעוואַניע, יאָ, זיין פּראַצע... לייבטשע שווייגט. די אויגן ביי אים — פֿון אַזעלכן, וואָס גרייט זיך עקן. נאָך אַ מינוט. נאָך צוויי. אַ בייסיקייט עסט אַרום זיין קאַרק, פֿאַרקריכט צום האַלז, גליטשט זיך איבערן בויך.

מיטן נאַכט.

ביי יאַנען, צווישן די פֿינגער, דריקט דער שליסל פֿון טויער. אונטערן גאָס ווייקן זיך איינוווינער פֿון זיין הויף, לאָקאַטאָרן, געקומענע פֿון ער־געץ־ווו. מען וויל אַריין אין שטוב, אויסטרוקענען דורכגענעצט לייב. קלינגט דער גלאָק. אַ טופּען איבערן טויער. קולות.

און אינעווייניק, אינעם שכנותדיקן געוועלבל — יאַן פֿאַרדעקט אַלע־מ׳ען מיט זיין גוף, דושעט אויף לייבטשעס מוח. און לייבטשע? שוין אַראָפּגעצויגן עטלעכע פּיקסלעך פֿון די ברעטער, אַרויסגענומען די שמוישן פֿון פֿענצטער. נישט ער אַליין טוט דאָס. ער הייסט נעמען. איז

זיכער, אַז נאָך אַ שעה, נאָך צוויי — און די נאַקעטע ווענט פאַרשפּילן.

א־ו־ף!

עולם זיפצט. אַ געדיכטע פּאַרע הייבט זיך פון טיש.

איינער רופט־אויס:

— אויף לייבטשעס פעל שטעל איך אַ הונדערטער!

אַרום די אויגן — אַ שווייסיקער וואָלקן.

אָט־אָט...

אַ געבראַזג פון גלאָז.

אַ הויף־איינוווינער האָט זיך אַריינגעריסן אין געוועלבל, נאָכגעשלעפּט איבריקע. באַטשוועקעוועטע ברעטער האָבן אַ פּאָר געטאָן אין דער לופט, אַראָפּגעגנידערט איבערן טיש. —

— צוליב אייער פאַרגעניגן...

— מוזן מיר פרירן!

מ׳האָט אַ נעם געטאָן דעם סטרוזש.

יאַן האָט זיך געבעטן מיט די אויגן, מיט די הענט; געפאָכעט מיטן שליסל אינדערלופטן:

— באָזשע...

און אַרום טיש:

— איין־און־דרייסיק...

— פּאַש...

— דעק־אויף...

— אַ רוחן דיין...

אין דרויסן גיסט. עס קלימפּערט אויף דאַך און טראָטואַר. אַ טשאַדענדיקער עיפּוש פאַרשלינגט לייבטשען, זיינע מיטשפּילערס. יעדער זיצט אויפן קירזשנערס פעלן, אויף זיינע קאַראַקולענע היטלען. נאָר ער אַליין — אַ כמאַרע, פון וועלכער עס גיסט, פון וועלכער עס פלייצט. היינטיקע נאַכט איז די לעצטע. יאָ, זיין לעצטע נאַכט...

# שלח־מנות

אַ גוטן פּורים מלאָאַך,
ווו יאַך גיי פּאַל׳אָאַך,
די באָרד איז מיר לאַנג,
דאָס ווייב איז מיר קראַנק;
היינט איז פּורים, מאָרגן איז אָאַס,
גיטע מיר אַ גראָשן און וואַרפטע מיך אַראָאַס...

די מאַמע שטייט ביים איבערגעדעקטן טיש. אירע פינגער ציטערן. אין דעם טעלערל — שלח־מנות פאַרן פעטער שמואל, אין יענעם — פאַר דער מומע פריידע. זי לייגט־פאַנאַנדער: דאָ — אַ צוקערל, דאָרט — אַ קיכעלע, אַ שטיקעלע פּאָמעראַנץ און פאַרן יונגן פּאָרל — צוויי צוקער־לאַלקעלעך: אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע אויף לאַנגע יאָר.

און אָט, פראַלט זיך פאַנאַנדער די טיר:

אַ גוטן פּורים מלאָאַך...

איי, אַ כּוח אין אייערע ביינדעלעך אַריין, ווייסע חברהניקעס!

די מאַמע פאַרלייגט די הענט באָקעם. זי הערט זיך איין אין קינ־דערס זינגען. וועלכער איז איר מזיק? ניין. זי קאָן אים נישט דערקענען. כאַ־כאַ־כאַ! אמתע שדים. האָבן זיך פאַרמאַסקירט, פאַריסט, פאַרסאַ־דזעט, ווי די קומענקערער. איז דאָך היינט פּורים. אַ קלייניקייט! דער־לעבט די גרעסטע נקמה אין המנען. היינט מעגן די קינדער אַלץ, היינט איז זייער יום־טוב.

גיטע מיר אַ גראָשן
און וואַרפטע מיך אַראָאַס...

די מאַמע טראָגט־צו ס׳פאַרטעך צו דער נאָז, צו די אויגן. אַ פרייד גייט־אויף אין איר, ווען זי דערמאָנט זיך דאָס גרעגערן פון די קינדער

ביי מגילה־לייענען. אַן אמתדיקע נקמה דערלעבט אָן די המנס, אוי, טאַ־טעניו, אַזאַ נקמה אָן אַלע יידן־רוצחים!

— נו, קינדערלעך, מזיקימלעך, ווער טראָגט מיר פאנאנדער די שלח־מנותן, האַ?

— איך!

— יאַך!

— און יאַך!...

אַלע ווען זיי נעמען די טעלערלעך ביי דער מאַמע און זיי פאנאנ־דערגעטראָגן צו דער מאַמעס קרובים. און זיי ווען צוריקברענגען אָנ־געפילטע טעלערלעך, איבערגעדעקט מיט ווייסע טיכעלעך, מיט קיכעלעך אונטער זיי.

— נו, שלמהלע, וווּ ביזטו? — זוכט די מאַמע איר מוזיניק, וויל אים געפינען צווישן די מאַסקירטע קינדער.

און חברהניקעס לאַכן:

— שלמהלע איז נישטאָ...

— שלמהלע איז געוואָרן אַ קוימענקערער...

**
*

די טראָטואַר־שטיינער זענען באַדעקט מיט אייז, מיט שניי־קופּקעס. פון געסל־פענצטער לייכטן אַרויס בליציקע פייערלעך. איבער דער ברייט פון געסל — די שלח־מנות־טרעגער, ווער — מיט אַ געפלאָכטענעם טאָרט און ווער — מיט עפּל אויף אַ טעלער און קיכעלעך אַרום. דער אָוונט איז אַ קירצער. און פורים איז איינמאָל אין יאָר. מען טאָר נישט פאַרשפּע־טיקן. הייגט דאַרף מען צונויפזאַמלען אַ קופּע מיט שלח־מנות־געלט. אוי, סאַראַ גוטער יום־טוב פורים איז!

דער קליינער שלמהלע לויפט געסל־איין, געסל אויס. דער פראָסטי־קער דרויסן קיצלט אין זיין נאָז, טייעט אויף זיינע פאַריסטע באַקן. וועט אים דערקענען די מומע פריידע? שלמהלע האַלט אַרומגעפלאָכטן די פינ־גער, זיי איינגעפּעסטיקט אַרום דעם טיכל, דריקט צו זיך דער מומעס שלח־מנות. די מאַמע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט צעברעכן

דעם טעלער, זאָל אים גאָט היטן. אויך האָט זי אים געוואָרנט, ער זאָל נישט, חלילה, פאַרזוכן פון די קיכעלעך. זי וועט אים געבן זיין חלק ביי דער פורים־סעודה. נאָר שלמהלע האָט נישט אין זיך דעם כוח, צו פאָלגן היינט דער מאַמע. געגנוג איז, אַז ער פאָלגט אַ גאַנץ יאָר. פורים איז אַנדערש. מיט זיינע דינע פינגערלעך באַטאַפּט ער דאָס איבערגעדעקטע טעלערל. דאָ ליגן געפילטע צוקערקעס, דאָרט — אַ מאַנדערינקע און ביי דער זייט — אַ שטיקל טאָרט באַשמירט מיט קרעם. עס נעמט אים וואַסערן אין מויל. שלמהלע איז אַ חדר־ייִנגל. ווען ער האָט אָנגעהויבן לערנען רש״י, האָט די מאַמע געברענגט פאַר די חדר־ייִנגלעך אַרבעס מיט צוקערלעך. פון דאַן איז שוין אַוועק אַ לאַנגע צייט. היינט האָט שלמהלע צען יאָר. און ביז בר־מצוה איז נאָך לאַנג צו וואַרטן...

שלמהלע האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ בליציקן לאַמטערן, האָט אָפּגעדעקט דעם טעלער, אַרומגעווישט דעם קרעם פון טאָרט, אַרומגעלעקט די פינגערלעך און זיך אַוועקגעלאָזט איבערן געסל צו דער מומע פריידע.

פון אַנטקעגנאיבערדיקן טראָטואַר זענען אָנגעלאָפן פורים־שפּילער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם שלח־מנות־טרעגער, געפרעגט שלמהלען:

— וואָס טראָגסטו דאָ?

— שלח־מנות פאַר מיין מומעשי, פריידע.

— אַ טאָרט, צי מאַנדערינקעס?

— אַ טאָרט מיט מאַנדערינקעס.

— ווילסט פאַרדינען פורים־געלט?

— יאָ, אוודאי וויל איך!

— און זינגען קענסטו?

— יאָ, אַוודאי קען איך!

— מוזטו אַוועקגעבן דעם שלח־מנות און מיר וועלן דיך אַריינגעמען אין אונזער קאָמפּאַניע...

אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַרום לאַמטערן. ווער עס האָט פאַר־

זוכט אַ צוקערקע און ווער — האָט אַרומגעלעקט די פינגערלעך נאָכן איי־בערגעבליבענעם שטיקל טאָרט.

ביי שלמהלען אין די הענט איז געבליבן דאָס ליידיקע טעלערל נאָכן אויפגענאַשטן שלח־מנות, דער מומע פריידעס...

**
*

וואָס וועט זאָגן די מאַמעשי?

דער אָוונט איז אַ קירצער. מען טאָר נישט פאַרשפּעטיקן. געסל־איין, געסל־אויס לויפן חברהניקעס פון שטוב צו שטוב. אומעטום — באַדעקטע טישן מיט לעקעכלעך און אַנדערע גוטע זאַכן. און אומעטום — חברה פאַרנעמט אויבן־אָן. שלמהלע צווישן זיי. איי, איי, ווי אַ גוטער יום־טוב פּורים איז! רויטער ווײַן צו גלעזעלעך פאַר איטלעכן. פאַרבייסעכץ. און המן־טאַשן אין וועג אַריין.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, שטעלט זיך חברה אַוועק אין אַ ראָד, נעמט זינגען אין כאָר:

המן איז געווען אַ קנאַ־קער,
אחשורוש איז געווען אַ טשאַ־קער,
האָט מרדכי הצדיק זיי געלייגט אין אדמה,
גיטץ־זשע אונז אַ ביסל ממון...

אַזויפיל געלט האָט שלמהלע נאָך קיינמאָל נישט געהאַט, ווי היינט, פּורים. אַ פולע קעשענע. וואָס וועט ער טאָן מיט אַזויפיל געלט? ער פּלאָנטערט זיינע פיסלעך פון הויף צו הויף, פון געסל צו געסל. ביי יעדע טעלעכע טריט — די קאָמפּאַניע פאַרגרעסערט זיך. פאַרשידענע מאַסקעס געפינען זיך אין איר. אָט — איינער מיט אַ האָרן, וואָס קוקט־אויס, ווי אַ בייזער המן און אָט — אַ לאַכנדיקער סקעלעט מיט רויטע ליפּן — ושתי די קעניגין און צווישן זיי — ויזתא אין רויטע הויזן מיט אַ לאַנגן עק פון הינטן און נאָך אַנדערע פאַרשידענע פּורים־שפּילער, וואָס פאַר־הילכן דאָס געסל מיט זייערע פריילעכע אויסגעשרייען.

ספּעציעל שיין איז געווען, ווען חברה איז אַריינגעקומען צו שלמה־לען אויפן הויף. דאָ איז ער באַלעבאָס. ווער נאָך, ווי ער, ווייס, ווו עס

ווינען די נגידים? שלמהלע וועט אַלעמען אַרויספירן צו ר׳ הענעכן, דעם
ווירט פון הויף. ער איז אַזאַ בייזער, דער ווירט. קיינמאָל לאָזט ער אים
נישט פאָרן מיט דער אייזערנער רייף איבער די הויף־שטיינער. וואָסי, עס
קאָסט אים טייער? איצט וועט ער אַריינפירן די גאַנצע קאָמפּאַניע —
און לאָמיר דאָרט אויפעסן אַלע גוטע זאַכן...

מיר זענען געקומען מאַכן אַ מי שברך
צו אַ נגיד אַ מכניס אורח...

— אַ גוטן פּורים אייך, מרדכיס גוואַרדיע! — איז ר׳ הענעך קעגנ־
געגאַנגען די פּורים־שפּילער, זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן מיט אַ גרוי־
סער טאַץ, מיט אַ פאַרביקער פלאַש.

המנס נאָז איז געווען אַ רויטע,
אחשורושן האָט זיך פאַרגליסט, דעם גרויסן שוטה,
זרש איז געווען אַ מכשפה,
אַריין איז אין זיי אַ מגפה...

— לחיים, גוואַרדיסטן! טרינקט דער ווירט צוזאַמען מיט דער חברה
צו גלעזלעך משקה.

און אויפן הויף, הינטער די לייכטנדיקע פענצטער, איז אַ געזעמל
פון הויף־שכנים, שכנטעס. אַלע פרייען זיך מיט המנס מפּלה — מיטן
גרויסן יום־טוב פּורים.

אַלע שלח־מנות־טרעגער האָבן שוין באַקומען זייער פּורים־געלט פון
דער מאַמע. בלויז שלמהלעס חלק ליגט נאָך אויפן טיש.

— האָט איטץ נישט געזען מיין שלמהלען? — פרעגט די מאַמע
ביי די חברהניקעס.

נאָר קיינער ענטפערט נישט. ביי איטלעכן איז די צונג פאַרפּלאָנ־
טערט, די מאַסקע פאַרוקט אָן אַ זייט. פון איטלעכן רעדן אַרויס די אַריינ־
געגאָסענע כוסות. חברה וואָלט שוין גערן געגאַנגען שלאָפן. זיי וועלן עס
אָבער נישט טאָן. פּורים איז אַ פריילעכער יום־טוב. אַ שאָד צו פאַר־
שלאָפן. ווו שלמהלע איז? זיי וועלן אַרויסגיין אים זוכן. זיכער ליגט ער אַ
פאַרשניאַקעטער ערגעץ אויף די טרעפּ.

די מאַמע איז אַרויס מיט דער חברה אויף דער גאַס, זוכן איר מוזי־ניק.

פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם צוגעטראַכט, אַז אום פּורים זאָל זיין אַ פראָסט? איז דען ווייניק גליטשיק אונטער די פיס, נאָכן אַריינ־שנאַפּסעווען ביי אַזויפיל באַלעבאַטים? איצט מוז די מאַמע אַלע ווײַלע אונטערכאַפּן אַ צווייטן פון דער חברה, וואָס גליטשט זיך אַרויס פון דער קאָמפּאַניע.

— אוי, אַ גליטש! — זיפצט זי — ווי טרינקט מען דאָס אַזויפיל שנאַפּס?

פלוצלינג, האָבן זיך חברה אַ לאָז געטאָן איבער דער גאַס. אַ זינגענ־דיקער עולם האָט זיי אַריינגענומען צווישן זיך. איבער אַלעמענס קעפּ — דער קליינער שלמהלע מיט אַן אויסגעליידיקטן טעלער אין די הענט.

— אוי, מיין אוצר! — האָט די מאַמע איינגעגעסן אירע ליפּן אי־נעם זונס צעפלאַמטע באַקן — ווו האָסטו געשיכורט אַזויפיל?

— ביי דער מומע פריידע — האָט שלמהלע געענטפערט מיט פאַר־סלינעטע ציין — איצט בין איך שיכור...

שיכור איז מען געווען פּורים אין געסל. מאַמעס האָבן געפריידיקט צוזאַמען מיט זייערע קינדער. די שלמהלעך האָבן געשיכורט אויפן חשבון פון המנס מפּלה.

אין אַ געסל אין אַמאָליקן וואַרשע...

# אַ מאָדעל

ער איז געשטאַנען ביי אַן אויסשטעל־פענצטער אינמיטן פון איינער אַ רוישיקער גאַס. רויטע עפּל. טרויבן־שטאַנגען. אייז־קרעם. עס טומלט אונטער הימלס חשכות. אַ תענוג. גלאַנץ פון נעאָן־לאָמפּן דעקט־אָפּ צע־שוויצטן פּודער אונטער רויטן פאַרב, צעבליצט ווייבערשע אויגן אין שפּע־טער שעה פון זינדיקער נאַכט.

— און ער?

גרייט אַ ברום צו טאָן אין מענטשן־טומל, אַ הילך צו טאָן מיט צע־עפּנטע, הונגעריקע ציין:

אַלץ פאַר אייך!

אויך יאָסל וויל הנאה האָבן פון עבירותדיקער וועלט; אויך ער, מיט זיין געזונטן גוף, איז בכוח צו טאַנצן אָטאָ דאָרט, הינטערן זיידענעם פאָרהאַנג.

עס קאָכט אין אים ס׳הייסע בלוט, קאָכט, היינט זיינע אַכצן יאָר.

נאָר־וואָס פאַרענדיקט דעם צעפּאַפּטן טאָג ביים איינבינדער. אַ טאָג אין קלעפּעכץ, אין שמירעכץ. איצט ווערט צעפרייעט דער אָטעם צו לופט, צו הימל. און מאָרגן, ביז נאַכט — ווידער ס׳אייגענע: נייען ביכער, קלעפּן ביכער, זיין פאַרשטעקט אין פּאַפּ.

עד!

האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אויסשטעל־פענצטער נאָך איינער. אַ בחור אַזאַ, אַ טשעקאַווער בחור. קוקט נישט אויף זיסע מאכלים, אויף רוישנדיקער הלבשה אין טאַנץ. זיינע אויגן — איינגעגעסן אין יאָסלס באַקן, אין זיינע אַרויסשטאַרנדיקע ציין. יאָסל אינטערעסירט אים. ער וואָלט איצט אַוועקגעגעבן אַלץ, ווען אָט־אָ־דער געזונטער בחור זאָל אויס־קערן זיין פּנים צו אים. ס׳אַראַ מויל־ווינקלען, ס׳אַראַ געבוי פון אַ קאָפּ!

און די נאָז און די גאָמבע — עפּעס אויסטערלישס.

דער בחור נעמט וויקלען צווישן די פינגער אַ פּאַפּיראָס:

— אפשר האָט איר אַ שוועבעלע?

— ניין. כ׳רייכער נישט — ענטפערט יאָסל כמעט מיט ירגזון.

— און אַז איך וועל אייך געבן אַ פּאַפּיראָס? — וויל דער בחור נישט אָפּטרעטן.

— און אַז איר וועט מיר געבן וועלעך נעמען — וואַרפט יאָסל אַ בליק פון זיינע אויגן צום טשעקאַוון בחור.

דאַכט זיך אַ שמייכל איז דאָס געווען. און דאַכט זיך — עפּעס אַנדערש. אַלצאיינס.

און עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַ שמועס צווישןביידן.

— וואָס געפעלט אייך דאָ?

— עס געפעלט מיר גאָרנישט.

— וואָס־זשע שטייט איר דאָ?

— ווייל עס געפעלט מיר אַלץ.

איצט האָבן זיך ביידע פאַנאַנדערגעלאַכט. איצט האָבן ביידע געשלאָסן קאַנטשאַפט:

— מיין נאָמען איז יצחק.

— און מיין נאָמען איז יאָסל.

— איך לערן זיך אין אַ קונסט־שולע.

— און איך לערן זיך ביי אַן איינבינדער.

— טאָ לאָמיר גיין.

אין דער צעטונקלטער נאַכט־בלאָקייט — אַ געפלאָנטער פון שנייעלעך, וועלכע זעצן זיך אויף דער נאָז־שפּיץ מיט אַ קאַלטן ברי. ווו אַ בליק — ווייס־באַדעקטע אַקסלען, צעווייסטע ווייבערשע הוטן, צעשויבערטע הינטלעך, וואָס פלאַסקען זייערע פיסלעך אין בלאָטיק־שנייאיקע קאַלוזשעס.

— עס ווערט קאַלט — זאָגט יצחק.

— און מיך אַרט נישט די קעלט — ענטפערט יאָסל.

— לאָמיר גייען גיכער.

— ווהין?
— אין דער אַטעליע.
— אַ שיינעם דאַנק — זאָגט יאָסל.
— פֿאַרוואָס?
— פֿאַר דעם פּאַפּיראָס.

יצחק וויל אָבער נישט קיין דאַנק פֿון זיין באַקאַנטן, פֿאַרקערט. ער וועט אים דאַנקען, ווען יאָסל וועט מסכּים זיין צו גיין פּאָזירן. שוין פֿיל טעג, וואָס זיינע חברים, פֿון דער קונסט־שולע, זוכן־אַרום אַ מאָדעל; שוין אויסגעזוכט, אויסגעקוקט אַלע וואַרשעווער פּנימער און אַזאַ פּנים — איז יצחק זיכער — וועט מען קיינמאָל נישט געפֿינען.

און יאָסל איז פֿאַרעקשנט. נישט דערפֿאַר ווייל ער ווייס נישט, וואָס יצחק וויל פֿון אים, נאָר — מאָרגן דאַרף ער ווידער גיין צו דער אַרבעט, מוז ער היינט גיין שלאָפֿן, אויסרוען.

— מיר וועלן אייך באַצאָלן פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג און קומט איצט צו אונדז.

— וויפֿיל קאָנט איר באַצאָלן?

— מיר וועלן שוין מושווה ווערן מיט אַן עודף.

— וויפֿיל הייסט עס פֿאַרט?

אַזוי שמועסנדיק, זענען ביידע אַריין אין אַ טונקעלן טויער, זיך אויפֿגעהויבן איבער טרעפּ און —

יאָסל איז געבליבן זיצן אויף אַ הויכער שטול, אַרומגערינגלט מיט נייגעריקע בליקן.

— „ס׳אמתדיקע פּנים״ האָסטו געבערענגט — האָבן זיינע חברים געקלאָפּט יצחקן איבער דער פּלייצע.

און גלייך — האָבן פּענזלס געטונקען טונקען אין וואַסער, אין פֿאַרב; קאָנטורן פֿון אַ פּנים האָבן זיך באַוויזן אויפֿן בריסטאַל־בויגן.

איטלעכער האָט זיך געמיט, וואָס גיכער אַרויסצוברענגען יאָסלס שאַרפֿן קין אויפֿן פּאַפּיר, זיין געבויגענעם שטערן, זיין בליק.

און ער, יאָסל, אויף זיין הויכן געזעס, האָט געשמייכלט די באַקן רעכטס, לינקס, געפֿינקלט די אויגן אַרום זיך.

ס׳אַראַ פריילעכע חברה ער זעט דאָ!

אַ בליציקער לאָמפּ האָט געהעלט איבער ווייסע ווענט, בולטער גע־מאַכט פאַרביקע פּנימער פון די שילער אין דער אַטעליע.

פון יאָסלען איז אַנטרונען די מידקייט. ער וויל דאָ זיצן, אָט אַזוי, אַ גאַנצע נאַכט. ער הערט נישט ווי מען רופט אים אויסצוקוקן ס׳פּנים, דאָ רעכטס, דאָ לינקס. זיינע אויגן זענען איינגעשטאָכן צו איינעם אַ ווינקל, פונוואַנען עס לויפן־אַרום איבער זיינע באַקן צוויי ווייכע, גלעטנ־דיקע בליקן פון איינער אַ שילערין. אַך! ווי מחיהדיק עס איז איר באַריר, כאָטש פונדערווייטנס.

יצחק ווייזט אים אַ צייכן, ער זאָל אונטערהייבן די גאָמבע העכער, זאָל אויסקערן אַן אויער צו דער לינקער זייט.

יאָסלען איז אָבער אַ שאָד כאָטש איין אויגנבליק, כאָטש איין אָפּ־ווענד זיין בליק פון יענער שילערין. ווי תענוגדיק...

ביי דער פויזע איז ער, אין גאַייל, אַראָפּ פון דער שטול, זיך אַוועק־געשטעלט נעבן יענעם טאָוול, אויף וועלכן דאָס מיידל האָט געצייכנט זיין „קאָפּ“.

— ווי שיין איך בין אַרויסגעקומען ביי אין! — האָט ער באַוווּנ־דערט די קויל־צייכנונג אויפן בריסטאַל.

— זעט איר שוין, אַז עס האָט אייך געלוינט — איז אונטערגע־שפּרונגען זיין באַקאַנטער, יצחק.

ערשט, איצט, האָט יאָסל דערזען יצחקן אין זיין גאַנצן צוזאַמענ־שטעל:

אַ בחור, ווי ער און אַזאַ איידעלער, אַזאַ ווייכער, גלאַטיק און ווייס, ווי פון טייג געקנעטן.

— איך וויל זיך חברן מיט אייך — האָט ער זיך געבעטן ביי יצחקן.

— גוט. ווי אַלט זענט איר?

— אַכצן יאָר.

— איך אויך. און דאָס איז מיין חברטע — האָט יצחק פאָרגע־שטעלט די שילערין, אויף וועלכער יאָסל האָט געהאַלטן איינגעגעסן זיין בליק.

ביי דער צווייטער לעקציע האָט יאָסל געזען, ווי אַנדערשדיק עס איז די וועלט; ווי איינגעטיילט זי איז אויף הונדערטער חלקים: איטלעכן זיין חלק, זיין פּיצעלע וועלט. אים, יאָסלען, האָט מען צוגעוואָרפן אַ טאָפּ מיט פּאַפּ און זיי דאָ — די איידלקייט אַליין. אין די דאָזיקע מינוטן, ביי יעדן שאָרך פון די פענצלען, קוילן, איבער די בריסטאלן, ביי יעדער באַוועגונג פון די שילער האָט ער געפילט, ווי עס ווערט איבערגעגאָסן אין אים אַן אַנדער חיות, אַזוינס, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דער גליסטנדיקער ערדישקייט.

— מאָרגן קום איך ווידער — האָט ער אָנגעטאַפּט מיט זיין האַנט דער שילערינס פינגער.

— ווי רופט מען אייך?

— יאָסל.

— און מיך אסתר.

איצט זענען אַלע דריי געגאַנגען צוזאַמען איבערן גליטשיקן טראָטואר, אסתר אינמיטן. איר יעדער באַריר האָט אויפגעוועקט אין יאָסלען מחשבות, צו זיינע אַכצן יאָר קען ער נישט די וועלט, ווייס ער נישט די מתיקות פון חברן זיך.

— איך בין אַזאַ אָפּגעלאָזטער — האָט ער זיך פאַרקלאָגט פאַר זיינע ניי־באַקאַנטע.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען יענעם טאַנץ־זאַל, וווּ יאָסל איז פריער געשטאַנען. ער האָט אַוועקגעקערט פון דאָרט דעם בליק. איצט האָט ער זיך געפרייט מיט זיין מאָדעל־פּנים, וואָס האָט, צוליב זיין אייגנאַרטיקייט, אים אַריינגעבראַנגט אין אַ נייער סביבה.

אַזוי צומאָרגנס, אַזוי אַ גאַנצע וואָך — דער באַריר פון אסתרן, פון יצחקן, האָט אים אָפּגעצאָלט די פאַרלוירענע טעג ביים איינבינדער.

און אַז איינמאָל האָט געטראָפן, יצחק איז נישט געקומען אין אַטעליע — איז דאַן יאָסל געזעסן, אַ פיבערדיקער, אויף דער הויכער שטול, אומגעקערט זיין וווּנדער־פּנים אינגאַנצן, צו יענעם ווינקל, וווּ עס האָט געצייכנט אסתר.

— אמת, מיין פּנים איז וווּנדערבאַר! — האָט ער זיך געגרייסט פאַר דער שילערין, זי׳ אַהיימפירנדיק.

— יאָ, אויסגעצייכנט, וווּנדערבאַר.

— אַ קינסטלעריש פּנים, האָ.

— בלויז ליכט און שאָטן.

נאָנט פונעם טויער, ווו די שילערין האָט געוווינט, איז יאָסל שטיין געבליבן אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך —

אַ הילכיקער קוש האָט צעשטויבט די אַרומיקע שטילקייט.

— דאָס האָב איך גענומען באַצאָלט פאַר מיין פאָזירן...

אַ צערויטלטע, איז אסתר אַרײַנגעלאָפן אין טויער. יאָסל האָט איר נאָכגעשריגן:

—זי וועלן זאָגן יצחקן, אַז ער האָט מיר שוין אָפּגעצאָלט מיט אַן עודף...

— גוט — האָט אסתר זיך צעלאַכט — נאָר מאָרגן קומט ווידער!

— יאָ, איך קום ווידער. און מאָרגן וועל איך ווידער נעמען געצאָלט פאַר מיין מאָדעל...

דער גליטשיקער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, געפלאַמט אויף די באַקן, געוועקט אין יאָסלען רעיונות פון אַ בעסערער, שענערער וועלט.

# די ערד ציטערט אַרום פינסק

דער שאָסיי־וועג, וואָס פירט פון פינסק ביזן דאָרף לונין, שניידט זיך צווישן אויפגעייענדיקע פעלדער, צווישן בעריאָזעס, שניידט זיך אונטער אַ געלער זון־פּלאַך,ביים סוף פון צעהיצטן זומער. פון ביידע זייטן, ווו מיטן אויג צו גרייכן — בערגעלעך און קופּקעלעך — אָנגעהויפטע פורן און אַרום זיי — איינגעהויקערטע פעלד־מענטשן, פויזנדיקע אויף שוואַרצער ערד.

שווער צו וויסן, וואָס די מענטשן טוען איצט אויף די פעלדער — פאַרוואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט די כאַטעס אויף הפקר. הערן זיי נישט, ווי די ערד שפּאַלט זיך, ווי די לופט ווערט צעטראַסקעט? זעען זיי נישט דאָס איבערגעשראָקענע פליען פון די טויבן, וואָס זוכן אַ באַהעלטעניש אויף די פעלדער?

דער וועג איז באַוואָרפן מיט בערגעלעך און גריבעלעך, שפּיציקע שטיינדלעך, וואָס עסן זיך איין אין באָרוועסע פיס־פּלאַכן, צעאייטערן דעם טראָט. באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ — אייליק געלויף, אייליק געשפּאַן. איבערן וועג: עס מערקן זיך סימנים פון אַ נאָענטן ישוב.

אַ שטיק ערב זון־פאַרגאַנג איז הערש אַריין אינעם דאָרף לונין.

ביי זיינע ערשטע טריט — אַ ווייסער, ליידיקער פּלאַץ. אַרום — דאָ אַ כאַטע, דאָרט אַ בוים. פרעמדקייט. זאָל ער פרעגן אויף אַן אָרט אָפּצורוען? הערש געדענקט נישט דעם טאָג, ווען ר'איז אַרויס פון דער היים. קאָן זיין אַ וואָך און קאָן זיין מער. די צייט איז פאַרביי מיט אימפּעטדיק לויפן. אַזוי איז געווען לכתחילה. דערנאָך האָבן זיך די שיך צעשאָטן אונטער די פיס און די פיס — געגומען ווערן אויסגעפּילט מיט צעראַצטע עפּנונגען, מיט אָנגעבלאָזענע פאַרהאַרטונגען, געוואָרן אָנגעשוואָלן. האָט הערש פאַרקלענערט די טריט — אָבער נישט אָפּגעשטאַנען. זיין באַ־

וואקסענער קאָפּ און פּנים, זיינע טרוקענע אויגן און ליפּן — אַלץ אויף אים האָט געצייכנט שלאָפלאָזיקייט, פאַרמאַטערטקייט; האָט נישט גע־לאָזט אָפּשאַצן די צאָל יאָרן, וואָס הערש טראָגט אויף זיך. געהאַלטן האָט ער ביי עפּעס אַריבער די צוואַנציקער. געקומען פון אַ באַלעבאַטישער היים. געווען אַ בחור מיט היימישער זאָרג. איצט האָט ער געמוזט אַלץ איבערלאָזן, אַנטלויפן, לויפן איבער שאָסייען, איבער אומבאַקאַנטע וועגן — לויפן פון דער מלחמה, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין היים, אויף זיין וואַרשע.

אַ געלע מאַטקייט איז געלעגן איבערן דאָרף.

הערש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. אַנטקעגן — כאַטעס באַדעקטע מיט שטרוי. ביי דער זייט — אַ ווייס מויערל, אַ ברונעם. אויפן ערשטן בליק — רואיקייט ליגט אויפן דאָרף; די מלחמה האָט נישט גע־גרייכט קיין לונין. וווינט דאָ אפשר ערגעץ אַ ייד? נעכטן איז הערש פאַר־ בייגעלאָפן פינסק. דאָרט האָט מען אים געזאָגט, אַז אויפן צווישן־וועג גע־פינען זיך יידישע פעלדער. אין לונין וועט ער שוין געוואָר ווערן. מען האָט אים זיכער נישט גענאַרט. יידישע פויערים זענען דאָ אויף פּאָלעסיע. אין אויסטרוקענען די פינסקער בלאָטעס האָבן אויך יידן אַ חלק.

ער האָט אַרויפגעלייגט די נאַקעטע פיס אויף דער באַנק. ווייטער וועט ער נישט גיין. די פיס־פלאַכן זענען געוואָרן פאַרקיילעכיקט, האָבן באַקומען דעם אויסזען פון אַרומגעטאָקטע קלעצלעך. און וווהין זאָל ער גיין ווייטער? אפשר האָט זיך די מלחמה שוין פאַרענדיקט — וועט ער אויסרוען די צעהאַקטע פיס און זיך אומקערן צוריק אַהיים.

אויף דער שוועל פונעם ווייסן מויערל האָט זיך באַוויזן אַ יונגער בחור מיט אַן עמער אין האַנט. הערש האָט אַ קער געטאָן די אויגן צום ברונעם. דאָרט האָט ער דערזען בלישטשענדיקע קנעפּ אויף אַ גימנאַ־זיסטן־מונדירל, דערזען אַ ווייס פּנים, וואָס איז אים שטאַרק קענטלעך געווען פון די וואַרשעווער גאַסן. זיכער אַ זון פון אַ רייכן ערד־באַזיצער אין דאָרף, וואָס לערנט ערגעץ אין אַ גרויסשטאָטישער גימנאַזיע.

הערש האָט זיך אויסגעגלייכט. דער בחור האָט אַריינגעוואָרפן דעם

עמער אין ברונעם, פאַרוואָרפן דעם שטריק איינמאָל, נאָכאַמאָל — און אָנגעשטעלט זיין בליק אויף הערשן.

— קאָן איך בעטן אַ טעפּעלע וואַסער? — האָט הערש געפּלאָנטערט די טרוקענע צונג צווישן די צעפּלאַצטע ליפּן.

דער בחור האָט נישט געענטפערט. אַוועקגעשטעלט דעם אָנגעשעפּטן עמער און אַריין אין מויערל.

אין גלאַנץ פון די שויבן־פענצטער האָט הערש דערזען בייגעריקע פּנימער. דערנאָך — די טיר האָט זיך געעפנט; אַ הויכער ייד האָט גענו־מען דערנענטערן צו דער באַנק.

— דאַכט זיך, אַ ייד, האַ? — האָט דער אַרויסגעקומענער געפרעגט און גלייך פאַרטריבן די ספיקות — קומט־זשע אַריין אין שטוב, וועט איר באַקומען אַ מילכיקן טרונק.

הערש האָט אָבער נישט געקאָנט באַוועגן די פיס. ער האָט זיך אָנ־געשטרענגט און צוריק געבליבן ליגן אַ פאַרמאַטערטער. איצט האָט אים שוין נישט אַזוי שטאַרק ווײ געטאָן זיין צעהאַקטער גוף, נאָר — די פאַר־שטערטע פרייד ביים צוזאַמענטרעפן זיך מיט אַ ייד אין דאָרף. ער האָט זיך באַמיט איינצוקנייטשן זיין פּנים אין אַ שמייכל, האָט זיך אָבער פאַ־נאַנדערגעלייגט דערויף אַלטקייט, אַזוינס, וואָס האָט געצוווּנגען דעם דאָרפס־ייד אַרויסצורופן דעם זון; אַזביידע זאָלן אַריינטראָגן הערשן אין שטוב.

— איך ווייס, איך ווייס — האָט דער ייד נישט געלאָזט זיך פאַר־ענטפערן הערשן — איך ווייס, אַז דו ביזט נישט געווען דאָס, וואָס דו ביזט איצט; איך ווייס, אַז דו האָסט געהאַט אַ היים, יאָ; איך ווייס...

דער באַלעבאָס האָט געקוקט אויפן זון. איז פון דעם קוקן געווען אַרויסצוזען, אַז דער זון איז אים שטאַרק אַ שאָד, אַז ער האָט אויף אים רחמנות; אַז דער טאַטע האָט מורא — דעם זון זאָל נישט טרעפן דער אייגענער גורל, וואָס הערשן.

— ווי רופט מען דיך, בחור, האַ?

— הערש הייס איך.

— און מיין זון הייסט יצחק.

ביידע בחורים האָבן זיך געדריקט די הענט. אינעם פאָדערצימער זענען געשטאַנען אָנגעפילטע זעק, טעפּ מיט זויער־מילך, אַ קאַסטן מיט קאַרטאָפל.

יצחק האָט גענומען רופן:

— טאַטע, דערלאַנג אַ טעפּל וואַסער, קאַרטאָפל, וועל איך צוגרייטן אַ קאָמפּרעס!

אַלטער, אַ צעוואַקסענער ייד, מיט ברייטע האַנט־פלאַכן, מיט אַן אָפּגעברענט פּנים, צעברוינט פון זון און ווינט, האָט זיך אָפּגעריסן פון פענצטער, דערלאַנגט יצחקן וואַסער, קאַרטאָפל. און צו הערשן:

— געקומען מיין זון אויף וואַקאַציע. אַזוי יעדעס מאָל, יעדן זומער, קומט מיין יצחק אויפן דאָרף פון גימנאַזיע. קומט און פאַרברענגט אויף אייגענע פעלדער. עסט אייגענע קאַרטאָפלעס. אייגן ברויט. פאַרשטייסט, הערש. וואָס וועט זיין איצט?...

הערש האָט אויסגעטרונקען איין טעפּל קאַלטע מילך, אַ צווייטס. יצחק האָט אים געוויקלט די אייטערדיקע פיס אין האַנטעכער, אויסגע־פּילטע מיט צעשניטענע קאַרטאָפל. אַ געלער זון־פלעק איז געשטאַנען אויף יצחקס שטערן, געמאַכט העלער זיינע האָר, איידעלער זיין פּנים. האָט ווער געקאָנט אַריינדרינגען אין יצחקס טראַכטן? זיין גאַנצער אויס־זען — איין שטיק פריילעכקייט. ווייט פונעם דאָרפישן לעבן. פון דער פריסטער יוגנט — פאַרברענגט מיט שטאָטישע חברים, אין שטאָטישע שולעס, אין גימנאַזיע. יעדן זומער — געקומען אויף וואַקאַציע אין דאָרף, אויסגעוואַלגערט זיך אויף טאַטנס פעלד, אויסגעברוינט זיין קיילעכיקן גוף אונטער טאַטנס זון. אַ בן־יחיד — איז אַלץ געווען ווייניק פאַר אים: סמעטענע, האָניג, פריש־אויסגעבריטע מילך, — די גאַנצע באַלעבאַטיש־קייט פאַר יצחקן, אַלץ פאַר אים. איצט געפינט ער זיך דעם דריטן טאָג אויפן דאָרף. געקומען ווי יעדן זומער. עס גייען אים אָבער נישט אין האַלז אַריין די פאַרגעניגנס; עס וואַרעמט אים נישט די זון, טוליעט נישט צו זיך ס׳פעלד. אַעראָפּלאַנען־גערויש האָט אים פאַרטריבן דאָ אַהער. די מלחמה האָט דערגרייכט אויך צו אים אין גימנאַזיע.

— נו, ווי פילט איר זיך? — האָט ער אָנגעשטעלט זיינע ווייסע אויגן אויף הערשן.

— אַ שיינעם דאַנק — האָט הערש געענטפערט — די קאַרטאָפֿ־לעס קילן די ווייטיקן.

און ביידע, טאַטע און זון, האָבן אַראָפּגעצויגן פון הערשן זיינע פּאַרשטויבטע מלבושים, אים אַריינגעטראָגן אין זייטיקן צימער, אַוועקגע־לייגט אויף אַ בעט.

אַלטער און יצחק זענען אַרויס אויפן פעלד.

אַ ווייטער שטח איז געווען פּאַרטונקען אין גרינעם אויפגאַנג פון צייטיקן געוויקס. עס האָבן זיך אַרויסגעטיילט די צעפּאָלדעוועטע פּאַסן פון גערשטן, פון ווייץ, פון קאָרן. אַ גוטע גערעטעניש. יצחק האָט גע־שפּאַנט ביי דער זייט פון טאַטן. זיין בליק אויף אַלץ איז געווען דורכגע־דרונגען מיט מבינות, כאָטש ער האָט נישט געוווסט אונטערצושיידן פון גערשטן־ברויט און קאָרן־ברויט, נישט געוווסט, ווי מען באַגייט זיך מיט דער מאַלאַטילקע, ווי אַזוי מען דרעשעט די תבואה. זיי האָבן געשפּאַנט איבער אַ צעשניטן ווענעלע, וואָס האָט זיך געשלענגלט, זאַמדיק, צווישן קאַרטאָפל און קרויט. פּלוצלינג, האָט זיך יצחק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, צוגעלייגט אַן אויער צום צעוואַרעמטן באָדן:

— הערסט, טאַטע, ס׳איז געוויש!

ביי אַלטערן זענען די אויגן געוואָרן פאַרלאָפן מיט אַ קעציששער גרינקייט. ער האָט אַ הייב געטאָן דעם זון פון דר׳ערד. איינגעגראָבן זיינע שטעכיקע באַקן אין יצחקס ווייכן פּנים:

— הייסט עס, אַז די אַעראָפּלאַנען פליען שוין אויך דאָ אַהער!

די גאַנצע ליבשאַפט זיינע, וואָס אַלטער האָט געהאַט צום זון, האָט זיך איצט אָנגעזאַמלט אין אים אויפאַמאָל. ער האָט יצחקן אויסגעקושט די אָפּגעדעקטע אַקסלען, די פּלייצע, די הענט און פּנים. ער האָט נישט געפילט קיין שאָד צו די פעלדער, וואָס ווערן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, צו זיין פאַרמעגן, וואָס פרעמדע ווערן זיך טיילן דערמיט — עס האָט אים ווי געטאָן יצחק, זיין בן־יחיד...

אויפן בעטל איז געלעגן הערש, געצאַפּלט אין אנגסטן און היץ. אים איז באַקאַנט דער געוויש פון די אעראָפּלאַנען. ער האָט אים נאָכגעיאָגט איבער אַלע וועגן פון פוילן. איצט האָט ער זיך ווידער נישט ווו אויסצו־באַהאַלטן. וואָס וועט זיין?

אַריינגעקומען אין שטוב, האָט אַלטער געשפּאַנט פערד אין וואָגן, אַרויפגעוואָרפן אַ שטרוי־גאַרב. ביידע, טאַטע און זון, האָבן אַרויפגע־לייגט הערשן אינדערהייך. די זון האָט געברוינט אויף יצחקס לייב, אויף אַלטערן. הערש האָט אַריינגעווײנט אינעם שטרוי, געוויינט אויף זיין גוטן פריינד, יצחק, וואָס עס איז אים פאַרשטערט געוואָרן די הנאה פון וואַקאַציע־אָפּרו.

פאָראויס — זון, געררויש פון אויפגייענדיקע פעלדער, הינטן — טראַסקען פון אויפרייסנדיקע באָמבעס. יצחק האָט פאַרטוליעט זיין פאַר־טרערט פנים אויפן טאַטנס ציטערדיקער האַנט.

# וואַרשע אַנטלויפט

.1

די אַנדערע העלפט פונעם חודש אויגוסט, נײַנצן־ניין־און־דרייסיק:

וואַרשע טינקט אין זון, אין זומער — זוניקע טעג אויסגעפילט מיט פרייד־געשריי אויף גאַסן און פּאַרקן. דאָ און דאָרט — אַ „חסדל" רופט־אויס זיין סחורה: מאַנדערינקעס, קינדער־לאָלקעס; ביליקע פיש אויף שמאָלע־מילע־גאַס. ערגעץ אין אַ ווינקל, הינטער אַ טויער־צודעק — הייסע בייגל, פרישע זעמל, געווענזלטע הערינג. אין מיטן די קולות — אַ פייפן:

— עס גייט אַ „פינפער", אַ „פינפעוער"! (אַ פּוילישער פּאָליציאַנט.)

ווערן אָפּגערייניקט הויף־טויערן, טראָטוארן, הילכט טראַמוויי־געקלאַנג אויף דער ברייט פון גאַס. אַ בהלה. אַ געלויף. און אין אַ מינוט אַרום: דער פּאָליציאַנט איז אַוועק. עס שמעקט ווידער מיט געווענזלטס, מיט הייסע אויוונס, וואָס פּאַרען אַרויס פון קוישן געבעקס.

אַזוי קוקט־אויס די גאַס פון דאָקטאָר זאַמענהאָף, די געסלעך אַרום. יידן פרנסהוועו, שטופּן־דורך טעג. און זאָל זיך די וועלט איבערקערן; און זאָלן מיניסטאָרן זיך קריגן, — אַ חיי־שעה פאַר יידן אין ענגע געסלעך, אַ טאָג איבערלעבן אין קעלער־ און בוידעם־שטיבלעך; — זאָלן פירן פּאָליטיק די „לייכטע קעפּ", די „לייכטע קעשענעס". יידן דאַרפן פרנסה.

און אַז דער טאָג נעמט זיך הילן אין בין־השמשות, נעמט אים פאַרשפּרייטן איבער דאַך און מויער, איבער גאַסן און געסלעך — דאַן שלייכן פּאַרביי הויפן אויסגעצוואָגענע קעפּ פון בחורים, פון מיידלעך; שפּאַנט מען אַוועק צו קראַשינסקיס גאָרטן, צום טראַוגוט־פּאַרק.

אָפּטעמען.

מיטן זומערדיקן אויגוסט אין וואַרשע דער שטאָט.

און אַזוי איז שוין איינגעסדרט דער סדר־העולם: צוזאַמען מיט די טעג רוקן זיך די ווייזערס, „גייט דער זייגער״, שטופּט זיך שעה נאָך שעה.

און ווען עס וואָלט נישט געווען אַזוי איינגעשטעלט די וועלט, איינגעטיילט אין שעהן, טעג, מעת־לעתן —

דאַן וואָלט זעליק געהאַט מער צייט צו טראַכטן מכח דעם, וואָס ער טראַכט: —

צי וועט זיין אַ מלחמה?

נעכטן איז ער געווען זיכער, אַז — ניין; היינט ספקט ער;

מאָרגן?

די אַרבעט אין רעדאַקציע ווערט נישט אָפּגעשטעלט. פון דעם רעדאַקטערס לייטאַרטיקלען איז שווער צו וויסן, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. דער רעדאַקטער אַליין וויס נישט. און אויב וויס ער יאָ, טאָר ער נישט אויסזאָגן: דער צענזאָר הייסט שווייגן.

שווייגט וואַרשע. שווייגן ראַדיאָ־הילכערס. שווייגן רעדאַקטאָרן און מיניסטאָרן.

שפּאַנענדיקע טעג אין וואַרשע.

נאָר זעליק פאַרטרייבט פון זיך די ספיקות. עס קאָן שוין אַנדערש נישט זיין. עס וועט קיין מלחמה נישט זיין —

פּוילן וועט פאַלן אָן מלחמה.

אַזוי זאָגט אים זיין אינסטינקט. ווער־ווער — נאָר זעליק — פאַר אים זענען נישטאָ קיין סודות. ער זעט אַלץ באַשיינפּערלעך. ער האָט בלויז נישט קיין צייט זיך צו פאַרטיפן אין די אַלע קלייניקייטן, וועלכע צייכענען זיך בולט אַרום זיינע אויגן.

וואָלט דער סדר־העולם געווען אַנדערש איינגעשטעלט; וואָלט מען נאָר בכוח געווען אָפּצושטעלן דער וועלטס גאַנג — כאָטש אויף איין מעת־לעת, איין טאָג, איין שעה — וואָלט שוין זעליק דערטאַפּט דעם תמצית, אָטאָ דאָס ברעקעלע, צוליב וועלכן פּוילן וועט מוזן פאַלן. און

דאַן — דאַן וואָלט ער אויסגעשריגן מיט זיין פען: דאָס איז עס! אָטאָ דאָס, צוליב וועלכן פוילן וועט מוזן חרוב ווערן!

ער טוט דאָס נישט, פשוט דערפאַר, ווייל די צייטונג האַלט אים פאַרקלעמט טאָג נאָך טאָג, רויבט אַוועק פון אים די צייט, לאָזט אים נישט טראַכטן, זען דעם אמת, אָט אַזוי, ווי ער קוקט־אויס אין זיין גאַנ־צער נאַקעטקייט.

זעליק:

קורץ און קיילעכיק. דער גאַנג זיינער איז אַ קיילעכיקער; די אויגן — קוקן מיט אַ קיילעכיקן בליק.

מיט אַ ביטולדיקן בליק.

אַזוי אין רעדאַקציע, ביים אַרבעטס־טיש, אַזוי אינדערהיים, אויף זיין בחוריש בעטל. —

די וועלט האָט אַן איבערפלוס פון נעגאַטיוון, שווערן זיי אויף אים, זעליקן, דושען זיי אויף זיינע עטלעכע און צוואַנציק יאָר.

אַ פּאַסקודנע וועלט.

***

זוניקע אויגוסט־טעג אויף גאַס און הויף.

איבער נאַלעווקער מויערן הענגט די זון מיט זומערדיקער רחבות, מיט צאַפּלדיקן גלאַנץ פון פענצטער־גלאָז. דאָ און דאָרט שניידט דורך דעם אויער אַ פייגל־געסווישטש, אַ פליגל־געפּאַטש פון היימישע טויבן.

און דאָ און דאָרט —

פּירלעך, באַלייגטע מיט אָפּגעשוונדענע פּערענעס, מיט צעשרויפטע בעטן און ספרים־אַלמערס.

פור נאָך פור שלעפּט זיך איבער די נאַלעווקעס — קאַראַוואַנען פון שטעט און שטעטלעך: יידיש באַלעבאַטישקייט .

פון מלאווע. פון טשעכאַנאָוו. פון נאַשעלסק.

און הינטער זיי, אויף זיי: אַלטע יידן, יונגע יידן, צעקנאָדערטע יידענעס; איטלעכער פאַר זיך — בלויז באָרד, בלויז שייטל.

יידן אַנטלויפן. לויפן קיין וואַרשע. באַזעצן זיך אין נאַלעווקער הייף.

אין די לעצטע טעג פונעם חודש אויגוסט.

און אויבן, אויפן צווייטן שטאָק פון קרולס הויף, זיצט זעליק אַן איינגעבויגענער איבער אַ מאַנוסקריפּט. „זעליק־זוכער" — אַזוי רופט מען אים אין רעדאַקציע. ער זוכט און געפינט. דאָס איז זיין טבע. כמעט אַ דעטעקטיוו. און בפרט — צו וואָס דאַרף מען זוכן, זיך גריבלען אַן פּאָליטיק —

אָט, זעט!

ערשט איצט איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז — זעליק האָט געהאַט רעכט:

פּוילן וועט פאַלן אַן מלחמה.

— דאָס איז נאָך נישט קיין ראיה — אפּאנירט זיין מיטזיצער אויף דער צווייטער זייט טיש.

זעליק איז אָבער איינגעעקשנט.

גיט נאָר צו:

— אויב זאָג איך: אַן מלחמה, מיינט עס נאָך נישט: אַן בלוט...

מ׳וועט זיך דאַרפן שלאָגן. שטאַרק שלאָגן, נאָר...

— פּוילן וועט נישט אויסהאַלטן דעם שווערן דרוק.

אַלע אין רעדאַקציע זענען געוואָרן זיכער דעריך. האָט זיך די אַרבעט גענומען ציען שלאַבעריק, איבעריק, גענומען ווערן אַן עול — נישט ווי נעכטן, ווי מיט אַ וואָך צוריק.

בפרט, וואָס אַ טאָג ווייטער — דער דעפיציט ווערט גרעסער, די „חזרה" גרעסער — די פּאָסט שיקט שוין נישט קיין צייטונגען אין יענע שטעטלעך, וועלכע ליגן נאָנט צו דער פּרייסישער גרענעץ.

אָפּגעשניטן געוואָרן דער שאָסיי, וואָס פירט קיין דאַנציג.

פאַרפולט זענען די גאַסן, וואָס פירן צו די נאַלעווקעס.

יידישע שטעטלעך פון פּוילן דער מדינה — האָבן פאַרענדיקט זייערע לעצטע שעהן.

היטלערס חייל באַזעצט די ווייסל.

סוף אויגוסט ניינצן־ניין־און־דרייסיק.

*
**

אין דער זעצעריי איז הייס. אַ דאַמפיקע היץ שלאָגט פון די לינאָ־טיפּן, באַדעקט מיט שווייס דעם מעטראַמפּאַזש, די רעדאַקטאָרן — פלאַמט אויף זיי מיט צעשמאָלצן בליי.

וויפיל איז דער שיער צו וואַרטן?

היינט איז פרייטיק, דער ערשטער טאָג פון חודש סעפּטעמבער. מ׳דאַרף אַרויסלאָזן דעם שבת־נומער. אַלע זייטן זענען שוין מאַטריצירט, גרייט צום אָפּגיסן. אויף די ערשטע זייט איז שוין דריי פערטל אויסגע־שלאָסן. עס פעלן בלויז די לעצטע ידיעות, דער טיטל־קאָפּ. און איצט — נאָ דיר: מען ווייס נאָך נישט ווער ס׳איז שולדיק אין דער מלחמה; ווער ס׳האָט גורם געווען, אַז די דייטשן זאָלן באָמבאַרדירן פוילנס שטעט!

שטייט, אַ פאַרדאגהטער, דער רעדאַקטער, שטייען אַרום אים זיינע געהילפן, טראַכטן און קאָנען גאָרנישט אויסטראַכטן.

— אַ סוף אַן עק! — היצן זיך די זעצערס אויף זייערע הוידענדיקע בענקלעך — איר גיט שורות, אָדער — מיר פאַרלעשן די אויוונס!

די זעצערס זענען אומגעדולדיק. דער נומער וועט היינט פאַרשפּע־טיקן. זיי מוזן לויפן אַהיים, מוזן טראַכטן, זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו אַנט־לויפן פון דער בהלה, ווי אַזוי צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

און אָט איז אָנגעלאָפן זעליק, דער זוכנדיקער זעליק — געזוכט און געפונען.

— מען מעג שוין אַלץ שרייבן — האָבן געבליצט, שנעל־שנעל, זיי־נע קיילעכיקע אויגן־גלעזער — יאָ, חברים, מען מעג שוין!

— וואָס מעג מען שוין? — האָבן אַלע געפרעגט מיט איינמאָל.

און זעליק האָט פאַרגעסן זיין ראָל, פאַרגעסן, אַז זיין אַרבעט אין רעדאַקציע איז — צו רעדאַגירן דאָס, וואָס עס גיט אים דער רעדאַקטער. האָט ער אַ שפּרונג געטאָן צו איין זעצער, צו אַ צווייטן, דעם צוגעוואָרפן אַ פּאַפּירל, יענעם אַ פּאַפּירל. באַפוילן דעם האַנט־זעצער צוצוגרייטן אַ פינף־שפּאַלטיקן „קאָפּ“:

„פוילן וועט פאַלן אָן אַ מלחמה“.

און ווען ער האָט גענומען לייענען די אונטער־„קעפּ“, האָבן זיך גע־נומען הערן קולות צו זיין זייט:

— אַ משוגענער!

— אַן אידיאָט!

— וואַרפט אים אַרויס!

אויפן ברייטן הויף־קאַסטן זענען געשטאַנען יידן מיט ציקנדיקע בליקן צום הימל, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַרום דעם הילצערנעם שטאַכייט, וואָס האָט אַרומגעראַמט די פּאַרטריקנטע גראָזלעך.

— מאַנעוורעס — האָט איין ייד אייַנגערוימט אויפן אויער דעם צווייטן — „אונדזערע״ מאַכן מאַנעוורעס.

ווו אַ בליק — צונויפגעלייגטע זעק, צעבראָכענע שענק, אָנגעוואַלגערטע מלבושים אין אַלע הויף־ווינקלען.

— פונוואַנען זענען יידן? — איז זעליק טשעקאַווע געווען צו וויסן.

— פון יענער זייט ווייסל.

— פון וולאָצלאַוועק.

— פון פּלוינסק.

— פון מאקעווע.

— פון...

זעליק איז צוריק אַריין אין דער זעצעריי. זיין קאָפּ — אַ מבול פון געדאַנקען. ער וועט נישט לאָזן אָפּנאַרן די לייענערס. ניין. בשום אופן נישט. זאָל די וועלט וויסן. נעכטן האָט ריבענטראָפּ געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט מאָלאָטאָוון. היינט וועט פּוילן פאַלן אַן אַ מלחמה. מאָרגן — אוי, מאָרגן...

מאָרגן הייבט זיך אָן דער אָנהייב פון סוף...

.2

אינעם חודש סעפּטעמבער אָטעמען די וואַרשעווער הינטערגעסלעך מיט פייכטע רינשטאָקן און קלעפּיקן שטויב. אַלץ אין זיי — בלאָטיק, שווייסיק, אויסגעפּילט מיט הייזעריק געטומל פון טויער צו טויער. די מענטשן דאָ שפּאַנען ראַשיק איבער קרומע ברוק־שטיינער, משופּעדיקע טראָטוארן, שפּאַנען און שעלטן פון טראָטואר צו טראָטואר.

ברוגזע געסל־איינוווינער מיט טענהס צו דער וועלט.

יעדער איז זיי, די געסל־איינוווינער, אַ שונא, יעדער — אפילו דער הימל. אויך דאָס שמאָלע, צעברעקלטע הימל־פּאַסיקל, וואָס ליגט פאַר־קוועטשט אויף די קוימענס פונעם וואָלינסקע־געסל, אויך דאָס האָט אויפ־געהאָנגען אַ שמאַטע הויך, איבערן פערטן שטאָק, אויף אַן עלעקטרישן דראָט, אויפגעהאָנגען — כדי נישט אַריינצולאָזן קיין הימל־ליכט אינעם געסל.

רייסן פאַרדאגהטע יידן זייערע שמאָלע העלזער הויך, איבער שטאָקן, שטעכן־איין פאַרטראַכטע אויגן אויף עלעקטרישן דראָט, ווילן דערגיין דעם סוד —

ווי אַזוי?

נישט אַנדערש, נאָר ער אַליין, דער הימל, האָט אויפגעהאָנגען די צויטיקע שמאַטע איבער דער ברייט פון געסל. יאָ. ער אַליין. וואָרום, ווי אַזוי קאָן אַ מענטש דערגרייכן אַזוי הויך, האַ, ווי אַזוי?

אַ צולהכעיס.

אַלץ איז צולהכעיסדיק די געסל־איינוווינער.

און יידן מאַכן שלום מיטן גורל:

זאָל זיין קלעפּיק, זאָל זיין פייכט און זאָל די זון נישט שיינען: יעדן אָוונט צעזעצן זיך שכנים איבער געל־גרינע רינשטאָקן, זיצן, קוקן צום הימל, האָבן הנאה פון איינהילנדיקן בין־השמשות.

וועגן וואָס מען שמועסט?

וועגן פאַרגאַנגענע טעג און נעכט, וועגן אויסגעלאַסענע הייף און אויסשטייער פאַר כלה־מיידלעך.

דערנאָך צעגייט מען זיך, איטלעכער אין זיין הויף, אין זיין שטוב, איבערוואַרטן די נאַכט, אויפוואַכן פאַרטאָג.

אַזוי זומער נאָך זומער.

אַנדערש, אָבער, האָט אויסגעקוקט דער ערשטער טאָג פונעם חודש סעפּטעמבער', ניינצן־ניין־און־דרייסיק.

דאָס וואָלינסקע־געסל האָט אַרויסגעשטויסן זיינע איינוווינער פון ענגע שטיבלעך, זיי אַריינגעשטויסן אין די ברייטע, טיפע טויער־קאַסטנס,

איינגעשפּאַרט זייערע בליקן אין די שמאָלע עפענונגען, דורך וואַנען עס האָט זיך געזען אַ דין הימל־פּענעצל, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט אַ הילכיק רוישן.

דאָס פליען זיי, די מחבלים, — אַן אָנזאָג, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

יאָ. זי האָט זיך אָנגעהויבן.

זיכער. ווי איצט איז טאָג אויף דער וועלט.

דעם זעלביקן אָוונט זענען געוועז אָפּגערייניקט די רינשטאָקן אויפן וואלינסקע־געסל; האָבן געלע פּאָמעיעסן געאיילט איינע איבער דער צווייטער, געאיילט לענגאויס, פאַרביי רואיקע טראָטוארן, ביז אַן ענגן אַראָפּלאָז — ביז אין דער ווייסל אַריין, וווּ עס האָט אַ טרייסל געטאָן די ערשטע באָמבע אַרום דעם פּרעזידענטס שלאָס.

***

כאַבעס הויף: אַ דרייוואַנטיקער קאַסטן, באַקלעפּט מיט באַלקאָנען איבער פיר שטאָק; די פּערטע וואַנט — צוזאַמענגעשטעלט פון הילצערנע ברעטער, מיט קרומע איינגענג: דלותדיקע שטיבלעך פאַר באַלמעלאָכעס און הענדלערס.

אין טעג פון אַ גאַנץ יאָר וואַרפן די געביידע־איינוווינער קנאהדיקע בליקן אַרויף, צו די הויכע מויער־שטאָקן, זענען מקנא די „רייכע יחסנים", וואָס זיצן אויף לופטיקע באַלקאָנען.

— אַ נכפה האָט בלויז דער קבצן — פּלעגט פישקע דער סטאָלער־שטענדיק רוגזהנען זיין צעשויבערט בערדל איבער די שטאָקן.

און שכנים האָבן מסכים געוועזן:

— אַ גוטע נכפה; אָט־אָט און אונזער הייזקע צעפאַלט זיך!

איצט, אָבער, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט פישקע געטרייסט זיינע שכנים, געוועזן צופרידן, נישט פון דער מלחמה, נאָר — וואָס זיי איז געוואָרן צוגעטיילט די הילצערנע געביידע.

— וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, יידן — האָט דער סטאָלער געקלאַפּט אַ פויסט אָן אַ פויסט — זיי דאָרט זענען דאָך פאַרשלאָסן אין אַ

דיקער מויער, אָבער מיר — ביי דעם ערשטן טראַסק זענען מיר אויף דער גאַס...

פישקע איז געווען אַ בעל־חשבון. אמת, עס איז געוואָרן אַ מלחמה אין וואַרשע, דאָך — זיין פאַרמעגן וועט ער באַוואָרענען, וועט עס אייג־היטן אַזוי, אַז די מלחמה זאָל נישט גרייכן דערצו. זיין פאַרמעגן: ברע־טער פון בוק, פון דאָמב, פון סאָסנע. יעדעס ברעט — געמאָסטן, גע־צייכנט וויפיל פיש־ברעטער ס'וועלן זיך אויסשניידן פון דעם, וויפיל לאָקשן־ברעטער פון יענעם. גאַנצע טעג האָט ער געפלעגט שטיין אין זיין שמאָלן שטוב־איינגאַנג, געטרייסלט דעם געדיכט־באַוואַקסענעם קין, די ברייטע האַנט־דלאָניעס — זיך געטרייסלט מיט זיינע פופציק יאָר איבער אַ ברעט־שאַרף מיט אַ לאַנגן רובאַנעק אין די הענט. אַ געניטער סטאָ־לער געווען. פון אַלע הייף זענען געקומען צו אים שכנטעס קויפן ברעטער צו האַקן אויף זיי פיש, צו שניידן אויף זיי לאָקשן.

איצט, אין די ערשטע סעפּטעמבער־טעג, ווען דאָס וואָלינסקע־געסל, ווען כאַבעס הויף — אַלע שכנים מיטאַמאָל — זענען געווען אַריינגע־קוועטשט אין טויער, געהערט וויטע אָפּהילכן פון אויפרייסנדיקע באָמ־בעס — איצט האָט פישקע אַרויסגעשלעפּט זיינע ברעטער, זיי פאַנאַנ־דערגעלייגט אין אַ הויף־ווינקל, צוזאַמענגעדראָטעוועט אַזוי, אַז, טאָמער־וואָס, זאָל מען זיין פאַרמעגן נישט צעגנבענען.

— חסר־דעה — האָבן שכנים געזאָגט וועגן אים.

— אַראָפּ פון זינען.

דעם סטאָלער האָט דאָס אָבער נישט געאַרט. זאָלן זיי קוקן דורכן טויער און ער וועט טאָן ס'זייניקע. פאַר דער מלחמה זאָלן מורא האָבן די נגידים. זיי האָבן וואָס צו פאַרלירן. ער, פישקע, פאַרמאָגט נישט מער ווי די עטלעכע ברעטער — דאָס איז אַלץ.

פישקע וואָלט געווען שטאַרק צופרידן, ווען ער וואָלט געהאַט איצט ביי וועמען צו פרעגן, אַן עצה זיך צו האַלטן —

וועט טאַקע זיין מלחמה? אויב, חלילה, יאָ, וואָס דאַרף מען טאָן?

ער וואָלט איצט אַוועקגעגעבן מי־יודע וואָס, ווען עס וואָלט געקו־מען אימעצער פון גאַס, אַ מענטש פון „יענע גאַסן" — און זאָל דער־

ציילן די יידן פון כאַבעס הויף: וואָס אַזוינס טוט זיך איצט אויף דער וועלט, האַ, וואָס?

דער איינציקער, ווי ער פאַרשטייט, איז דער זון זיינער, זעליק, דער רעדאַקטער וואָס אַרבעט אין קרולס הויף — ער ווייס דאָך אַלץ, ער, אַלץ ווייס ער דאָך!

פישקע לייענט דעם זונס צייטונג, ווייס, אַז זעליק איז אַ בקי, אַז זעליק, אַהאַ — ער איז דער איינציקער.

קומט ער אָבער נישט אינעם וואָלינסקע־געסל. האָט זיך באַזעצט ערגעץ אויף נאַלעווקעס — און גאָרנישט: פאַרגעסן אָן טאַטן!

וועט ער טאַקע איצט אַ שפּרינג טאָן דאָרט אַהין, צום זון, אים אויפזוכן — און זאָל ער זאָגן: ווי לאַנג וועט זי אָנהאַלטן, די מלחמה?

*
**

ס׳איז היינט שבת, דער צווייטער סעפּטעמבער, ניינצן־ניין־און־דרייסיק.

איבער די נאַלעווקעס איילן יידן מיט ברייטע טלית־זעק אונטער די אָרעמס, איילן פון טויער צו טויער. פון צעעפנטע פענצטער אַרויס — אַ גרילצן פון ראַדיאָ־קאַסטנס:

— אַכטונג... אַכטונג... עס קומט־אָן...

טראַמווייען בלייבן שטיין אין מיטן געלויף, שפּייען־אויס פון זיך צעשראָקענע מענטשן, צעשויבערטע קעפּ, וואָס שטויסן זיך אין געדיכטן מענטשן־קנויל, שטויסן איינער דעם צווייטן אַריין אין צעעפנטע טויער־מיילער. און אַרום — פּאָליציאַנטן מיט גומענע שטעקנס, מיט ביקסן־קאָלבעס אין די הענט:

— פּשאַ־קרעוו!

צו וועמען האָבן זיי טענות, די בייזע פּאָליציאַנטן?

קיינער ווייס נישט. איטלעכער זוכט אַ טרייסט. איינער וויל אַרויס־לייענען פון צווייטנס אויגן: אפשר ווייס ער, אפשר...

די ווענט זענען פאַרקלעפּט מיט פאַרביקע פּאַפּירן, מיט דעם גלאַ־טיקן מאַרשאַלס קאָפּ. זיין שטרענגער בליק זאָגט:

— מיר זענען שטאַרק... מיר זענען פעסט... מיר וועלן זיגן...

אָט, ווער עס ווייס דעם סוד. אַז ס׳איז גאָר קיין סוד נישט. רידז־שמיגלי דערציילט אַלץ. נישקשה. ס׳איז נאָר אַ פאַרמעסט אַזאַ, אַ פּראָבע פון אונדזערע כוחות. מאַנעווורעס...

...מיר וועלן זיגן...

און אָט, צעהילכן די ראַדיאָ־קאַסטנס אַ פריילעכע בשורה, אַן אָנזאָג, אַז — שוין: מ׳קאָן שוין אַרויס פון די טויערן, אַריין אין די טראַמווייען:

— אַכטונג... אַכטונג... זיי זענען שוין אַוועק...

פינטלען פייכט־פריידיקע אויגן צום הימל, צו די האָריזאָנטן.

...זיי זענען שוין אַוועק...

אויף ווי לאַנג?

זעליק קוקט אַראָפּ דורכן פענצטער פון קרולס הויף. די גאַס רוישט ווידער. פענצטער שפּאַרן זיך צו. פוירהאנגען פאַרוקט. דער ספּיקער רעדט מיט אַ פריילעכער שטים. חזרט די ווערטער פון פוילנס מאַרשאַל:

...מיר וועלן זיגן...

ניין. זעליק איז זיכער, אַז — אַרויסגעוואָרפענע ווערטער. הייַנט דער צווייטער טאָג וואָס דייטשע אַעראָפּלאַנען באָמבאַרדירן פוילנס שטעט, דער צווייטער טאָג און —

— בזש־זש־וווּס!

אַ מויער איז איינגעפאַלן. אַ געשיט פון ציגל אויף אייזן.

אַ טרייסלען פון די רעדאַקציע־ווענט.

מען מוז אונטעראיילן.

זעליק איז פאַרבליבן אַליין אין רעדאַקציע. קיינער קומט נישט. קיינער העלפט נישט צערייסן דעם אַרכיוו, פאַרברענען דעם אַרכיוו. אַלע זענען אַוועק.

איילט ער פון צימער צו צימער. וואַרפט־אָן פאַפּיר אויפן דיל, צעוואַרפט עס איבער אַלע ווינקלען. וואָס טוט ער? מען מוז אַנטלויפן; איבערלאָזן אַלץ און אַנטלויפן.

און ווידער טרייסלען זיך די ווענט. און ווידער ציטערן די שויבן.

אַנטלויפֿן!

וווהין?

שוין די פֿערטע נאַכט, וואָס ער שלאָפֿט אין רעדאַקציע. גייט נישט צו זיך אינעם בחורישן שטיבל. וואָס וועט ער דאָרט טאָן. און וואָס זאָל ער דאָ טאָן. ער טאַפּטשעט אין פּאַפּירן. טרעט אויפֿן רעדאַקציע־אַרכיוו. איילט איבער די צימערן. לויפֿט, וויל אַנטלויפֿן פֿון זיך אַליין.

אינעם בין־השמשותדיקן שבת פֿון צווייטן סעפּטעמבער.

און וואָס הערט מען דאָרט, אויף וואָלינסקע־גאַס, אינעם סטאָלאַרסקע־שטיבל פֿון זיין טאַטן, פּישקע?

אָט, גלייך, וועט ער אַראָפּלויפֿן, נעמען דעם טאַטן מיט זיך — אַנטלויפֿן איבער דער קערבעדזש־בריק, איבער דער ווייסל...

די אָוונטן אין וואַרשע זענען געווען רואיקע, אָוונטן, אין דערוואַרטונג אויף פֿלאַקערנדיקע פֿרימאָרגנס, גליאיקע טעג אינעם זוניקן סעפּטעמבער.

.3

אין וואַרשעווער נעכט גלאַנצט דער אַספֿאַלט מיט ליכט פֿון נעאָן־לאָמפּן, פֿאַרביקע רעקלאַמעס און שטיקער הימל.

אין גלאַנציקע נעכט שפּאַנען גאַלעווקער יידן צו „יענע גאַסן״, אַריינאָטעמען ברייטוועלטיקייט, גרויסשטאָטיקייט.

טרעט מען איבער ברייטע מאַרשאַלקאָווסקע־טראָטוארן. זיצט מען אויף „צען־גראָשיקע״ שטולן אין זאַקסישן גאָרטן.

ס׳איז גוט צו לעבן אין וואַרשע, דער שטאָט פֿון רחבות, — שפּאַצירן אין עלעקטרישע נעכט איבער יערוזאלימער און אויאזדאָווער אַלייען.

וואַרשע — די קרוין־שטאָט פֿון פּוילנס ייד.

דאָס איז זי געווען ביז סעפּטעמבער. איצט האָט זיך אַלץ אויסגעגלייכט — די יידישע הינטערגאַסן מיט די גוישע „יענע גאַסן״. ביידע האָבן זיי באַקומען איין פּרצוף; ביידע — איין צוזאַמענגעדושעטער חשכות־קנויל. בלויז נאַכט.

בלויז שרעק:

וואָס וועט זיין מאָרגן?

דער הימל שפּייט מיט זון און צינד־באָמבעס. דאָ און דאָרט — אַ טרייסלען פון מויער־ווענט, אַ בראַזגען פון פענצטער־גלאָז. און אויבן, די וואָלקנס — ווייסע רויך־שנירלען לויפן נאָך מאָטאָר־געוויש, פאַרשווינדן אין געדיכטן רויך־קנויל, ווען דער אַעראָפּלאַנען־סעגל לאָזט זיך אַראָפּ צום האָריזאָנט.

אַראָפּגעוואָרפן די באָמבעס. פאַרענדיקט די אַרבעט־שעה. איצט קומט אַ צווייטער סעגל, אַ דריטער.

דער טאָג ציילט צוועלף שעה. יעדע שעה: דער ראַדיאָ־הילכער גרילצט איבער דער ברייט פון גאַס; וואָס אַ שעה ווייטער — ווייגענדי־קער ווערט זיין שטים, בעטנדיקער. אַ מין השתפכות־הנפש:

...מיר האָבן פאַרשפּילט... מיר... אונדזער גרויסער מאַרשאַל...

נעמט זיך פאַנאַנדערוויקלען דער בין־השמשות איבער גאַס און דאַך — חיותדיקע שעהן אין יענע סעפּטעמבער־טעג: די צוועלפטע טאָג־שעה איז פאַרענדיקט. נאַכט. רואיקע נאַכט איבער וואַרשע.

נאָר פינצטער איז — ימש־חושך.

אין אַזעלכע נעכט שפּאַצירן נישט נאַלעווקער יידן צום זאַקסישן גאָרטן. זיצט מען פאַרשפּאַרט הינטער טויער און טיר. וואַרט מען: וואָס וועט זיין?

די מאָרגנדיקע נאַכט איז איינגעהילט מיט מער חשכות ווי די נעכ־טיקע. שטיקער פינצטערניש פאַלן פון הימל. נעכטן האָט מען געזען אַ זון־פלעק אינעם שוואַרצן אוויר. היינט — שוין נישט. היינט זענען פאַר־שווונדן די ליכט־וואַרפערס, די לאַנגע, העלע פינגער, וואָס האָבן זיך גע־צויגן פון אקענטשנער פלי־פעלד, וועלכע האָבן געזוכט דייטשע אעראָ־פּלאַנען אַרויסקריכן פון האָריזאָנט.

היינט איז דער פינפטער סעפּטעמבער. מאָרגן קומען אַריין די דייטשן קיין וואַרשע. אַזוי דערציילט מען. יאָ. מענטשן ווייסן דאָס אויף זיכער. ווער עס גלייבט נישט — זאָל גיין אַ קוק טאָן אויף רימאַרסקע־גאַס, אויף קראָקעווער־פּאָרשטאָט, זאָל ער גיין און זען:

די פוילישע מלוכה אַנטלויפט פון וואַרשע — אַנטלויפט כהרף־עין.
היינט, זאָגט מען, אַז שולדיק אין דער מלחמה איז — דער מיניס־טער בעק; מאָרגן וועט נישט זיין וועמען צו באַשולדיקן. — מאָרגן וועט שוין זיין אַלץ פאַרשפּעטיקט.

***

איבער אַ נאַלעווקער טראָטואר שטעלט זיינע שלאָבערדיקע טריט אברהמל „דער זופּניק״. אַזוי האָט מען אים גערופן אין רעדאַקציע. אבֿ־רהמל האָט געהאַט אַ פאַבריק פון פּראָשקעס, זופּן־פּראָשקעס, וואָס האָבן אַריינגעגעבן אין געקעכץ אַלע טעמים, — וואַנילין־פּראָשקעס. און גע־ווען איז ער מיטרעדאַקטאָר אין קרולס הויף.

פאַרבייגעגאַנגען די רעדאַקציע, האָט ער אָפּגעשטעלט זיין שווערן טראָט, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אינדערהייך, צום צווייטן שטאָק; אָנגע־שטויסן זיין בליק מיט זעליקס. אין אַ ווייַלע אַרום האָבן זיךביידע אָפּגע־מאָסטן מיט נאָנטע בליקן, וועלכע געהאַט האָבן צו פרעגן: „וואָס טוט מען?״

אברהמל, ווי שטענדיק, איז קיילעכדיק, אָנגעגאָסן, מיט אַ פעטן גלאַנץ אויף די באַקן. ער נעמט־אויף דעם אַרום פעליעטאָניסטיש, מיט אַ פאַרקנייטשטן שמייכל אונטער די אויגן־ווייעס:

— עס איז בלויז אַ ירגזון; ער וועט איבערגיין...

עס אַרט אים נישט זעליקס כעסן זיך, זיין שפּרינגען איבערן טראָ־טואר מיטן שמאָלן גופל. אברהמל וועט נישט איבערלאָזן זיין פּראַצע אויף הפקר. וועט עס נישט טאָן.

— פּראַצע־שמאַצע — שלעפּט זעליק אברהמלען ביי זיין ווייס העמד — ראַטעווען דאַרף מען זיך כל־זמן ס׳איז נישט שפּעט!

אַרויסגעברענגט די ווערטער, האָט ער געפילט אַ פאַרגיטיקונג פאַר זיין בחורישקייט, פאַר דעם, וואָס ער דאַרף נישט טראַכטן אברהמלס מחשבות. און בכלל: די דייטשן וועלן צונעמען זיין זופּן־פאַבריק, זיכער צונעמען — דאַרף מען זיך אויך אַוועקגעבן, איבערגעבן אין די הענט פון פייניקער?

— אברהמל, געדענקט, אברהמל, קומט, לאָמיר אַנטלויפן!

דער ספּיקער, מיט זיין וויינענדיקער שטים, האָטביידן אָפּגעריסן פון טראָטואַר, זיי פאַנאַנדערגעטריבן אין ענגע הויף־טויערן. אַן „אַלאַרם". דייטשע אַעראָפּלאַנען דערנענטערן צו די באַלעוועקעס.

אינדערהיים האָט אברהמל געפּויקט אַ פינגער איבער אַ פינגער, געציילט די איינפּאַקונגען מיט וואַנילין־פּראָשקעס און געקומען צו אַ מסקנה:

ניין... יאָרן פּראַצע... וועט דאָס נישט איבערלאָזן אויף הפקר...

זעליק האָט אָבער געוואָלט האָבן אַ שותף צום אַנטלויפן פון וואַרשע, אַזעלכן, מיט וועמען זיך שואל־עצה צו זיין, מיט וועמען צו שמועסן איבערן וואַנדער־וועג.

און נישט געקאָנט געפינען.

שוין דעם דריטן טאָג שטייען די זאַץ־מאַשינעס אָפּגעקילטע, הפקר־דיק. אויפן מעטראַמפּאַזש־טיש — אויסגעפּילטע שופלעס מיט שורות, נייע בליי־שורות ערב קאָרעקטור. זעליק גישטערט אין אַלע ווינקעלעך, זוכט אויף די ווענט, וויל געפינען דעם שווערן, צייגיקן שלאָס, וויל פאַר־שליסן די זעצעריי. ווי קאָן מען דאָס אַלץ לאָזן אָט אַזוי פאַר וויים־איך־וועמען?... דער שלאָס איז נישטאָ. איבער די טישן וואַלגערן זיך מאַט־ריצן, וואַלגערט זיך בליי, שורות — זעליקס טעג און נעכט. ער וויל שרייען, וויל רעדן מיט אימעצן פון רעדאַקציע, וויל הערן די הסכמה, אַז ער, זעליק, האָט געהאַט רעכט. יאָ. די גערעכטיקייט איז מיט אים. ער האָט אַלץ פאָראויסגעזען —

פּוילן איז שוין געפאַלן אָן מלחמה.

און איצט?

ער באַמערקט אַ שטיקל פּאַפּיר איינגעגלאָגלט אין וואַנט, דערזעט רוי־טע שריפט געווענדט צו אים. פון די רויטע שורות ווערט ער געוואָר, אַז די רעדאַקציע, די זעצערס און דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל וואַרט אויף אים אין „שוואַרצן געסל", וואָס געפינט זיך נעבן טראַוגוט־פּאַרק, וואַרט מיט אַ גרויסן וואָגן, כדי צוזאַמען אַנטלויפן פון וואַרשע. — — —

ער האָט שוין אָבער פאַרשפּעטיקט. די פור איז אַוועק. דאָט איז גע־

וועז נעכטן, מאַנטיק — אַזוי שטייט אויפן פּאַפּיר — און נעכטן האָט זעליק פאַרברענט דעם רעדאַקציע־אַרכיוו.

*
* *

זינט עס פאַלן באָמבעס איבער וואַרשע, איז זעליק נישט געווען ביי זיך אין שטיבל. אויך ווייס ער נישט וואָס עס הערט זיך ביים טאַטן; וואָס עס איז מיט זיין פריידעלע, וועלכע וווינט אויף יענער זייט ווייסל, אין פּעלצעוויזנע.

וויפיל מאָל ער האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט איבער די רעדאַקציע־טרעפּ, אַרויס אויף די נאַלעווקעס, כדי צו פאַרקערווען, דורך קופּיעצקע, צום וואָלינסקע־געסל, אַזויפיל מאָל צעגרילצט דער ספּיקער זיין ווייגעני־דיקע שטים — אַזויפיל מאָל טרייסלט זיך דער קאָרידאָר אונטער זיינע פיס.

אַ גאַנצן טאָג. אָן אויפהער.
וואַרשעס גסיסה־רגעס.

זיצט ער אין רעדאַקציע ווידער אַ מעת־לעת. קוקט אַרויס, אין די שוואַרצע נעכט, דורכן פענצטער, זעט די שטערן אַרומשווימען איבער נאַלעווקער חלל.

די נאַלעווקעס אין יענע נעכט:

הימל און ערד — איין שטיק פינצטערניש, איין צוזאַמענגעוואַלגערטע מאַסע, פון וועלכער ס׳איז שווער אויסצוטיילן, וווּ עס הייבט זיך אָן ערד און וווּ עס ענדיקט זיך הימל.

איז פאַרביי נאָך איינע אַזאַ נאַכט — די לעצטע נאַכט פאַר דעם אומרואיקן זעליק צווישן די רעדאַקציע־ווענט.

פאַרטאָג, איידער דער זייגער האָט אויסגעקלאַפּט די זעקסטע שעה, איז, ווי שטענדיק, געקומען צו לויפן אין רעדאַקציע די אויפּרוימעריז, גע־קומען מיטן בעזעם אין האַנט.

— אַ גוטן אויפשטיין!
— א גוט יאָר!

זעליק צאַפּלט אַרום דער פענצטער־ראַם, איז טשעקאַווע צו וויסן, צו

וואָס די אויפרוימערין איז געקומען. זי דערציילט, אַז, נאָר־וואָס, איז דער מאַן אַוועק, זי איבערגעלאָזט אָט אַזוי. צו ווען ער זאָל זי גיין, האַ, צו וועמען? זי וואָלט אויך אַנטלאָפן. זי וואָלט. וואָס־זשע זאָל זי טאָן מיט די קינדער, האַ, וואָס?

זעליק האָט נישט געהערט איר וויינען. ער האָט, ווי זיין געוווינ־הייט, פאַרשלאָסן די שאנק, ווו עס זענען געלעגן זיינע מאַנוסקריפטן, פאַרשטופט די שליסלען טיף אין קעשענע און אַרויס אויף די טרעפּ.

דער זייגער האָט געשלאָגן זעקס.

ערגעץ נאָנט האָט אויפגעריסן די ערשטע טאָג־באָמבע, צעטאַנצט דעם דיל אונטער זעליקס פיס; אַרויסגעטרייסלט שלאָפנדיקע שכנים פון זייערע בעטן.

אוי, ווי נאָנט — האָבן מענטשן געקרעכצט — אוי, ווי נעבן אונדז!

פונעם באַלקן, אַרום די הויז־טרעפּ, האָבן זיך אָפּגעשיילט שטיקער טינק, איבערגעלאָזט אַ צייכן, אַז ערגעץ נאָנט האָט די ערד געציטערט. דאָנערשטיק, דעם זיבעטן סעפּטעמבער.

**.4**

איבער די מויערן זענען פאַנאַנדערגעקלעפּט אויפרופן. נעכטן זענען זיי געווען באַפאַרבט מיט אַ בלאָען צייכן. היינט — מיט אַ רויטן. נעכטן האָבן זיי גערופן צו פאַרטיידיקן פוילנס פאָטערלאַנד — נאָר יונגע בחו־רים. היינט אַלעמען: מיט ביקסן, מיט שטיינער, מיט אייזנס. פוילן איז אין געפאַר. אַלע שלאָגן דעם שונא!

און פון אויער צו אויער גיט מען זיך איבער:

— די גענעראַלן זענען שוין אַנטלאָפן.

— די מיניסטאָרן אויך.

— מען הייסט אַנטלויפן אַלעמען.

וועמען־זשע דאַרף מען גלייבן? אונטער די אויפרופן איז אָנגעשריבן סטאַזשינסקיס נאָמען. ער, דער טאַטע פון וואַרשעווער איינוווינער, רופט,

צאָרנט, דראָט: מ׳וועט שיסן, מ׳וועט שיקן אין תפיסה. איז אויך ער־שוין אַנטלאָפן?

זעליק איילט איבערן לאַנגן קרולס הויף, שפּאַנט צום פּאַרקראַטע־וועטן טויער׳, וואָס שיידט־אָפּ די נאַלעווקעס פון קופּיעצקע. נישט איצט איז צייט צו טראַכטן, צו וועלן דערגרונטעווען דעם סוד — ווי אַזוי עס איז געוואָרן אַזוי שנעל. איבער דעם גרעסטן טייל פון פּוילנס שטעט הענגט שוין דער האַקנקרייץ. וועסטערפּלאַטע פּאַרטיידיקט זיך נאָך. די דייטשן שטייען נאָענט פון וואַרשע. און אפשר האָבן זיי געהאַט רעכט, מיט זייער איצטיקן צעהאַקן פּוילנס שטעט: געדאַרפט אַוועקגעבן דאַנ־ציג, אָפּטרעטן שטעט, וואָס ליגן נאָנט צו פּרייסן?...

— אַן עקסטרע טע־לע־גראַאַאַם!

אינעם פאַרפּעדערטן אוויר פון קרולס הויף שניידט זיך דורך אַ פּריי־לעכע בשורה, אַ רעשיק אָנגעלויף פון אַ צעשויבערטן בחור מיט אַ פּאַק צייטונגען אין די הענט:

— ענגלאַנד באָמבאַרדירט בעררר־לללין!

— אַמעריקע באָמ־באַררר־ד...

דערווייל טרייסלט דער שטיינערנער ברוק אונטער די פיס; דער־ווייל...

...אַכטונג... אַכטונג...

אַן אייליק טרעטן איבער טרעפּ. מאַמעס איבער קינדער. אַן איילע־ניש. מען לויפט אַראָפּ נידריק, וואָס־נידריקער פון הימל, וואָס־טיפער אונטער דער ערד. און אויבן שניידט דעם חלל אַ סכנותדיק מעסער, שניידט איבער דאַך און קעלער, דערגרייכט אין טיפע ערד־גריבער, וואָס זענען צעגראָבן אין פּאַרקן און סקווערן.

געדאַרפט אַוועקגעבן דאַנציג — קומט זעליק צו דער מסקנה. — און וואַרשע? האָבן דאָך דייטשע צייטונגען געשריבן, אַז פּוילנס הויפּט־שטאָט האָט אויף זיך צייכנס פון אור־אַלטער דייטשער צוגעהעריקייט...

ער איילט פון טויער צו טויער. איבערן קאָפּ — אַ צעשראָקן טויבן־געפּלי. די קופּיעצקע־גאַס טינקט אין פרימאָרגן־זון. די זאַמענהאָף — פאַר־וואַלגערט מיט צעפּיצלט גלאָז פון אויסגעבראָכענע פענצטער.

פאַרבייגעלאָפן די ברייט פון גאַס, האָט ער איינגעשטאָכן זיינע אויגן אין דער וואָלינסקע, צו דער ריכטונג ווו עס געפינט זיך כּאַבעס הויף. אַרום — אַ שטילע רואיקייט. אַזוי קוקט אויס אַ גאַס נאָכדעם, ווו באַגלייטער האָבן אַוועקגעפירט אַ בכבודיקן מת. פון דאָ און דאָרט הערט זיך נאָך אַ חלשותדיק געוויין, אָפּגעהאַקטע קולות פון אַן אויסגעליידיק־טער שטוב אַרויס.

ביי פישקען אין סטאָלאַרסקע שטיבל — אַן איבערקערעניש. נאָך יעדן טרייסל בייגן זיך איין די הילצערנע ווענט, שטאַרצן אַרויס די לייסטן פון אונטערן באַלקן. שוין איבער אַ וואָך נישט פאַרדינט קיין פּרוטה, נישט געווען אין גאַס. ווי לאַנג וועט עס אָנהאַלטן? ווי לאַנג וועט דער סטאָלער נישט פאַנאַנדערנעמען די הענט, נישט איינשניידן מיט דער זעג אין די ברעטער?

כּאַבעס הויף האָט אויפגעוואַכט. פון יעדן פענצטער — שטרוי־זעק, וואַטענע קאָלדרעס. מען איילט אין די קעלערס זיך באַזעצן דאָרט, זיך איינוווינען. דאָרט איז זיכער. דאָרט וועלן נישט גרייכן די דייטשע באָמ־בעס. איבער צוויי הונדערט יידן וווינען אין כּאַבעס הויף. ווו וועלן זיך אַלע הינטאָן? יעדע ווײלע — אַ געשריי, אַ געוויין. אַ טאַטע אַנטלויפט פון שטוב. אַ זון — פון דער מאַמען. ווינציקער יידן ווערן אויף כּאַבעס הויף, ווינציקער — אין אַלע הייף פון וואָלינסקע, מילע, סמאָטשע און זאַמענהאָף־גאַסן.

זעליק איז אַריין צום טאַטן. נאָך טעג זיך נישט זען, זענען איצטביידע געשטאַנען אַ ווײלע, זיך אָנגעקוקט מיט תמעוואַטע בליקן. בײדע — באַוואָקסן, האָריק, צעשראָקן — נישט אונטערצושיידן איינעם פון צווייטן.

וואָס וועט זיין?

— וואָס וועט זיין?

אין איצטיקע טעג טאָר מען זיך נישט געפינען אונטער אַ דאַך, אונטער אַ באַלקן. ס׳אַ סכנה. אויף אַ פעלד קאָן מען זיך אויסהיטן. בשעת אַ דונער טאָר מען נישט שטיין אונטער אַ בוים. ווען די ערד ציטערט איז גוט זיך צו געפינען אויף אַ פרייען פּלאַץ.

דער אַלטער פּישקע איז מסכים. ווער־ווער — נאָר זיין זעליק ווייס דאָך אַלץ. ער איז געווען דער בעסטער תּלמיד אין חדר, געווען דער בעסטער לערנער אין ישיבה; איצט איז ער דער בעסטער שרייבער. אַ גרויסער שרייבער איז ער, זיין זון. אַ רעדאַקטער. ער ווייס וואָס עס טוט זיך אַרום. ס׳אַ סכנה. מען דאַרף זיך ראַטעווען. נאָר ווי אַזוי? לויפן קאָן ער נישט. און וווהין זאָל ער לויפן? פּופציק יאָר זיצט ער אויף וואָלינסקע־סמאָטשער גאַסן. פּופציק יאָר — אַ קלייניקייט! איצט לאָז זיך אין דער וועלט אַריין. אַז עס איז אַ מורא אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ אויף דער גאַס, אַ מורא צו שטעלן אַ טראָט איבערן טראָטואַר.

— גיי, מיין זון, גיי מיט גאָטס וועג.

— און דו, טאַטע, קום, לאָמיר גייען צוזאַמען.

— כ׳האָב נישט קיין כוח, זעליק, כ׳קאָן נישט...

דעם אַלטנס פּנים פאַרקרומט זיך, ווערט פאַרצויגן מיט קנייטשן, שפּאַלטן, ווערט אָנגעפּילט מיט טרערן, וועלכע שפּרינגען אַרויס פון זיינע פאַרמאַכטע אויגן, בלייבן פאַרטשעפּעט אויף שוואַרץ־ווייסע פעדעם פון זיין פאַרפּלאָנטערט בערדל.

— כ׳קאָן נישט...

און וואַרטן טאָר מען נישט. פאַרביי דעם פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אויף וואָלינסקע־געסל, לויפן דורך מענטשן מיט טשעמאָדאַנעס אין די הענט, מיט זעקלעך איבער דער פּלייצע. ווערן באַגלייט פון מאַמע־ און קינד־געוויין, פון באָמבע־ און גראַנאַט־אויפרייס.

לעצטע וואַרשעווער טעג.

און וואַרשעווער איינוווינער וועלן באַצאָלן פאַר זייער עקשנות. יאָ, זיי וועלן זיכער באַצאָלן. וואַרשע אַנטלויפט. דייטשע באָמבעס לויפן נאָך. דער דייטשער אַעראָפּלאַן פליט נידעריק. ער וועט געפינען זיין בעל־חוב, וועט נעמען פון אים דאָס געצאָלטס...

זעליק האָט פאַנאַנדערגעעפנט זיין טאַש, איילִיק אַרויסגענומען פון דאָרט אַ בינטל פאָטאָגראַפיעס, זיי דערלאַנגט דעם טאַטן:

— ט׳האָסטו אַן אָנדענק פון דיין זון...

דער זייגער האָט געוויזן די ניינטע שעה פון דאָנערשטיק פרי, דעם זיבעטן סעפּטעמבער.

אַ ווײַלע האָט דער אַלטער פישקע געבויגן זײַן טרייסלענדיקן גוף אויף די ציטערדיקע קני, געטרייסלט אין דער האַנט דעם זונס פאָטאָ־גראַפיעס און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל: —

זעליק! ווו לאָזטו מיך איבער?...

אין געאייל האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון טיש אַ שטיק ברויט, זיך גע־לאָזט דערמיט צום אַרויסגאַנג.

פון זעליקן איז שוין נישט געוועזן קיין זכר. זײַנע לעצטע טריט זענען פאַרשווונדן פונעם וואָלינסקע־געסל.

***

איבער גאַסן און געסלעך — אַ געגליטש פון גלאַנציקע לימוזינעס. די מעד־גאַס איז פאַרוואַלגערט מיט פּאַפּיר, אַרויסגעוואָרפן פון דער גע־ריכטס־געביידע, אַזוי אויף קראָקעווער פּאַרשטאָט. די טירן פון מיניס־טאָרן־פּאַלאַץ זענען פאַנאַנדערגעפּראַלט. לעצטע, אָנגעפּילטע קאַסטנס ווערן אַרויפגעלאָדן אויף אויטאָס, וועלכע נעמען זייער וועג צו דער קערבעדזש־בריק. אַ בהלה. מענטשן צווישן טאַקסעס, צווישן פערד. איינס אויף איינס. פּאָגראָם־טעג. יעדער זוכט זיך צו ראַטעווען. יעדער וויל זײַן דער ערשטער, וויל זײַן פון די ערשטע צו פאַרלאָזן וואַרשע. איטלעכע מינוט — אַ שווערע משא. דער פּלוינסקער שאָסיי איז אָפּגעשניטן. געהער שוין לאַנג נישט צו פּוילן. אָפן איז נאָך געבליבן דער וועג, וואָס פירט קיין לובלין, קיין פּינסק. צו זיי קאָן מען דערגרייכן דורך דער קערבעדזש־בריק — דער איינציקער אָפענער וועג, וואָס איז גרייט אַריינצונעמען די וואַרשעווער איינוווינער, זיי אַוועקצופירן איבער ברייטע שאָסייען, פאַנאַנדערשפּרייטן איבער פעלדער, לאָנקעס.

מיליאָנען זענען זיי, די וואַרשעווער איינוווינער. צוזאַמען מיט זיי — שטעט פון אַרום וואַרשע, שטעט פון ווייטע געגנטן, וואָס זענען גע־לאָפן זיך ראַטעווען קיין וואַרשע.

איצט שפּאַרן זיך אַלע אַרום דעם זיגמונט־דענקמאָל, אויף דעם זיג־

מונט־פּלאַץ, קוועטשן זיך צו דער בריק, וועלכע דאַרף אויפנעמען — מיט איינמאָל — מיליאָנען. אַזוי ווילן זיי, די מענטשן, אָט איצט, אין דער פריער מאָרגן־שעה.

אַלע מיט איינמאָל.

גענעראַלן, פּולקאָווניקעס, פּאָרוטשניקעס און סתם סאָלדאַטן. פאַר־שווינדן איז יעדער דרך־ארץ וואָס סאָלדאַט האָט געהאַט צו גענעראַל. ערשט נעכטן, מיט אַ שעה צוריק, האָבן געסקריפּעט אָפּיצערסקע שטיוול איבער אַספאַלט פון וואַרשעווער גאַסן, האָבן זיך געשטייפט בריסטן פון „זשאָלניעזש פּאָלסקי״ ביים באַגעגענען דעם זילבערנעם קנאָפּ פון עלטסטן. איצט קנאַדערן עלנבויגנס אין פליישיקער מאַסע, קנייטשן פויסטן אין איינ־געהויקערטער פּלייצע. יונגע שטויסן אַוועק אַלטע אָן אַ זייט. פלינקע סאָל־דאַטן רייניקן אָפּ פון וועג שווערע אָפּיצערן.

און צו דעם אַלעם קוקט זיך צו פוילנס „ווייסלע״, אָטאָ דאָס וואַסער, וואָס באַשווענקט מי־יודע וויפיל יאָר פוילנס ברעגעס פון גדאַנסק ביז קאַ־זשימיעזש, ביז דעם לעצטן דערפל, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך פוילנס גרויסקייט.

די ווייסל — ווי שטענדיק, ווי קיינמאָל גאָרנישט. כאָטש אַן עדות אי־בערלאָזן פון פוילנס אָנדענק, אַן עדות, וועמען דייטשע באָמבעס וועלן נישט קאָנען אומברענגען. איילן די כוואַליעס, מיט זייער שוים, כוואַליע איבער כוואַליע, איילן צו די דאַנציגער ברעגעס, איינשלינגענדיק אין זיך שטיקער הימל צעזונטן, שטיקער שאָטנס פון איילנדיקע מענטשן איבער איר, דער ווייסלס רוקן.

אויף יענער זייט ווייסל ליגט פּעלצעוויזנע. אַ פאָרשטעטל אַזאַ, בשכנות מיט פּראַגע — אַ דערפל מיט גערטנדלעך, מיט יידן, מיט יידי־שע בחורים, וועלכע האָבן אויסגעחלומט זייערע טעג אין וואַרשעווער ביב־ליאָטעקן, צווישן וואַרשעווער פראַנציסקאַנער־זאַמענהאָף־גאַסן.

זעליקן אין זכרון זענען איינגעקריצט די גרינע פּלויטן, וואָס רינגלען אַרום פּעלצעוויזנע. ער קען יעדעס שפּעלטעלע אין די ווענט, יעדעס גרי־בעלע אַרום דער ווייסל. דאָרט האָט ער אַוועקגעשענקט זיינע אָוונטן; דאָרט — האָט ער זיך באַגעגנט מיט פריידעלען. דריי יאָר. און אפשר פיר. ער

געדענקט שוין אַליין נישט. דאַכט זיך אַן אייביקייט. יעדן אָוונט איז ער אַוועק צום אייזערנעם טויער, זיך דאָרט אַריינגעזעצט אין טראַמוויי — און זיך געלאָזט אַוועקפירן צו פריידעלעך קיין פּעלצעוויזנע. ווי האָט ער געלעבט די לעצטע אָוונטן אָן פּעלצעוויזנע, אָן די וויסל־ברעגעס, וואָס האָבן געלעקט די נאַקעטע פיס — זיינע און פריידעלעס? ער האָט, דאַכט זיך, אַפילו נישט געטראַכט וועגן איר, דאַכט זיך, נישט דערמאָנט איר נאָמען. איז עס נישט אַ גרויסע זינד?

אויף זעליקן ברענט דער קאַרק, היצט דער שטערן, שווייסט דאָס לייב. ווען וועט ער זיך שוין געפינען ביים ברעג פון קערבעדזש־בריק, אויף יענער זייט ווייסל, ווען? מענטשן פאַראויס. מענטשן פון הינטן. ביי די זייטן. אַ געדראַנג. און צווישן אַלעם — קינדער־וועגעלעך, צעוויינטע מאַמעס, טראָג־בעטלעך מיט קראַנקע אויף זיי.

ווען?!

ערשט, ווען אַ סירענע־געפייף האָט אַ ריס געטאָן איבער קאָפּ און אויער — דאַן איז די מענטשן־מאַסע פאַנאַנדערגעפאַלן אויף צוויי שטיקער: איין העלפט, די הינטערשטע, איז געלאָפן צוריק קיין וואַרשע; אַ צווייטע, די פאָדערשטע, קיין פּראַגע; און ביידע צוזאַמען — איינער אויף איינעם, מענטש אויף מענטש: זאָלן אַלע אומקומען, נאָר איך איינער — מענטש — זאָל בלייבן לעבן...

אַן אַעראָפּלאַן־סעגל האָט זיך געזעצט נידריק, איבערן קאָפּ, געזוכט זיין ציל און געפונען, — ערגעץ נאָענט, אַרום די דריי וואַרשעווער בריקן, אַרום דעם פּרעזידענטס פּאַלאַץ — ערגעץ נאָענט פון דער ווייסל איז אייַנגעפאַלן אַ מויער.

דאָס אַלץ.

און דערמיט איז געוואָרן אָפּגערייניקט, אויף עטלעכע מינוט, די קערבעדזש־בריק, בלויז אויף אַ קליינער ווײַלע — דאָנערשטיק דעם זיבעטן סעפּטעמבער, אין די שפּעטע מאָרגן־שעהן.

.5

אין „יענעם דאָנערשטיק“, דעם זיבעטן סעפּטעמבער, ניינצן־ניין־און־דרייסיק:

דער מענטש האָט פאַרלוירן זיין צורה, געוואָרן אָנגעפּילט מיט יאוש, מיט פאַרדרוס: צוליב וואָס האָט ער געהאָלפן איבערבויען די וועלט, געפּטרט יאָרן, כדי איבערצושענערן די וועלט — כדי דייטשע באָמבעס זאָלן אומברענגען דעם מענטש, דעם באַשאַפער, צוזאַמען מיט אַלע וועלט־שיינקייטן, וואָס ער האָט געשאַפן!?

מענטש און פערד און צעשראָקענע טויבן — אַלץ האָט געזוכט אַ באַהעלטעניש, געזוכט אַ ווינקל וווּ זיך צו באַהאַלטן: שוץ פון די מאוימדיקע דייטשע באָמבעס.

און נישט געקאָנט געפינען.

וואָלט פון וואַרשע געלאָפן איין מענטש, צען, אפילו הונדערט — וואָלטן צעוואקסענע, באַבלעטערטע קאַשטאַן־ביימער פאַרדעקט מיט זייער קאָרע מענטשן־לייב; וואָלטן הויך־צעשפּראָצטע גראָזן, אויף ברייטע פעלד־שטחים, איינגעטולעט צאַפּלדיקע נפשות אין צעפּאַרעטע, סוף־זומערדיקע טעג; —

זענען, אין „יענעם דאָנערשטיק“, געלאָפן פון וואַרשע טויזנטער, צענער טויזנטער — מיליאָנען: גאַנץ פּוילן.

זענען געווען שוואַרץ די פּוילישע וועגן, שוואַרץ די פעלדער — פון מענטשן און רויך: שרפות אַרום די טריט; צעפּליקטע ערד — ווי דער בליק האָט געגרייכט. עס ברענען פּוילישע שטעט, דאָרפישע כאַטעס, בהמות מיט זייער פּאַשע צוזאַמען. און אַלץ אַרום און אַרום: איין שרעק־געשריי; איין תפילה־געוויין — ווער צום גאָט פון נוצרי און ווער — צום אל רחום וחנון.

טייוולאָנישע שעהן אויף פּוילישער ערד; דער טייוול אַליין האָט באַשלאָסן: גענוג! — איך ברענג־אום די יצירה מיטן יוצר צוזאַמען —

אַזאַ זינדיקע וועלט!

— ברררר־ווּעם!

רײסן באָמבעס שטיקער ערד־פלײש; שלײדערן טאָנען צעגליט אײזן אויף טויזנטער מענטשן־באַשעפענישן; רײסן־אויס בײמער, טעלעפאָן־סלופּעס, רעלסן, בריקן —

אווו־חווו־קקק!

מענטש און פערד און פי — אײן פלײש־מאַסע, אויסגעמישט, פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער פּױלישע שאָסײען, פעלדער — פאַנאַנדערגעפליקט איבער װײטע מרחקים.

אין אײנעם אַ זוניקן טאָג פון פּױלישן הערבסט.

װאָלט כאָטש די זון נישט געשײנט, דער הימל נישט געלויכטן, די לופט נישט געװען אויסגעפילט מיט פעלד און װאַלד; װאָלט כאָטש דער טאָג נישט געפּאַרעט מיט זײנע בלומען־ריחות אין לעצטע ערב־גסיסה־שעהן —

האָט די זון געשפּאַרט, מיט איר רחבות, אויף שאָסײען און פעלדער, געװעקט בענקשאַפט צו רו אין חלשותדיקע גלידער, באַשװערט געפּעק אויף מענטש און פערד — אין לעצטע לעבנס־מינוטן.

קילאָמעטער נאָך קילאָמעטער.

אויף פּױלנס װעגן.

***

מכוח װאָס האָבן געטראַכט ײדן און פּאָלאַקן, אַנטלויפנדיקע בירגער פון װאַרשע, אין „יענעם דאָנערשטיק" — מיט װעלכע רעיונות זענען געװען אויסגעפילט זײערע געדאַנקען? —

דאָ און דאָרט, איבער אַ שאָסײ־װעג, הינטער אַ שטעכיקער קוסטע, פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ גרוב — אומעטום ליגן זײ, צעשראָקענע ײדן, פּחדנותדיקע פּאָלאַקן, ליגן צוזאַמענגעטולעט, װי קײנמאָל גאָרנישט; גלײך קײנמאָל װאָלט אַ ײד נישט געװען קײן „זשיד" אין פּאָלאַקס אויגן —

ײד און פּאָלאַק:

נעכטן האָט מיניסטער סקלאַדקאָװסקי געזאָגט אין פּױלישן סײם, אַז פון ײדן דאַרף מען זײן מרחקים־װײט; מען דאַרף זײ אויסמײדן —

באַיקאָטירן;

נעכטן האָט די סענאַטאָרין אין פּוילישן סיים, מאַדאַם פּריסטאָראָ־וואַ, פאַרבאָטן יידן עסן כשר פלייש, ווייל זיי זענען אכזרים; ווייל זיי שעכטן די בהמה אָן רחמנות;

נעכטן האָט גלח טשעטשאַק ציטירט פאַר אַלע קאַטוילישע קריסטן, אַז יידן זענען רוצחים: טוב שבגויים הרוג — אַזוי זאָגן זיי, די יידן — אפילו דעם בעסטן פון די גויים איז אַ מצווה צו הרגענען —

היינט פילן־אויס די פוילישע וועגן קריסטן צוזאַמען מיט יידן:

היינט וואָלטן פאָלאַקן מסכים געווען, אַז דער יידישער גאָט זאָל זיי אָפּהיטן, זאָל זיי באַשיצן פון די קאַטוילישע אכזרים, וואָס שפייען אויף זיי מיט פייער.

אַ מאָדנע וועלט.

אַ פּאַסקודנע וועלט.

קיין ויכוחים דאַרף מען אָבער נישט פירן איצט, אין אימהדיקע מינוטן, אין אומקומענדיקע מינוטן. —

היטלערס באָמבעס זוכן בלויז — דעם מענטש; זיי שיידן נישט אונ־טער, ווער — ייד און ווער — פּאָלאַק.

צעפליקטע פלייש־קנוילן זענען אויסגעמישט מיט טריפנדיק בלוט אויף אַלע וועגן פון פוילן דער מדינה.

און ווער, לעבעדיק, עס אַנטלויפט פון אַ מיתה־משונהדיקן אָנפלי, טראַכט פון נאָענטע, פון ווייב, קינד, ברודער, שוועסטער: צי לעבט נאָך אימעצער פון זיי ?

היינט פליען דייטשע אַעראָפּלאַנען צו עטלעכע סעגלען אויפאַמאָל. זיי קומען אַרויס פון אַלע האָריזאָנטן. טיפע, ברייטע האָריזאָנטן באַזוי־מען פוילנס הימל. אויפן פעלד זעט מען זייער רחבות, פילט מען זייער צעשפרייטקייט, וואָס פאַרדעקט „גרויספוילן״ פון ים צו ים...

פוילן לויפט. אַנטלויפט פון זיך אַליין. וווהין?

די מיניסטאָרן געפינען זיך אין לובלין. אַזוי דערציילט מען. און אַזוי הייבט זיך דער מוט ביי אַזעלכן, וועלכער האָט שוין נישט וואָס צו פאַרלירן, ווייל — ער האָט שוין אַלץ פאַרלוירן. אפילו דעם לעצטן טשע־

מאַדאַן, וואָס פּוילנס בירגער טראָגט מיט זיך, דאָס לעצטע פּלייצע־זעקל, וואָס ליגט פאַרוואָרפן איבער זיינע אַקסלען — אויך דערפון באַפרייט ער זיך; אויך דאָס וואַרפט ער אַוועק אינעם ענגן מענטשן־געלויף.

אין לובלין וועט מען ראַטעווען פּוילן; אין לובלין וועט פּוילן צוריק אויפשטיין, זיך צעשפּרייטן פון „מאָזשע ביז מאָזשע"...

***

אפשר.

נאָר יידן, אַנטלויפנדיקע פון וואַרשע, ביי זיי הייבט זיך נישט דער מוט; זיי איז אַלצאיינס. איטלעכער פאַר זיך, אַלע צוזאַמען, — איטלעכן לויפט נאָך זיין פאַרלוירענער עבר, זיין נע־ונד, וואָס באַגלייט אים מי־יודע וויפיל יאָרן, וויפיל דורות. איצט איז נישטאָ קיין צייט צו חשבונען. איצט — אָדער לעבן, אָדער אומקומען. און לעבן הייסט — לויפן וואָס־גיכער, איילן איבער שאָסייען, איבער צעריסן מענטשן־פלייש — אַנט־לויפן פון פייערדיקע האָריזאָנטן, פון פליקנדיקע, דייטשע באָמבעס. —

אויף אַ שמאָל זאַמדיק שטעגעלע, ביי דער זייט פונעם שאָסיי וואָס פירט קיין מעזריטש, צייכנט זיינע טריט זעליק. אַ געבוירענער אין דעם טומלדיקן וואַרשע; אַ געהאָדעוועטער אין גערויש פון גאַסן — וויל ער איצט אָפּשטויסן פון זיך דעם הו־הא, וואָס רינגלט אים אַרום. ער וויל זיין אַליין, איינער אַליין צווישן גרינקייט פון פעלדער, אין טונקלקייט פון וועלדער, ווייט פון מענטשן און פון דעם, וואָס מענטשן האָבן גע־שאַפן. וועמענס דערפינדונג זענען דען זיי, די אַעראָפּלאַנען, די באָמ־בעס, וואָס דייטשן וואַרפן איצט אויף מענטשנס קעפּ? וויפיל כוח, שאַ־פונגס־גלוסט האָבן מענטשן אַוועקגעשענקט, אַנטלויפנדיקע מענטשן — טויזנטער, וואָס פאַרשטעקן זיך איצט אין טיפע שאָסיי־ראַנדן — וויפיל מעת־לעתן — כדי די באָמבע, זייער שאַפונג, זאָל טרעפן אין ציל, זאָל חרוב מאַכן אין פונקט? —

זיי האָבן געזייט מיט פרייד און שניידן מיט געוויין.

די דייטשע כיטרעקייט האָט איבערגעקליגט אַלעמען.

זעליקס מחשבות זענען איצט פאַרפלאָכטן אין איין פונקט: נישט

דער ווייטיק אויף זיינע צעקאַלעטשעטע פיס־קנאכן, נישט די שרפהדיקע חורבות אין דאָרף־ישובים, נאָר — ווו איז פריידעלע?

מיט עטלעכע שעה צוריק האָט אים די משוגע־געוואָרענע מענטשן־מאַסע אַראָפּגעשטויסן פון דער קערבעדזש־בריק, אַוועקגעשטויסן איבער פּראַגער רויכיקע גאַסן, מיטגעשלעפּט איבער שאָסייען, פעלדער. אפשר האָבן זיי געהאַט רעכט, וואָס זיי האָבן אים נישט געלאָזט אַראָפּשטייגן אין פּעלצעוויזנע. ער וואָלט דאָרט אומגעקומען. איצט זוכט ער מיט די אויגן, זוכט, וויל געפינען אירע טריט אויפן שאָסיי. זיכער איז זי אויך אַנטלאָפן פון דער ברענענדיקער היים; זיכער איז זי אַוועק פון פּעלצע־וויזנע — און ווו לויפט זי איצט, אויב נישט אויפן זעלביקן, איינציקן אָפענעם וועג, וואָס פירט קיין לובלין, קיין פּאָלעסיע?

ער מוז זי אויפזוכן.

און דער טומלדיקער אַרום — אויטאָס און רייטוועגעלעך און פערד־און וואָגן — מענטש אויף מענטש פאַרפולט דעם שאָסיי, די פעלדער. איינער יאָגט איבער דעם צווייטן. איטלעכער וויל דער ערשטער דער־גרייכן די נאַכט, וויל, מיט נאַכט־אָנקום, זיך געפינען ווייט פון פוילנס גרענעצן, ווייט פון דער פאַרלוירענער „אויטשיזנע“.

און זעליק ווייס נישט וווהין צו לויפן. די זון ווייזט אויף מיטן טאָג. סך־הכל עטלעכע שעה וואָס עס דויערט זיין נע־ונד — און שוין איז ער מיד; און שוין זענען די לאַטשן ענג געוואָרן אויף זיינע פיס; — און שוין הייבט זיך אַ געשווילעכץ פון די פיס־פּלאַכן ביז די קני. יעדע ווײַלע — דער שאָסיי ווערט אָפּגערייניקט; מענטשן צעפּאַלן זיך איבער פעלדער, פאַרשטעקן די קעפּ אין קוסטעס, גלייך די שטעכיקע גראָזן וואָלטן גע־האַט אין זיך עפּעס, וואָס קען באַשיצן קעגן אַ דייטשער באָמבע. וואָס ווייטער פון וואַרשע, אַלץ שיטערער ווערט די געדיכטקייט פון דער מענטשן־מאַסע. איינער לויפט אויף דעם שאָסיי, אַ צווייטער אויף יענעם. די וועגן זענען באַוואָרפן מיט שווערע טשעמאָדאַנעס, באַלייגט מיט אויפ־געפּלאַצטע זעק, אַראָפּגעוואָרפענע פון פורן. גלייכער אַ מענטש זאָל פאַר־נעמען דעם פּלאַץ אויפן אָרט פונעם זאַק, אַ מענטש, וואָס קאָן זיך ראַ־

טעוועז, וואָס קאָן זיך איינשאַפן אַנדערע חפצים — אויב עס וועלן אים אויסמיידן דייטשע צינד־באָמבעס.

מיט פאַרנאַכט־אָנקום זענען שוין ביי אַלעמען, איבערן שאָסיי, געוועז איינגעשטעלט די טריט: אָן רעש, אָן טומל — מיט לעצטע כוחות. נאָך אַ שעה, נאָך צוויי — און די עראָפּלאַנען וועלן פאַרשווינדן פונעם האָריזאָנט, וועלן לאָזן במנוחה די פּליטים, זיי לאָזן אַוועקלייגן איבער די פעלדער רוען.

.6

די דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן געפירט מיט זיך פאַרשידענע באָמבעס: אויפרייסנדיקע און אָנצינדנדיקע. די ערשטע האָבן געהאַט אין זיך וואָג פון איין טאָן און געקאָסט האָבן זיי פיל מער ווי די צווייטע, וואָס זענען געווען אי לייכטער צום פירן און אי באַקוועמער צום אַראָפּוואַרפן, אונטערצוצינדן אַ גאַנצן ישוב. די צינד־באָמבעס האָבן אָבער געהאַט אַ חסרון: בשעתן פאַנאַנדערפלאַקערן זיך איבער די דעכער פון אַ הילצערן שטעטל, זענען די איינוווינער, כהרף־עין, זיך פאַנאַנדערגעלאָפן איבער די פעלדער, געלאָפן זיך ראַטעווען פון דער שרפה. דאָס דאָזיקע האָבן נישט געקאָנט צוזען די דייטשע פליער. זיי האָבן געדאַרפט פאַרברענען די שטאָט מיט די מענטשן צוזאַמען. אויב נישט — וועלן די איינוווינער, ווען ס׳איז, צוריקקומען, אויפבויען דעם ישוב — און מ׳וועט אפילו נישט דערקענען, אַז אַמאָל זענען דאָ געפלויגן דייטשע אַעראָפּלאַנען. דעריבער, טאַקע, כדי איבערצולאָזן נאָך זיך אָנזעעוודיקע סימנים, וואָס זאָלן בלייבן לדורות, האָט איטלעכער פליער געפירט מיט זיך אַ פּולעמיאָט, אַ מאַשין אַזאַ, וועלכע האָט געזייט מיט הייסן בליי איבער אַנטלויפנדיקע מענטשן נאָכדעם, ווי די צינד־באָמבעס האָבן פאַרברענט זייערע הייזער.

אַזוי איז געווען איבערן גאַנצן וועג, פון פרייסן ביז דער פוילישער רעזידענץ און אַזוי — אַרום וואַרשעס פאָרשטעט: צעשרפעטע הייזער, צעגיזוקטע מענטשן — אין די ראוועס, אויף די שאָסייען, אַרום די פעלדער —

דער דייטש רייניקט־אָפּ דעם וועג צו פוילנס הויפּטשטאָט.

און אויף פוילנס הויפּטשטאָט וואַרפט ער שווערע באָמבעס, איינ־טאָניקע, באָמבעס, וואָס קאָסטן טייער, אָבער עס לוינט זיך: מיט איין טראַסק — און אַ מויער ווערט דורכגעלעכערט, ווערט צעקרישלט צוזאַ־מען מיט זיינע באַוווינער...

און די שוץ־גרובנס?

איידער היטלער האָט געשיקט זיינע דייטשן אויף פוילן, מיט וואָכן צוריק, האָבן מענטשן באַלאַגערט די וואַרשעווער סקווערן, גערטנער — איטלעכער מיט אַ קירקע, מיט אַ לאָפּעטע.

מ׳האָט געגראָבן „סכראָנעס״.

מ׳האָט געגראָבן „קברים פאַר היטלערס משחיתים״ —

פּאָלאַקן און יידן — אַלע האָבן זיי צעאַקערט דעם זאַקסישן גאָרטן, דעם קראַשינסקיס גאָרטן, געטרעטן איבער בלום־פלאַנצונגען, אַרומגע־שוירן גראָז; צעבראָכן יונגע ביימלעך, אונטער וועמענס שאָטן עס האָבן געזונגען צעשפּילטע קינדער אין זומערס הייסע טעג.

איצט זענען געוואָרן אויסגעשנירלט שלענגלדיקע ראָוועס, געוואָרן באַדעקט מיט פאַרפלאָכטענע צווייגן — דער שונא זאָל נישט דערקענען, אַז אונטער זיי באַהאַלטן זיך וואַרשעס איינוווינער.

איז וואַרשע געווען צופרידן: מ׳וועט זיך באַהאַלטן פון דייטשע באָמבעס.

ס׳איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו אַנטלויפן פון די שטיקנדי־קע מויערן: דער ראַדיאָ־ספּיקער האָט פאַרשפּעטיקט אָנצוזאָגן דאָס אָנ־פליען פון אַעראָפּלאַנען, האָט פאַרשפּעטיקט — און די צעפּאַלנדיקע מויער־ווענט האָבן איינגעדושעט מיט זיך אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפו־נען צווישן זיי: אייזן, ציגל און מענטש. —

אַזוי אין וואַרשע — ווער ס׳איז נישט אַנטלאָפן פונעם שונא, אַזוי אַרום וואַרשע — ווער ס׳איז געלאָפן איבער פעלדער, שאָסייען.

אַן אויסמיש פון צעקאַלעטשעטע מענטשן־פלייש צוזאַמען מיט ציגל־שטויב און שטויב פון צעפּלאַצטע פוילנס וועגן.

אין פוילן דער מדינה.

*
**

אָן אַ זייט, אָפּגערוקט פונעם שאָסיי, פונעם מענטשן־געלויף, אויף אַ מיטן פון אַ גרין שטיק פעלד שטייט, באַוואַקסן מיט מאָך, אַ הילצער־נע געביידע אַרומגענומען מיט אַ גערטנדל.

אינמיטן פון אַ פריי פעלד.

אינמיטן פון שרפות און באָמבע־אויפרייסן.

דער וויפילטער טאָג איז שוין היינט, וואָס מענטשן לויפן פון וואַר־שע, לויפן אין היץ, אין שטויב, אַרום פייער?

קיינער האַלט נישט דעם חשבון.

קיינער ווייס נישט וואָס עס וועט ברענגען דער מאָרגן, דער היינ־טיקער אָוונט, אין אַ שעה אַרום.

יעדנס מחשבות זענען אַריינגעטאָן — ווי אַזוי צו לעשן דעם דורשט, איינצושטילן דעם הונגער, אָפּצורוען די פיס — כאָטש אויף איין מינוט — און ווייטער לויפן.

און דאָרט, ביי דער זייט — אַ שטוב — ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען אַרום וואַרשע, אַרום וואַרשעס איינוווינער. —

אַ הויז, נישט פאַרברענט, נישט פאַרקוילט, נישט צעשאָטן פון דיי־טשע פייער־באָמבעס.

אַ גאַנצע שטוב!

וויפיל וואָלט יעדער אַוועקגעגעבן איצט — יעדער איילנדיקער אי־בערן שאָסיי — וויפיל וואָלט ער אַוועקגעגעבן, כדי מען זאָל אים לאָזן ערגעץ אַוועקלייגן, אויסרוען, איינגעצן דעם אויסגעטרוקנטן גומען. אָך, וויפיל!

אין די איצטיקע חדשים, יעדעס יאָר, זענען וואַרשעווער איינוווינער אַנטלאָפן פון שטיקנדיקן אוויר, זיך באַזעצט אין וועלדער, אויף לאָנקעס; זיך געדראַפּעט אויף בערג, הנאה געהאַט פון אָפּפרישנדיקער לופט; גע־קילט צעפּאַרעט לייב אין דער ווייסל און בוג.

היינט זענען די פעלדער פאַרמיאוסט פון דעם מענטשס אויג, זענען די וועלדער, מיט זייער צעשפּילטער טונקלקייט, פאַרכמורעט פאַר דעם מענטשנס בליק; און די פעלד־בלומען און דער פאַרטאָגיקער טוי אויף זיי און די קוואַקנדיקע וואַסערן מיט זייערע זון־זילבערדיקע בליצן, מיט

זייער שוים און לויטערקייט — אַלץ געהער הייגט דעם טייוול, דעם אומ־ברענגער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער חיה, וואָס רופט זיך — דייטש.

און דאָך —

אַ שטיבל שטייט אויפן פעלד, אַרומגעהילט מיט גרינס.

אַלעמענס בליקן זענען פאַרשטאָכן אינדערהייך, צום הימל, פאַר־שטעקט אַרום די האָריזאָנטן: אין וועלכער ריכטונג פליען איצט די דייט־טשע עראָפּלאַנען? — אַ פראַגע־צייכן, וואָס איז אויסגעקריצט אויף איטלעכנס פּנים. אויפן פעלד קען מען זיך אָריענטירן. דער הימל איז אַ וועג־ווייזער. און דער מאָטאָרן־געדויש — ער צענעמט דעם מוח, בויערט אַרום די שלייפן. איצט, דאַכט זיך, איז רואיק. אין אַ ווײַלע אַרום — אַ הילכיקער גרילץ איבערן קאָפּ. שווער צו ציילן זייער צאָל. זעקס. צוועלף. און אפשר צוואנציק. אַ פאַרפלייצונג פון זילבער־גלאַנציקע שנאבלען, פון טויט־זייענדיקע משחיתים. פאַרוואָס האָט מען זיי נישט באַמערקט? איצט איז שוין שפעט צו באַהאַלטן זיך, שפעט זיך אַוועקצוּוואַרפן אויף דער ערד.

לויפן מענטשן־כמאַרעס אין אַ ראָד, דרייען זיך אויף איין פּלאַץ, טרעטן איינער אויף דעם צווייטן.

שנעלער! גיכער!

די עראָפּלאַנען זענען שוין אַוועק. דער הימל איז ווידער בלאָ. פעלד־בלומען רויטלען זיך קעגן דער זון. און אַרום ליגן הונדערטער גו־פים, מענטשלעכע שאַרבנס, פון וועלכע איינצלנע הייבן זיך אונטער, קוקן זיך אַרום, הערן זיך איין מיט פאַרטויבטן געהער. ס׳איז שוין רואיק. דאָס לעבנגעבליבענע האַרץ האָט נישט געפּלאַצט. קען מען ווייטער לויפן. נאָר איצט — אַליין. איינער אַליין — צוזאַמען מיט אַנדערע, אויך אַליינגעבליבענע —

ווייל דייטשע פּולעמיאָטן האָבן צעריבן צענדליקער מענטשן־שאַרבנס, צעניזוקט צענדליקער לויפנדיקע פון וואַרשע, אָפּגעריסן מאַמע פון זון, מאַן פון ווייב.

איצט פאַרוישט דעם אוויר אַ הילכיק יעלהוועץ, שטעכיקע קולות, פון וועלכע עס הערט זיך אַרויס אַ לעצטער וויי־געשריי:

— מיין ז־ו־ו־ן!...

— מיין וו־יי־יי־ב!...

— מ־אַ־מ־עעע!...

אַלע זענען זיי געבליבן אויפן וועג, אַלע — אומגעקומען פון דייטשע שראַפּנעלן. — — —

און אינמיטן פונעם פעלד שטייט די הילצערנע געביידע, אַרומגערינגלט פון אַ גערטנדל, באַוואַקסן מיט מאָך.

***

אַ הויז — אַ טרייסט — פאַר לויפנדיקע, אומרואיקע באַשעפענישן, וועלכע זוכן שוץ און געפונען אין דעם דאָזיקן הויז, וואָס שטייט פאַרלאָזט פון זיינע באַלעבאַטים און דייטשע אַעראָפּלאַנען.

די פליער האָבן געאיילט קיין וואַרשע. האָבן זיי פאַרזען דאָ און דאָרט, דורכגעלאָזט, אין איילעניש — נישט אויף לאַנג — אַ מענטש, אַ פערד, אַ שטוב.

זענען געלעגן באַהאַלטן אין מיטן פעלד צעשראָקענע, צאַפּלדיקע גופים, זיך געטולעט אונטער שוץ פון הפקרדיקן דאַך, וואַרטנדיק ביז נאַכטאָנקום.

און דאַן וועט מען לויפן ווייטער, לויפן — ווער קיין לובלין, ווער — קיין פּינסק.

אַלצאיינס וווהין.

אַבי זיך ראַטעווען. בלייבן לעבן.

דאָס אייגענע טראַכט איצט אויך זי, פריידעלע.

אַן איינגעקנאָדערטע, אונטער דאַך־צודעק, ליגט זי שוין דאָ פון מיטן טאָג. זי האָט געזען די פלאַמען איבער איר שטוב, געזען דעם ווילדן מענטשן־געלויף פון פעלצעוויזנע.

איצט ווייס זי אויף זיכער, אַז אַלץ איז פאַרלוירן. יאָ, אַלץ. טאַטעמאַמע אויך. זעליק אויך. וואָלט זי אים כאָטש געזען דעם לעצטן טאָג. איין שעה איידער די מהומה האָט זיך אָנגעהויבן.

איצט איז זי איינע אַליין, אַליין מיט געשוואָלענע פיס. און מער

גאָרנישט.

אַרום איר — אַזעלכע ווי זי: קרעכצנדיקע, וויינענדיקע; וועׂר עס צלמט זיך און ווער — עס שעפּטשעט אַ תפילה אין דער שטיל — גאָט!

פריידעלע איז געווען לערערין אין אַ שולע אין טראָקנהיימס הויף אויף די נאַלעווקעס. דאַן איז זי אַלט געווען עפּעס אַרום די צוואַנציק. דאַן האָט זי געלערנט חינוך מיט יידישע קינדער, מיט מיידלעך, זיי גע־לערנט צו זיין געהאָרכזאַם צו טאַטע־מאַמע און צום באַשעפער.

באַקענט זיך מיט זעליקן האָט זי טאַקע דאָרט ערגעץ אויף די נאַ־לעווקעס און, גלייך, אַוועקגעשענקט אים אַלץ: די יוגנט, וואָס האָט גע־צאַפּלט אין איר, אַרום איר.

פריידעלע און זעליק — קיינמאָל נישט צום פאַנאַנדערשיידן.

האָט דען ווער געקאָנט גלייבן, אַז עס וועלן קומען אַזעלכע טעג, טעג, וואָס זאָלן זיין בכוח פאַנאַנדערצורייסן, אָפּצורייסן איינעם פון איינער.

בשום אופן נישט.

און אָט זענען זיי געקומען — פינצטערע טעג מיט פאַרכמאַרעטע הימלען, אויסגעפּילטע מיט ירגזון, מיט רציחה פון מענטש צו מענטש.

פריידעלע טראַכט טאַקע איצט דערפון.

טראַכט און וויינט אינעם ברודיקן בונט שטרוי אַריין, אין וועלכן עס ליגן איצט פאַרוויקלט אירע איבער צוואַנציק יאָר.

## 7.

נאָך אַ טאָג אַריינאָטעמען אין זיך דעם שטויב פון וואַרשעס גאַסן, האָט זעליק געפּלעגט הנאה האָבן אַוועקצושפּאַנען, אין זומערדיקן בין־השמשות, צום טראַוגוט־פּאַרק, הינטער דער שטאָט, דאָרט אויסחלומען זיין בענקשאַפט.

און פון דאָרט האָט ער אַוועקשפּאַצירט, מיט פריידעלען, צום דאַנ־ציגער וואָקזאַל, צום צעקנאָדערטן שאָסיי־וועג, פון וואַנען ער האָט גע־

זען וואַרשע אַן אויפלייכטנדיקע אין ווייסע פייערן: בליציקע נעאָן־לאָמפּן, צעהעלטע פענצטער אויף הויכע שטאָקן.

מחיהדיקע אָוונטן פאַר זיי ביידן.

אין אַזעלכע אָוונטן הערט מען יעדן סווישטש פון פויגל, יעדן שאָרך פון גרעזל — דעם קרעכץ פון צווייגל אויף אַ בוים נעבן וועג. אַלץ אַרום — תענוגדיק־זיס, איינגעהילט אין דביקות, אין אָפּגעשיידטקייט פון וועלט, גרויס־שטאָטישן טומל.

יחידות.

זעליק האָט הנאה געהאַט צו זיין אַליין, נאָר מיט זיך — און פריידעלע ביי דער זייט.

פריידעלע האָט אים נישט געשטערט צו טראַכטן זיינע מחשבות. פאַרקערט. וואָס־מער זי האָט געשוויגן בעת אַזאַ שפּאַציר, אַלץ שטאַרקער האָט געדושעט דער אומעט אויף זעליקן, אַלץ שטאַרקער — ווייל אין איר פלאַפּלען צו אים, האָט ער געפינען דעם פּותר צו זיין פאַרחלומטקייט; איז אים לייכטער געווען דאָס שפּינען פון זיינע רעיונות. און שטענדיק, נאָך אַ שטילשווייגן, ווען ביי זעליקן אין מוח האָט זיך געפלאָנטערט דער פאַרגאַנגענער טאָג, שטענדיק האָט פריידעלע פאַרטראַכט איר בליק צו זיין זייט, אַ זינג געטאָן מיט איר שטימעלע: — געננוג!

האָט ער געפילט אין דעם דאָזיקן „געננוג", ווי אַ פרייד צעגייט זיך איבער זיינע גלידער: ער האָט הנאה צו געפינען זיך אַליין און דאָך — פילן די נאָנטקייט פון אַ נאָנטן, דעם באַריר פון אַזעלכן, וואָס גלעט מיט מתיקות.

און אַז דער בין־השמשות האָט זיך גענומען קלאַמערן אויף בוים־היטלען, פאַנאַנדערטרייבן לעצטן אָטעם פון פאַרגייענדיקן טאָג — דאַן האָט פריידעלע איינגעטוליעט אירע צעפּלאָשעטע האָר אויף זעליקס אַן אַקסל; דאַן האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט ערגעץ אויף אַ בערגל, גענומען פלוידערן ביז שפּעטער נאַכט. וועגן וואָס? וועגן תוך־זאַכן. און די תוך־זאַכן זענען געווען: זעליק וועט פאַרענדיקן זיין בוך דערציילונגען; קריטיקער וועלן שרייבן וועגן אים, — די וועלט וועט לויבן זיין שאַפונג.

— און די אַרבעט אין רעדאַקציע? — האָט אים איינמאָל פריידע־לע געפרעגט — זי נעמט דאָך צו ביי דיר די בעסטע צייט.

— און דיין אַרבעט אין שולע? — האָט זעליק צוריקגעפרעגט — דיין אַרבעט איז דאָך שווערער ווי מיינע.

— נו, יאָ, טאַקע — האָט זי מסכים געווען און צוגעגעבן — אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס.

איז פונעם דאָזיקן שמועס אין יענעם אָוונט אַרויסגעקומען, אַז — ביידע וועלן זיך אויסזוכן אַ ווינקל, אַ היימיש ווינקעלע, ווייט פון טומל, פון מרה־שחורה. — אַז ביידע וועלן חתונה האָבן, בויען פאַר זיך אַן אייגן וועלטל, וואָס וועט זיך אַריינפּאַסן אין זייערע אייגענע דלד אמות.

דערמיט זענען זיי זיך פאנאנדערגעגאַנגען, יעדער אין זיין שטיבל, יעדער פאַרטאָן אין געדאַנקען — אַרומגעוועבט מיט האָפענונג וועגן אַ מאָרגנדיקן, אַ ליכטיקן, אַ זוניקן טאָג.

***

און דער מאָרגנדיקער טאָג איז געווען דער פאנאנדערשיידנדיקער, דער, וואָס האָט זיי ביידן אַריינגעפּעסטיקט — זעליקן אין די נאַלעווקעס, אין קרולס הויף און פריידעלען — אין פעלצעוויזנע, אינעם קליינעם שטיבל ביי דער ווייסל.

די מלחמה האָט אַ תל געמאַכט פון זייערע פּלענער.

קען נישט זעליק מוחל זיין דאָס וואָס ער לעבט איצט איבער:

דער שאָסיי, אויף וועלכן ער לויפט, דערמאָנט אים אָן יענע שטילע בין־השמשותן אַרום וואַרשע, דער שאָסיי — זיין אַספאַלט און בערגלדי־קע זייטן — נישט דער טומל וואָס צענעמט זיין מוח.

לויפנדיק, ווערט ער געוואָר, אַז נאָך אַ מעת־לעת גאַנג מוז ער דורכמאַכן ביז צום דערגרייכן שעדלעץ — פיר און צוואַנציק שעה — און דאַן וואָס?

די פיס ווייטיקן. און וואָס וועט זיין אין שעדלעץ? יידן זאָגן, אַז מען דאַרף לויפן קיין קאָברין, קיין פּינסק און ווייטער.

ווייטער געפינט זיך אַ גרענעץ, וואָס וועט באַשיצן ייִדן, אַנטלויפנ־דיקע פון די היטלעריסטן; ווייטער געפינט זיך די הילף אַליין...

זאָל־זשע זיין וואָס עס וויל זיין, אַבי שנעלער, גיכער — די פיס טראָגן נישט. שוין פיר טעג, פינף און, אפשר, אַ גאַנצער חודש, אַ יאָר. ווי לאַנג נאָך? אין די בייטאָגן — אַ געוואַלגער פון מענטשן צווישן גרי־בער, אין קשאַקעס; אין די נעכט — אַ בהלהדיק לויפן, אַ יאָגן איינער איבער איינעם, כדי צו דערגרייכן אַן אָרט, אַ שטח, ווו דייטשע אַעראָ־פּלאַנען וועלן פאַרזען, וועלן אויסמיידן צו וואַרפן זייערע באָמבעס.

און שטיין אויף אַן אָרט טאָר מען נישט —

זעליק, לויף! דיין טראָפּן לעבן, וואָס טליעט נאָך אין דיר, איז אין געפאַר!...

נאָר זעליק הערט נישט זיין אינערלעכן רוף. איצט גייט ער נישט ווייטער. דאָ, אינמיטן פעלד, לייגט ער זיך אַוועק — דאָ קומט דער סוף צו זיינע מאַטערנישן.

איז ער איינגעשלאָפן אינעם שפּעטן בין־השמשות, פאַרקנאַדערט זיין צעפּאַטלטן קאָפּ צווישן פייכטע קשאַקעס. אפשר וועט ער אָנזאַמלען כוחות, אויסרוען די פיס, — אפשר וועלן זיי אים ווייטער וועלן טראָגן כאָטש ביז שעדלעץ, כאָטש — ער ווייס אַליין נישט ביז וואַנען.

איז זעליק געשלאָפן אין מיטן פעלד.

נאָר פריידעלע איז אין יענעם אָוונט נישט געשלאָפן.

איר איינציקער געדאַנק איז געווען — זעליק. אָך, ווען זי געפינט אים ערגעץ צווישן די לויפנדיקע פון וואַרשע!

און טראַכטן פיל האָט זי נישט געהאַט ווען. איז זי אַרומגעלאָפן, אין צופאַלנדיקער נאַכט, איבער אַ קליינעם גראָז־שטח, וואָס האָט אַרומ־גענומען דאָס שטיבל, דאָס גערטנדל ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן דעם היינטיקן מיטן טאָג.

זי וועט רופן, זי וועט שרייען, וועט טאָן ס'אייגענע וואָס אַלע טאָן — אפשר וועט זיך זעליק אָפּרופן. אפשר. און דאָרט, אין דער פאַרלאָזע־נער שטוב, אין מיטן פעלד, דאָרט איז אַ סכנה צו פאַרבלייבן; דאָרט ווייס מען נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

איילט זי אין נאַכט־חשכות, וואָס האַלט אין זיך פאַרקלעמט אַלע האָריזאָנטן, איילט צוזאַמען מיט אַנדערע צווישן ווייכע מענטשן־קופּקעס — איילט און שרייט:

— זע־ליק!

פאַרוואָס עפּעס רופט זי זעליקן? און פאַרוואָס נישט טאַטע־מאַמע, קרובים? זי ווייס אַליין נישט. אַלע רופן, וועט זי אויך רופן — און נענטער פון דער גאַנצער וועלט איז איר זעליק —

זעעעליקקק!...

פון דאָ און דאָרט — אַ געמורמל, אַ געשושקע. איבערן וועג ציען זיך מענטשן־שאָטנס איינער הינטער איינעם. די נאַכט האָט אויפגעריסן פון באַהעלטעניש וואָרשעס איינוווינער, טרייבט זיי אָן אַ ציל.

און איבערן פעלד, אַרום דער פאַרלאָזטער שטוב, צווישן פייכטן גראָז, איילט מען ראַטעווען לעצטע כוחות, כדי באַלד, גלייך, זיך לאָזן אין וועג אַריין.

צווישן זיי — זעליק.

אַרום זיי — פריידעלע.

אַרום אַלעמען — רופנדיקע קולות, וועקנדיקע, וואָס זוכן אַ קרוב, אַ היימישן, מיט וועמען זיך צו עצהן אין סכנותדיקע מינוטן.

פריידעלע איז אַריין צוריק אין שטוב, פאַרבייגעטרעטן צוואָרפענע פּיס, גופים, אַרויס אין גאָרטן, זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז.

די נאַכט איז גיך פאַרשווינדן.

דער בלאָער באַגינען האָט אָנגעזאָגט, אַז באַלד קומען די דייטשע עראָפּלאַנען, באַלד, — מוז מען שוין זוכן אַ באַהעלטעניש.

ערשט, איצט, האָט זעליק גענומען זיך אויסטשוכען פון דער קאַלטער נאַכט, גענומען זיך דערמאָנען וואָס אַרום אים איז פאָרגעקומען. עפּעס דערמאָנט ער זיך, ווי עס דאַכט אים — זיכער געווען אַ חלום — אַז אימעצער האָט גערופן זיין נאָמען. יאָ. אַ חלום געווען. האָט ער זיך אויסגעגלייכט, פאַרבייגעשלייכט דעם פּאַרקן, כדי זיך אַוועקצולאָזן, מיטן וועג, צו דער נאָענטער שטאָט.

און פּלוצלינג —

פריידעלע האָט זיך באַוויזן אויף יענער זייט קראַטעס.

איצט, טאַקע, איז פּאַר זעליקן קלאָר געוואָרן, אַז — עס האָט אים נישט געחלומט; אַז ער געפינט זיך ווידער מיט זיין מיידל אין מיטן וועג פון אַנטלויפן.

אין אַ ווײַלע אַרום —

הענט האָבן זיך צונויפגעקלאַמערט, זיך איינגעגעסן אין פרייד פון אויפגייענדיקן באַגינען, פון אָנקומענדיקן פרימאָרגן — פון וועלכן מען מוז אַנטלויפן.

— זעליק!

— פריידעלע!

און דאָס אַלץ.

אויפן ווייטערדיקן וועג וועט מען זיך דערציילן, אויסדערציילן. יאָ, אויסדערציילן.

דער ווייטערדיקער וועג האָט געפירט קיין שעדלעץ.

.8

דער אויפגייענדיקער פרימאָרגן האָט געהאַלטן אין זיין נעפּל דעם שאָסיי, די פעלדער, דעם אַשיקן הימל.

שורותווייז, האָבן זיך געצויגן ביי די וועג־ראַנדן צעקנאָדערטע מענטשן, איילנדיקע אָן אַ ציל. איטלעכער האָט געזוכט אַ שוץ־אָרט: אַ בוים, אַ גרוב, אַ כאַטע, כדי, ווען עראָפּלאַנען וועלן אָנפליען, צו גע־פינען זיך נאָנט פון אַ באַהעלטעניש.

אַ פאַרמאַטערטער, האָט זעליק געשפּאַנט נעבן פריידעלע, זי אָפּ־געמאָסטן מיט זיין בליק: וואָס פון איר איז געוואָרן — נישט צו דער־קענען!

— לאָמיר אָפּרוען, פריידעלע — האָט ער זיך געבעטן ביי איר — קום, לאָמיר אַוועקזיצן.

— ניין, כ׳קאָן נישט, ס׳ווערט שווער דאָס צוריק אויפהייבן זיך.

זענען זיי געגאַנגען צוזאַמען, טראָט נאָך טראָט, געשלעפּט, אין פּי־בערדיקע אַנגסטן, זייערע לעצטע כוחות.

וווהין?

פריידעלע דערציילט אירע לעצטע שעהן פאַרן אַנטלויפן פון פעל־צעוויזנע:

...אַלץ האָט געברענט אונטער די פיס... נישט געווען קיין צייט זיך אומצוקוקן... דאָס פייער האָט געטריבן... געטריבן..

אויך זעליקן האָט די שרפה געטריבן; אויך אַלעמען, וואָס לויפן איצט איבער די וועגן.

— וווהין־זשע לויפן מיר איצט?

די דאָזיקע פראַגע האָבןביידע גלייך געפרעגט, ביידע — און קיין ענטפער נישט געפינען.

שוין לאַנג פאַרבייגעלאָפן מעזריטש, דערפער, פעלדער; שוין אויס־געוואַלגערט זיך אין באַהעלטענישן. שוין מער ווי האַלב וועג אָפּגעגאַנ־גען צו שעדלעץ. און די זון — אַ צולהכעיס — פאַרשטאַרקט די שרפה, וואָס ברענט אַרום די פיס, פאַרחמימהט דעם אַרום — נישט ווי סוף־זו־מער, נישט ווי אָנהייב־הערבסט. און דער פוילישער ערב־הערבסט האָט דאָך שטענדיק אָנגעזאָגט אויף רעגנס, איז געהאָנגען איבער וואַרשע מיט אַ פאַרכמאַרעטן הימל. אַך, ווען איצט צעגיסן זיך די וואָלקנס...

— קום, לאָמיר זיך אָוועקזעצן.

— יאָ, מער קאָן איך נישט גיין.

זיי האָבן אויסגעזוכט אַ בערגל ביי דער זייט וועג, אַרויפגעוואָרפן דערויף זייערע אָנגעצויגענע גופים.

— געדענקסטו, זעליק — דערמאָנט אים פריידעלע מיט וואָכן צו־ריק — געדענקסטו אונדזערע שפּאַצירן אַרום דאַנציגער וואקזאַל?

— יאָ, כ'געדענק — מאַטערט זעליקן אַ טרער, וויל זיך דווקא אַרויסרייסן פון זיינע אויגן.

אָבער זעליק וועט נישט וויינען. פאַרקערט. ער מוז באַווייזן פאַר זיין מיידל אַ פריילעך פּנים, אַ פּנים פון אַ מאַנסביל, וואָס האָט כוחות דורכצוהאַלטן, אויסצוטראָגן אַלע שוועריקייטן.

אַרום זיי האָבן זיך גענומען זאַמלען מענטשן. דאָס אָרט איז גע־וואָרן סכנהדיק. דייטשע פליער וועלן באַמערקן...

— נו, גענוג, לאָמיר אויפשטיין.

פריידעלע קאָן זיך נישט אויפשטעלן. זי וועט דאָ זיצן ווי לאַנג די מענטשן וועלן דאָ זיצן. זי וויל הערן נייס. אפשר וועט אימעצער דערציילן וואָס עס קומט־פאָר ארום זיי.

און אָט, דערציילן מענטשן:

דער פוילישער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן, אַז אַלע זאָלן זיך אומקערן צוריק קיין וואַרשע; אַז דאָס פוילישע מיליטער האָט אָפּגעטריבן דעם שונא ווייט פון דער הויפּטשטאָט...

— הערסטו! — טוט זיך פריידעלע אַ ריס פון אָרט — הער, זעליק.

— איך הער — טרייסלט זעליק, אומגלייבלעך, מיט זיין צעשויבערטן קאָפּ — איך הער און ס'איז נישטאָ וואָס צו הערן.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווייל ס'אַ ליגן.

— און איך זאָג, ס'אַן אמת.

— וואָס־זשע, זאָגסטו, דאַרף מען טאָן?

— מען דאַרף צוריקגיין קיין וואַרשע.

— דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען.

— פאַרוואָס? — צעכליפּעט פריידעלע איר הייזעריקע שטים — זעסט דאָך, אַז מענטשן לויפן צוהיק קיין וואַרשע!

און באמת:

די פליטים האָבן אויסגעדרייט זייערע רוקנס, זיי אָוועקגעקערט פונעם שעדלעצער טראַקט, אויפן וועג קיין וואַרשע.

אָפּגעטריבן דעם שונא! זעליק וועט דאָס קיינמאָל נישט גלייבן. מיט וועלכע כוחות אָפּגעטריבן? און פאַרוואָס קערט זיך נישט אום די פוילישע ארמיי, וואָס לויפט, בחפזונדיק, איבער פעלדער, איבער אַלע וועגן — אַנטלויפט פון וואַרשע?!

זעליק איז זיכער, אַז די דייטשן ווילן אַריינאַרן קיין וואַרשע אַלע אַנטלאָפענע און דאָרט — פאַרענדיקן מיט זיי, אויסרייכערן זיי צוזאַמען מיט זייער פאַרמעגן. ניין. ער וועט בשום־אופן נישט צוריקגיין. אויך פריידעלען וועט ער נישט לאָזן. און זאָל זיין וואָס עס וויל זיין.

***

עס האָט זיך אָנגערוקט דער פּאַרנאַכט — דער צענטער אָדער פופצנ־טער. קיינער ציילט נישט וויפיל מעת־לעתן מען געפינט זיך שוין היב־טערוועגס.

און אין יעדן פּאַרנאַכט, אַזוי היינט — די דייטשע אַעראָפּלאַנען צינדן דעם אַרום, צעפלאַקערן שרפות.

אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, טענהט אַריין זעליק אין זיין מיידל, רעדט אַרויס פּאַר איר זיינע מחשבות, קלערט איר אויף, אַז זי טאָר נישט גיין צוריק; ברענגט זיך אום!

פריידעלע איז איינגעקשנט. זי וואָלט אפשר געגאַנגען ווייטער. האָט זי אָבער נישט קיין כוח. זי קאָן נישט. זעליק גלייבט איר. ער פאַר־שטייט אָבער נישט:

— וווּ וועסטו נעמען כוחות צו גיין צוריק?

— צוריק? כ׳ווייס טאַקע נישט. דאָך וועל איך גיין מיט דער כוונה, אַז כ׳גיי צוריק אַהיים...

— און דיין היים, האָסטו דאָך אַליין געזען, אַז זי איז פאַרברענט?

— יאָ... האָסט רעכט... דאָך...

דאָך האָט זעליקן אויסגעפעלט ווערטער אָפּצוהאַלטן פריידעלען פון צו גיין צוריק.

און אָט — איז עס געשען:

ס׳זענען אָנגעפלויגן אַעראָפּלאַנען, אָנגעפלויגן מיט רעש, מיט גע־פּילדער; פאַנאַנדערגעטריבן די געדיכטע מענטשן־לויפערס, זיי פאַנאַנ־דערגעשפּרייט איבער לאָנקעס און וועגן.

און —

דער חלום פון צוריקערן אַהיים איז צערינען געוואָרן:

די מענטשן זענען געבליבן ליגן אויף די פעלדער — זייער גרעסטער טייל — און מער נישט אויפגעשטאַנען...

צווישן זיי — פריידעלע.

זעליק האָט נישט געוווּסט וואָס מיט איר איז געשען, ווו זי איז הינגעקומען אין דער שרעקלעכער ערד־ציטערניש, וואָס איז נישט לאַנג פאָרגעקומען. איז ער אַרומגעלאָפן, אין נאַכטס פינצטערניש, פון בוים

צו בוים, פון גראָז צו גראָז, געזוכט, געגישטערט: ווו איז פריידעלע?
דער אַרום — אויסגעפּילט מיט קולות:
— טאַטעעע!
— מאַמעעע!
— הע־ניושששו!
— סטאאאאך!
אויך זעליק רופט, שרייט מיטן לעצטן אָטעם — שרייט אַרויס פון זיך די כוחות.
און פריידעלען הערט מען נישט.
אימעצער צינדט־אָן אַ שוועבעלע, ווייל דערקענען דאָס פּנים פון אַ היימישן, פון אַ קינד — זוכט צווישן די הרוגים אַ נאָענטן. אַ צווייטער איילט צו אים, אַ דריטער. אַלעמענס ווײ־געשרייען זענען איצט געווענדט צו אים, צו דעם, וואָס האָט אויפגעלויכטן אַ בליץ אין דער חשכות, וואָס האָט געוויזן דעם הימל ווו דאָס אומגליק איז געשען.
הערן זיך רוגזהדיקע געשרייען:
— אַ שפּיאָן!
— אַ דייטש!
— אַ מחבל!
יענער דערנענטערט צו די שרייערס, גיט אַלעמען צו פאַרשטיין, אַז — ער איז אַ פּוילישער פּאַטריאָט; אַ טאַטע פון אַ זון, אַ מאַן פון אַ ווייב — און איצט איז ער געבליבן אַליין, ביידן פאַרלוירן...
— אוי, באָזשע! — זיפצן אַלע אָפּ.
און די נאַכט ווערט צעשניטן פון אַ כליפּען, אַ געוויין, וואָס איז בכוח איבערצושרייען צענדליקער לוויות — אַזוינס, וואָס מען קען נאָר הערן נאָך אַ פּאָגראָם:
...צעשניטן... צעקוילט... צעפליישט...

און דאָס האָבן געטאָן דייטשע פליער מיט זייערע טאָניקע באָמ־בעס, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן אין מיטן סעפּטעמבער, פונעם יאָר ניינצן־ניין־און־דרייסיק, אויפן שאָסיי נאָענט צו דער פּוילישער שטאָט שעדלעץ. דייטשע אַעראָפּלאַנען אויף אַ פּוילישן וועג, אויף פּוילישע ביר־

גער — יידן און פּאָלאַקן.

פאַרטאָג, האָבן איינצלנע געבליבענע זיך גענומען אַרויסשאַרן פון זייערע באַהעלטענישן, גענומען זוכן, ביים מאַטן ליכט־אויפגאַנג, גע־זוכט און — געפונען:

הענט, פיס, קעפּ...

און ווידער זענען אַעראָפּלאַנען אָנגעפלויגן און ווידער...

יאָ. זעליק וועט נישט אָפּטרעטן, ביז ער וועט געפונען — כאָטש אַ זכר פון זיין פריידעלע.

געזוכט און געפינען:

אַרום אַ בוים, איינגעקלאַמערט אין דער קאָרע, איז געלעגן פריידע־לע. ער דערקענט זי. נישט איר — ווי זי האָט אויסגעזען, — אַ גאָלדן רייפל אויף אירס אַ פינגער, אַ רייפל, וואָס ער האָט איר געשענקט מיט וואָכן צוריק...

פריידעלע! איצט האָט זיך פאַרענדיקט מיין בענקשאַפט; איצט זע־נען צערינען מיינע חלומות...

פריידעלע!...

און מער גאָרנישט.

זעליק איז אַ מאַנסביל. ער מוז זיך קאָנען האַלטן. יאָ. ער מוז.

דער פריער פרימאָרגן האָט אים איינגעקלאַמערט אַרום דעם בוים, געדושעט אויף זיינע קני, וואָס האָבן זיך געבויגן אין פייכטן גראָז אַרום דעם צעהאַקטן גוף פון זיין ליב מיידל.

.9

אַז מען לאָזט זיך אין אַ וויטן וועג אַריין, נעמט מען נישט מיט קיין טשעמאָדאַנעס, קיין פּעק. מען גיט אַלץ אַוועק אויף באַגאַזש. און אַז מען אַנטלויפט אין אַ וויטן וועג אַריין, וואַרפט מען אַוועק די טשע־מאָדאַנעס אין מיטן שאָסיי, באַפרייט מען זיך פון איבעריקע משאות. — פון אַלץ וואָס קאָן באַשווערן דאָס ראַטעווען זיך בשעת אַ סכנה.

אין אַזאַ אַנטלויפן איז אויך גוט צו זיין איינער אַליין — אַליין

צווישן פעלדער, וועלדער, שאָסייען. דאָ, ווו דער אייגענער געדאַנק טראָגט, דאָרט דאַרפן די פיס לויפן. נישטאָ קיין צייט זיך צו ישובן, זיך צו עצהן — אין וועלכן גרוב ס׳איז בעסער אַריינצופאַלן, זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער פליענדיקער באָמבע. אין דער דאָזיקער מינוט קאָן מען נישט זאָגן קיין נביאות. מען מיינט, אַז די באָמבע וועט פאַלן רעכטס, לסוף פאַלט זי לינקס. שווער אויסצוחשבונען סטראַטעגיש. שווער איבערצוקליגן דעם מחבל.

די דאָזיקע מחשבות האָבן געטראַכט אַלע, לויפנדיקע איבער פוילנס וועגן, אַלע און — ווער ס׳האָט פאַרלוירן אימעצן פון משפחה, פון פריינט, איז מינוטן־לאַנג געלעגן איבערן צעקאַלעטשעטן גוף, מורמלענדיק אַ תפילה: אַ קללה צום אומברענגער, וואָס האָט אָפּגעהאַקט אַ שטיק פון זיינע גלידער; און זיך אויפגעהויבן, ווען אַעראָפּלאַנען זענען אָנגעפלויגן, געלאָפן אין ווייטערדיקן וועג אַריין, כדי צו ראַטעווען דאָס, וואָס עס איז נאָך געבליבן אין אים. איצט איז אים געווען לייכטער דאָס לויפן. איצט האָט ער שלום געמאַכט מיטן גורל, זיך צוגעוויינט אינעם טומל פון רוישנ־דיקע מאָטאָרן.

דאָס אייגענע האָט געטאָן זעליק נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרלוירן זיין פריידעלע. לכתחילה האָט ער זי אַליין באַשולדיקט: זי האָט נישט געדאַרפט זיין פאַרעקשנט; נישט געדאַרפט וועלן לויפן צוריק קיין וואַר־שע. דערנאָך האָט ער געגומען פאַרגעסן וואָס עס איז פאָרגעקומען אַרום אים; דערנאָך — אויפן צענטן, אָדער צוועלפטן טאָג, ווען ר׳האָט זיך שוין געפינען אַרום די פּאָלעסיער וועלדער, אויף דער זומפּיקער ערד אַרום קאברין, נאָענט פון פינסק.

איצט האָט מען דערציילט, אַז וואַרשע האָבן צוגענומען די דייטשן; אַז פּאָלעסיע וועלן צונעמען די רוסן.

איצט האָבן מענטשן גערוט אין פויערשע כאַטעס, געצאָלט מיטן לעצטן פוילישן געלט פאַר אַ שיסל קאַרטאָפל, פאַר אַ טאָפּ זויערמילך.

און אויבן האָבן נאָך אַלץ געזשומעט די דייטשע אַעראָפּלאַנען, גע־צילט מיט זייערע באָמבעס אויף זעלנערישע טראַנספּאָרטן, אויף מענטשן איבער די וועגן. אָבער אין אַ זייטיקער כאַטע, צווישן ביימער־געדיכטע־

ניש, האָט מען זיך שוין איצט לייכטער געקענט אויסבאַהאַלטן, אויסרוען די געשוואָלענע פיס.

זיצט ער, זעליק, ביי אַ פויערשן, נאַקעטן טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די עלנבויגנס. ער וואַרט אויף קאַרטאָפל, וואָס אַ פויערטע וועט אים דערלאַנגען.

און אויף דעם שטיינערנעם דיל צאַפּלט אַ בלאָנד קינדעלע, שמאַדערט אַרום אין מיסט.

— זאָל דער פּאַן אַ בליק טאָן אויף דעם־אָ — ווייזט די באַלעבאָסטע זעליקן אויף איר קינד — גלייך קום איך צוריק מיט אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל.

האַלט ער איינגעשטאָכן זיינע אויגן אין די פענצטער, בלאָנדזשעט מיט זיי צווישן ביימער, אַרום דעם הימל. דער אָוונט נעמט פאַרטונקלען דאָס אַרומיקע גרינס. איצט האָבן די פליער פאַרענדיקט זייער געפלי. איצט קאָן ער זיצן רואיק אין דער גאַסטפריינטלעכער כאַטע. וועט בעטן ביי דער פויערטע, אַז זי זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן, איבערשלאָפן, נאָך קרוב צוויי וואָכן שלאָפלאָזע נעכט.

און אָט, קומט זי צוריק, די פויערטע. דאָס קינדעלע פאַרטשעפּעט זיך אָן איר קלייד, צעכליפּעט זיך. עס מוז נאָך דויערן אַ ביסל ביז די קאַרטאָפל וועלן ווערן ווייך. דערווייל וועט זי אַרויסגיין אין הינטערהייפל אָנהאַקן האָלץ. מ׳מוז נאָך אונטערלייגן צום פייער.

און דאָס קינד וויינט, לאָזט נישט אָוועק די מאַמע פון זיך.

— זאָל דער פּאַן נעמען דאָס־אָ אויף די הענט — זאָגט די פויערטע צו זעליקן — און אַרויסגיין דערמיט אַביסל צווישן די ביימער, עס פאַרשפּילן.

זעליק פאָלגט. ער מוז איצט זיין אַ געהאָרכזאַמער גאַסט. נעמט ער דאָס קינד צווישן זיינע פאַרהילצערטע עלנבויגנס. פייפט צו דעם. לאַכט.

אין דרויסן איז דער בין־השמשות אַ געלער, אַ וואַרעמער. דער הימל — אַן אומשולדיקער — קוקט צווישן די ביימער. דער הימל ווייס גאָרנישט וואָס באַלד וועט פאָרקומען אונטער אים. ווי זיין רגילות,

צייכנט ער אויף זיך די בלאָ־ווייסע פאַרבן, די גליאיקע פלעקן נאָך זון־פאַרגאַנג.

און זעליק שפּאַצירט אַרום דער כאַטע, צווישן גראָז, אויף אַ לאָנקע. ער פילט זיך שוין היימיש מיטן בלאָנדן קינדעלע אויף זיינע הענט, שמייכלט צו דעם, טראַכט וועגן אַ שיסל מעליקע קאַרטאָפל און אַ שטוב־ווינקל, ווו ר׳וועט אויסרוען דעם צעבראָכענעם גוף.

און פּלוצלינג:

אַ רעשיקער גרילץ האָט זיך איינגעשניטן אין וואַלד־חלל, מניה־וביה צעטרייסלט דעם אַרום, דעם שאַרבן אויף זעליקס קאָפּ. —

באאאוו־אאאם!

אַ באָמבע האָט אויפגעריסן אַרום די טריט. זעליק מוז אַנטלויפן, מוז געפינען דעם נאָנטסטן וועג צום שאָסיי. אין אײַלעניש פּלאָנטערט ער צווישן די ביימער. זוכט די כאַטע, וויל אַוועקגעבן דאָס קינד דער מאַ־מען. ער זעט אָבער גאָרנישט אַרום זיך. פאַרלוירן דעם וועג. און נאָנט, מיטן בליק — אַ געדיכטער פלאַמיקער רויך האָלט פאַרקלעמט דעם אויר.

— העי, פאַני! — שרייט ער אַ הייזעריקער — פאַ־ני!

קיין ענטפער. און וואַרטן טאָר מען נישט. אָט, הערט זיך ווידער דער מאָטאָר־גערויש.

האָט ער, באין־ברירה, פעסטער צוגעדריקט ס׳קינד צו זיך און זיך אַוועקגעלאָזט צום וועג, וואָס האָט געפירט קיין פינסק. נאָר קיין פינסק וועט ער נישט דערגיין. וועט זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ־ווו — און צוריק אומקערן צו דער פויערטע, איר אָפּגעבן ס׳קינד.

אָבער דער גוטער פויערטעס כאַטע האָט ער שוין מער נישט גע־פונען, — אַ צעצינדענע מאַסע האָט געקרעכצט צווישן די ביימער. זי־כער איז צווישן די פלאַמען געבליבן אויף די באַלעבאָסטע, דער טאָפּ קאַרטאָפל, וואָס זי האָט געגרייט פאַר זעליקן. און אפשר איז זי אַנטלאָפן פונעם פייער, זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די צינד־באָמבעס?

דערווייל האָט נישט זעליק וועמען איבערצוגעבן ס׳בלאָנדע קינ־דעלע, האָט עס נישט ווו איבערצולאָזן.

האָט ער געקראַמפּט זיינע פיס איבערן נאַכטיקן וועג, דושענדיק צו

זיך ס׳בלאָנדע קינדערישע קעפּעלע, לייגנדיק עס פון איין אַקסל אויפן צווייטן.

ס׳קינד שלאָפט.

זעליק איז מיד.

און דער וועג קיין פּינסק מוז נאָך דויערן אַ נאַכט גאַנג.

.10

נאָר אַ טאַטע קאָן פילן די פרייד פון אַ קינד, דיליידן פון אַ קינד — אַ טאַטע, וואָס האָט מיטגעפרייט, מיטגעליטן פונעם קינדס געבוירן ביז צום זען דערויף אַ מענטשלעך געשטאַלט.

פון דער ערשטער מינוט, זינט זעליק האָט דערפילט די פרעמדע משא אויף זיינע אָרעמס — דער פּויערטעס קינד, וואָס ר׳האָט אַרויס־געראַטעוועט פון דער ברענענדיקער כאַטע — פון יענער רגע איז געוואָרן ביי אים באַשלאָסן: דאָס קינד ווערט זיין אייגנטום. דאָס איז דער חוב וואָס ער האָט צום קינדס מוטער, דער אָפּצאָל וואָס ער איז צו איר שולדיק. אַ מענטשלעכער חוב, וואָס מוז קומען, נישט ווי פון אַ טאַטן צום אייגענעם קינד, נאָר — אַריבערהייבן דעם מענטש איבער דער חיה. און ווער נאָך דאַרף זיין בכוח צו קומען צו אַזאַ מסקנה, חוץ אים, זע־ליקן, וואָס האָט אַוועקגעגעבן זיינע יאָרן, כדי צו פאַרמיאוסן דאָס שלעכטס וואָס אין מענטש! איצט איז געקומען די צייט, אַז ער זאָל דאָס באַווייזן בפועל, איצט — ווען מענטש ברענט מענטש, ווען טייוולשער מענטש ברענגט־אום יצירה.

האָט ער געדושעט צו זיין האַרץ דאָס בלאָנדע קעפּעלע, אַריינגעשושקעט אין דעם, זיך באַמיט עס איינצושטילן אינעם פינצטערן נאַכט־געלויף איבערן שאָסיי.

די נאַכט איז געווען אַ שטילע. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן געשפּאַנט מענטשן־רייען, קלאַמערנדיק זיך איינער הינטער איינעם. צייטנווייז האָט זעליק געהערט אַ מורמל ביי דער זייט, וואָס האָט גע־האַט צו זאָגן:

— אַ יונגער טאַטע, נעבעך...

— אַנטלויפט מיטן קינד אין דער וועלט אַריין...

און פונעם קינד רייסן זיך יללות, יאָמערדיק געוויין, וואָס צעלע־כערט דעם אַרום:

— מממאאאמעעע!

איצט איז די צייט וואָס אַזאַ נפשל דאַרף ליגן פאַרזינקען אין קינ־דישן שלאָף, דאַרף פילן דער מאַמעס באַריר אינעם וואַרעמען בעט.

און דאָ — אַזאַ בהלה, אַזאַ ירגזון.

אויפן הימל האָט געוויזן די לבנה אויף מיטן נאַכט — אַ זילבערן ליכט האָט אָפגעדעקט די חשכות. די ווייטע האָריזאָנטן האָבן געגראָט מיט אויפגעשוואָלענע וואָלקנס, וואָס האָבן אויסגעצייכנט געקאַלעכטע מויערן איבערן וועג.

און דער אַרום האָט געררוישט פון דעם קינדס קולות.

— שאאאא־אאאא — האָט זעליק אַריינגעזינגען אינעם פּיצעלע, זיך באַמיט עס צו באַרואיקן.

און אַז דאָס געוויין האָט זיך פאַרשטאַרקט, איז מענטשן באַפאַלן אַ שרעק:

— די פליער וועלן נאָך דערהערן...

די דייטשע פליער ערגעץ וועלן אויסגעפינען, צוליב דעם קינדס כליפּען, דעם וועג ווו מענטשן לויפן און דאַן...

ס'איז פאַרבייגעפאָרן אַ פור אָנגעשטאָפּט מיט פליטים. מען האָט זי אָפּגעשטעלט. געבעטן דעם אָנטרייבער, ער זאָל אַרויפנעמען דעם יונגן טאַטן מיט זיין וויינענדיק קינד:

— האָטס רחמנות... פאַן בוג זאַפּלאַטש...

— ווהין? — איז דער פורמאַן געוועזן טשעקאַווע צו וויסן.

— אַלצאיינס — האָט זעליק געענטפערט — אומעטום וועט זיין גוט...

— גוט. זיצט־אויף.

דאַן האָבן זיך פּיס איינגעצויגן, זיך צוזאַמענגעקוועטשט, געמאַכט פּלאַץ פאַר זעליקן. דאַן האָט אימעצער פאַנאַנדערגעשפרייט אַ פעלצל אויף זעליקס קני, איינגעהילט דערין ס'קינד.

— שאאא־אאא — האָט די גאַנצע פור געזונגען, געוויגט, זיך גע־בעטן — שלאָף, מיין קינד, לו־לע־לו!...

**
*

דער פאַרטאָג האָט געקנעטן די רעדער אויף פינסקער טראַקט; דער פאַרטאָג, ווי יעדער פרימאָרגן — אויסגעפילט מיט געריש פון מאָטאָרן.

דער זעכצנטער טאָג — עשׂרת־ימי־תשובה — אינעם חודש סעפּ־טעמבער.

די פור איז שטיין געבליבן אויף אַ צעווייקטן וועג, אין בלאָטיקן ליים, אַרום פינסק.

פאַרבייפאָרן די שטאָט וויל ער נישט, דער פורמאַן: ס׳פּוילישע מי־ליטער וועט אים צונעמען די פערד. מוז ער פאַרקערעווען אַרום. איז אָבער דער וועג אַ זומפּיקער. די מאַסע אַ שווערע. עצהט ער, אַז די מענ־טשן זאָלן פאַרביילויפן פינסק צופיס און ער וועט זיי אָפּוואַרטן הינטער דער שטאָט.

פאַרפאַלן. אַן איינגעקשנטער אַנטרייבער.

צעוויקלען יידן זייערע פאַרפּלאָנטערטע פיס, זייערע אויפגעשוואָ־לענע קני, וואַרפן זיך אַראָפּ, מיט מאַטערניש, פון דער פור.

און אָט, הערט זיך:

— שטיין בלייבן!

אַ פּוילישער פּאַטרול איז אַרויס פון אַ זייטיקן וועג, אויסגעצויגן די ביקסן צו דער פור.

— וווהין?

— מיר אַנטלויפן... מיר ווייסן אַליין נישט...

— און דאָקומענטן האָט איר?

— יאָ... ניין...

אויף זעליק איז געשטאַנען, געציטערט מיטן שלאָפנדיקן קינד אויף אַן אַקסל.

— ווי אַלט ביזטו? — האָט אים אַ סאָלדאַט געפרעגט.

— דריי און צוואנציק.

— און פאַרוואָס ביזטו נישט אין מיליטער?

— ווייל... כ׳ווייס אַליין נישט...

— געגאַנגען!

מען האָט זעליקן אַוועקגעפירט ערגעץ אין אַ שאָפּע. צוזאַמען מיט אים — נאָך בחורים. איצט זענען אַלע געווען זיכער — אַז דאָ ענדיקט עס זיך... און זעליק האָט פאַנאַנדערגעבינדן די הענט, איינגעדושעט כ׳קינד ערגעץ אויף אַ באַנק. אַז מ׳וועט נישט האָבן צו אים קיין טענות, פאַרוואָס ער איז נישט דער טאַטע פונעם קינד, פאַרוואָס ער האָט אַרויס־געראַטעוועט אַ קינד פון פלאַמען — דערין איז ער געווען זיכער. איבער־ריקנס, ווייס דאָך נישט קיינער דעם אמת. וואָס דאַרף ער אָבער טאָן איצט, וואָס זאָל ער ענטפערן, ווען מ׳וועט אים באַשולדיקן, אַז ר׳איז אַנטלאָפן פון אַרמיי. אַ דעזערטיר? איצט אין מלחמה־צייט — דער־שיסן...

— כ׳האָב פאַרלוירן אַלע דאָקומענטן, פּאַניע קאַפּיטאַניע — האָט ער זיך פאַרענטפערט נעבן אַ פאַרשלאָפענעם מיליטער־מאַן — פאַרלוירן, פּאַניע שאַנאָווני...

...אַרום פינסקער וואקזאל האָט אַ באָמבע צעפליקט די באַן־רעלסן, אויפגערודערט ס׳פּוילישע מיליטער, וואָס האָט געהאַלטן דעם שטאַב אין איינער אַ שקאָלע.

— פּשאַ־קרעוו...

אין דער דאָזיקער מינוט איז געוואָרן אַ געלויף איבער שטולן, בענק, טישן. אין דער דאָזיקער מינוט האָט זיך זעליק געפונען אַ פאַרשפּארטער אין אַ קעמערל.

ווו איז ס׳קינד? — האָט ער אַריינגעקרעכצט טיף אין זיך — ס׳קינד...

צי וועט ער טאַקע בלייבן אַ בעל־חוב צו יענער גוטער פויערטע, דער מאַמע פונעם קינד? איצט האָט ער געפילט די זעלביקע ווייטיקן ווי אין יענער נאַכט, ווען ער איז געבליבן אַליין, נאָך זיין אומגעקומענער, געליבטער פריידעלע. נאָר העלפן האָט ער זיך נישט געקאָנט. אפילו ראַ־טעווען זיך אַליין — האָט ער נישט געקאָנט געפינען דעם וועג.

וואָס טוט מען?

ער איז אַרומגעלאָפן אין קאַמער, געזוכט, דורך די שפּאַרונעס, אַ וועג ווי צו אַנטלויפן. דער אַרום איז געווען אָפּגערייניקט. קיין וואַך נישט בנמצא. האָט ער אויפגעבראָכן ס'הילצערנע טירל און —

אַ געדיכטער רויך־וואָלקן האָט געדושעט איבער פּינסק, רויך גע־מישט מיט פּינקען, מיט שרפה. ער האָט געוואָלט געפינען דעם וועג צו יענער שאָפּע, וווּ עס איז געבליבן דאָס בלאָנדע קינדעלע. און ווי יענע נאַכט, אויך איצט — האָט געגעסן זיינע אויגן אַ סאַדזע־געשטאַנק.

האָט ער זיך געלאָזט איבער פעלדער, איבער הרוגים.

פאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אין אַ שטעטל נעבן פּינסק, לוניניעץ.

צומאָרגנס פאַרנאַכט האָט זיך געעפנט די רוסישע גרענעץ, האָט זיך געהערט אַ טאַנקן־גערויש, וועלכער צעהילכט האָט דעם שטעטלשן ברוק — — —

— — — טראַאאאַך! די מלחמה האָט זיך געענדיקט...

...פּוילן איז פאַרלוירן — — —

# איטשע דעם סופרס

אינדעראמתן, איז דער טאַטע קיין סופר נישט געווען, נישט געש־
שריבן קיין ספרי־תורהס אין געסל. גערופן האָט מען אים בלויז מיטן נאָ־
מען „סופר", עלעהיי מען רופט איינעם אַ שלימזל מיטן נאָמען „מלמד".
גיכער' האָט זיך געפּאַסט, אַז מען זאָל דעם זון קריינען, ווי — איטשע
דעם שלימזלס, אָדער — איטשע דער שלימזל אַליין. באַליבט איז אָבער
געבליבן אין געסל דער „סופר" און דאָס — צוליב אַ מעשה שהיה: דעם
טאַטנס שווער', דער מאַמעס טאַטע — איטשעס זיידע — איז געווען אַ
ייד אַן איסטניס, אַן איידעלער ייד געווען — אַזוי האָט דערציילט אי־
טשעס מאַמע אין געסל — און פּרנסה איז געווען בדוחק און צו סטאָלע־
ריי האָט ער מער קיין כוחות נישט געהאַט — האָט ער זיך גענומען לער־
נען סופריי. אַן איידל פאַך. אַ בכבודיקע פּרנסה. נאָר, ווי עס האָט זיך
אַרויסגעוויזן, איז נישט געווען דערביי דעם אַלמעכטיקנס רצון: ביי דעם
ערב־סופר האָט גענומען, לא־עלינו, ציטערן אַ האַנט — און דווקא די
רעכטע, אַזוי, אַז די אַרומגעשניצטע פּען איז געבליבן פאַריתומט אויפן
פענצטער; דעם פאַרמעט האָבן די באַלעבאַטים צוריק צוגענומען. אָבער
דער טאַטע אירער, עליו־השלום, איז געווען, חוץ אַן איידעלער ייד, אויך
אַן עקשן — און ער איז נפטר געוואָרן אין שטעטל מיטן נאָמען: „סופר".
אַזוי האָט ער זיך געהייסן רופן. און אויך האָט ער איבערגעלאָזט אַ
צוואה דער טאָכטער, אַז חתונה האָבן זאָל זי דווקא צו אַ סופר און דווקא
צו אַזעלכן, וואָס זאָל ראוי זיין אַראָפּצונעמען דעם פּגם, וואָס דער באַ־
שעפער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין משפחה. יאָ. דער אַלטיטשקער האָט
זיך געפילט שטאַרק געקריוודעט, וואָס זיין האַנט — נישט מיר, נישט
דיר — האָט גענומען ציטערן. אַ ייד אַ גבר געווען. נישט מיד געוואָרן צו
פירן מיטן רובאנעק איבער די בוקאָווע ברעטער. און אַז ער איז עלטער

געוואָרן. און אַז ער איז שוואַכער געוואָרן. — פאַרוואָס איז אים געקו־מען אַזאַ שטראָף?

דאָס מאָל איז רבקה געווען אויפן טאַטנס צד און — אַ צולהכעיס דעם רבונו־של־עולם — גענומען זוכן אַ חתן, וואָס זאָל דווקא ראוי זיין צו פאַרנעמען זיך מיט שרייבן ספרי־תורהס. קיין יפת־תואר איז רבקה נישט געווען, דערפאַר — אַ בריה, אַ מזג־טוב. שטעטלשע בחורים האָבן געוווסט דערפון. זיי האָבן אויך געוווסט, אַז דער טאַטע האָט זי איבער־געלאָזט אַ קבצנטע. ווי־זשע קאָן מען זיך משדך זיין מיט אַזוינס? בלויז דער הויכער לייזער האָט אָוועקגעקוקט. נישקשה. מאן דיהיב חיי... ווער עס גיט לעבן, דער גיט צום לעבן.

די חופה איז געשטעלט געוואָרן אין וואַרשע. לאַנג האָט רבקה אַרויפגעקוקט צו איר לייזערן, געפּאָרשט זיינע גראָע אויגן, זיין באַפּוכטע גאָמבע, געוואָלט פון דאָרט אַראָפּלייענען, — צי געגנאַרט ער זי? אַרויס־געקומען איז טאַקע, אַז לייזער איז נישט מסוגל צו שרייבן ספרי־תורהס; אַז ער' איז נישט מסוגל בכלל צו גאָרנישט. נאָר גטן זיך מיטן מאַן האָט אויך נישט קיין זין. בפרט, אַז איטשע איז שוין געקומען אויף דער וועלט. איז געבליבן: לייזער וועט זיך פאַרנעמען מיט גלעזעריי און דעם זון וועט מען מחנך זיין מיטן דרך־הישר, ס׳הייסט, מיטן זעלביקן דרך, וואָס דער זיידע האָט אָנגעצייכנט. און כאָטש עס איז נאָך געווען לאַנג צו וואַרטן, ביז איטשע וועט זיין ביכולת צו נעמען אַ פען אין האַנט, דאָך האָט רבקה נישט פאַרגעסן די צוואה פון איר טאַטן, זיך געהאַלטן ביי דעם יחוס — אַז דער טאַטע אירער איז געווען אַ סופר, דער מאַן איז אַ סופר און אי־טשע וועט, אם ירצה השם, אויך אויפוואַקסן אַ סופר.

האָט מען איטשען גערופן אין געסל — איטשע דעם סופרס.

אַרויסגעקומען און גענומען וואַקסן אויף דער וועלט, איז ער, אי־טשע, פונקט דאַן, ווען דער ציטאַדעל האָט אויפגעריסן אַרום וואַרשע. געווען איז דאָס אַן אָנזאָג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. און פאַר־געקומען איז דאָס אינעם פערצנטן יאָר. חושך איז געוואָרן אין געסל. אַ חשכות האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט איבערן שטיבל. אַלץ — די דיקטע־נע שאַנק, די דעמבענע בעטן, דער מאַסיווער טיש און די פענצטער־

ראַמען — אַלץ האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט. אַזוי שטאַרק איז געווען דער אויפרייס. און געגומען האָט זיך דאָס דערפון — אַזוי האָט מען דער־ציילט — וואָס די פּאַלאַקן האָבן אונטערגעצונדן דעם פּולווער, וואָס האָט זיך געפונען אינעם רוסישן ציטאַדעל.

לייזערן איז דאַן נישט געווען קיין נפקא־מינה, ווער עס האָט אויפ־געריסן דעם ציטאַדעל. דער עיקר — ביי אים זענען צעפּיצלט געוואָרן די שויבן, זענען אַרויסגעפאַלן די פענצטער. און דער ווינטער רוקט־אָן. און דאָס קינד קאָן זיך נאָך, חלילה, פאַרקילן. דאַן איז רבקה געפאַלן אויפן שכל: אויב זענען ביי איר אין שטוב אַרויסגעפאַלן די פענצטער־שויבן, זענען זיי דאָך אַנדערש־ווו אויך אַרויסגעפאַלן. און איר לייזער איז דאָך אַ גלעזער! איז, גלייך, ליכטיק געוואָרן אין שטיבל, אַ ליכטיקייט, וואָס האָט געגומען שטראָמען פון מאַן־ווייבס אויגן.

לייזער, אַן אָנגעהאָנגענער מיט זיין קעסטל גלאָז אויף דער הויכער פּלייצע, האָט אַרומגעשפּאַנט פון הויף צו הויף, געקערט זיין באַרשטן־בערדל איבער הויכע שטאָקן:

— שאָאָאָבן! ש־אָ־אָ־אָ־בן!

נאָר וואָס איז אַרויסגעקומען פון דעם רופן, אַז לייזער איז אַהיימ־געקומען אַ מידער, אַ צעבראָכענער, אָן אַ גראָשן פאַר ווייב און קינד.

— ווו איז דאָס פּאַרדינסט? — האָט רבקה געשויבערט דאָס צע־פלאָשעטע שייטל אין שפּעטע נאַכט־שעהן.

לייזער איז געזעסן אַ פאַרכמורעטער אויף זיין בעט, נישט געענט־פערט. וואָס האָט ער דען געהאַט צו ענטפערן. אַז קיין געלט גיט מען אים נישט. אַז פאַר אַרומלאַטען אַ צעבראָכענע שויב באַקומט ער אַ טע־לער בוראַקעס, אַ טעלער קאַרטאָפל. זאָל ער דאָס אַהיימברענגען צום ווייב? זאָל ער דערמיט קאָרמען דעם קליינעם איטשע?

— אַז אַ נכפה האָבעך געדאַרפט האָבן נאָך דיר, איידער כ׳האָב דעך דערקענט! — בייזערט זיך רבקה, בייזערט זיך, שרייט, וועקט־אי־בער איטשען פון זיין שלאָף.

נאָר לייזער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט העלפן. און גאָרנישט גע־קאָנט העלפן האָט ער זיך דאַן, ווען די דייטשן האָבן אים אַוועקגענומען

פון געסל, אים, צוזאַמען מיט אַנדערע ווי ער, אָוועקגעפירט ערגעץ אין ווייטע מקומות.

**
*

אַן אַלט חפץ, אַז מען פוצט עס אַמאָל אַרום, קערט זיך אום דערויף אַ צייכן פון פאַרשווונדענעם גלאַנץ. ווען רבקהס פנים און אויסזען, איז שווער דאָס צו זאָגן. וויפיל זי האָט זיך נישט באַמיט צו פאַרשטעקן די אַפערפאַלנדיקע שייטל־צויטן אונטערן נאַקעטן קאָפּ, צו פאַרקנייטשן דאָס געלע פנים אין אַ שמייכל, צו אויפהערן שעלטן איר תלמוד־תורה־בחור — אַלץ חושכדיקער איז געוואָרן איר אַרום. צו וואָס זי האָט זיך צוגע־רירט, איז עס געפאַלן פון אירע הענט. און אַלץ, וואָס זי האָט געזען איבריק אין שטוב, איז עס געווען — איטשע דער תלמוד־תורה־בחור. וואָס זאָל זי טאָן מיטן זון? אַז וואַקסן וואַקסט ער אַ באַיאַן. איז נישט פּעאיק אַ קאַץ דעם עק צו פאַרבינדן. און זיין יידישקייט? אויסגיין זאָל׳ס צום קאָפּ פונעם דייטש, וואָס האָט אָוועקגעשלעפּט איר פּרנסה־געבער, וואָס האָט זי געמאַכט פאַר אַ וויסטער עגונה! קאָן זי, דער צעבראָכענער שאַרבן, שפּייזן אַ בר־מצווה־בחור, צאָלן דירה־געלט? און פון וואָס? פון די עטלעכע הערינג, פון די עטלעכע ברויטן, וואָס זי טראָגט־אַרום צו באַ־לעבאָסטעס אויף באָרג?

— הערסט, איטשע — האָט זי איינמאָל אָוועקגעשטעלט דעם זון נעבן זיך — הער...

נאָר געזאָגט האָט זי דאַן גאָרנישט. זי האָט פּלוצלינג דערזען איר לייזערן: זיינע גראָע אויגן, זיין תמוואטע פנים און אויערן, שטענדיק רויטע, שטענדיק אויסגעשלאָפענע. לייזער, ווו ביזטו? און אָט, שטייט ער נעבן איר. זי וואָלט זיך שוין זיכער געהאַט מיט אים געגט. זי וואָלט נישט געהאַט קיין כוח צו דערשלעפּן אויף זיך אַזאַ שווערן עול. דאָך, וויל זי איצט וויסן, צי לייזער לעבט, צי זי האָט נאָך אַ מאַן אויף דער וועלט. און וויי־וויי, וויפיל יאָרן עס זענען שוין אַוועק פון דאַן — יאָרן פון וואַל־גערן זיך איבער מיסט־קאַסטנס, פון אויסגעריסן ווערן ביי וואַשן פרעמ־דע פאַדלאָגעס. און אַלץ — מיט איטשען ביי דער זייט. קוים דערלעבט,

ער זאָל שוין נעמען גיין אין תלמוד־תורה, זאָל שוין נעמען גיין אויף אייגענע פיס. און איצט — ווו שיקט מען אַוועק ס׳קינד? ווי שיידט מען זיך מיט אַ בן־יחיד? נאָר אַוועקשיקן אים מוז זי, איטשען. זאָל ער פאָרן אין ישיבה אַריין, זאָל ער עסן „טעג״. דאָרט וועט ער וואַקסן אַ ייד, דאָרט וועט מען אים פאַנאַנדערוואָרפן הענט און פיס. און דאַן וועט אַ פּוסט־קייט אַריינדרינגען אין איר ענגן שטיבל, אַן אויסגעליידיקטקייט, וואָס וועט גאָרנישט האָבן אין זיך פון איר טאַטן, פון איר טאַטנס צוואה. איצט הערט זי כאָטש אין געסל, ווי מען רופט איר זון — איטשע דעם סופרס. און דאַן — וואָס?

אַ דינער, אַ שפּענדלדיקער, האָט איטשע אַרומגעשפּאַנט איבערן געסל, באַטאַפּט, מיט זיין מידן בליק, די גוסלדיקע מיידלעך, געשלעפּט אויף זיין פּויסטן־פּנימל אַ חודש נאָך אַ חודש, באַלייגט זיין ביינערדיקע פּלייצע אַ יאָר נאָך אַ יאָר. שטענדיק איז ער געווען הונגעריק, איטשע, שטענדיק — נישט־אויסגעשלאָפן — איטשע דעם סופרס. אַ פאַרחלומ־טער געווען, אַ רחמנות געווען אויף אים. אַ לעבעדיקער יתום. זיין גאַנ־צער געשטעל, אַלץ אויף אים — אַ וויאַטראַק: אָט, טוט ער זיך אַ קער און נעמט פליען — צעפאַלט זיך און בלייבט — גאָרנישט. וואָס וויל מען פון אים? גוסלדיקע ווייבער טייטלען מיט פינגער:

— דעם סופרס בחור — אַ טויגעניכטס ווי דער טאַטע.

די מאַמע טרייסלט אירע הויטיקע באַקן:

— אַז אַ שטיין האָט געדאַרפט געבוירן אויף דיין אָרט.

און איטשע? — ער איז פאַרשוווּנדן פון געסל, זיין געביין האָט אויסגעטריקנט פון דער מאַמעס שטוב.

געווען איז דאָס אין די דרייסיקער:

אין וואַרשעווער קראַשינסקיס גאָרטן האָבן די גרעזער געגרינט אין אויפגייענדיקן פרילינג. דאָ און דאָרט — אַ צונויפגעטולעט פּאָרל אויף אַ באַנק, אַ שטיל שושקען נעבן אַ ביימל. אויף אַ שמאָל שטעגעלע, באַ־שאָטן מיט צעמאָלענע שטיינדלעך, סקריפּעט אויף־און אָפּ אַ יונג פּאָרל. ווו אַ קער — צעגאָסענע זון, צעבלאָטער הימל.

— וועןזשע גייען מיר?

—ווען אַלץ וועט זיין פאַרטיק.

— ווען וועט אַלץ זיין פאַרטיק?

שטיל.

עס רוקט־אָן דער פאַרנאַכט. איבער די גרעזער אין גאָרטן נעמט זיך שפּרייטן אַ בלאָ־גראָער נעפּל. וואָלקנדיק ווערט דער אַרום. נעפּלדיק ווערט אינעם פּאָרלס אויגן.

— ווען קומען זיי?

— פאַרוואָס זעט מען זיי נישט?

ביידנס בליקן זענען אָנגעשפּיצט צום אַריינגאַנג אין גאָרטן. ביידע — קרוב צו די פּערציקער.

— היינט מוז עס געשען.

— אומבאַדינגט היינט.

פונדערווייטנס האָט זיך דערזען אַן איילִיקער שאָטן, געשוועבט פאַרביי גרעזער, פאַרביי ביימלעך. און איצט איז עס געשען. איצט — אויף שטענדיק.

**
*

דאָס ערשטע מאָל וואָס איטשע האָט זיך באַגעגנט מיט זיין מיידל — יענער אָוונט איז געווען פאַר אים, דעם דאָרשטיקן, אַן אָוונט פון קוואַליקייט, פון לעשן דעם דאָרשט. ביי די זיבעצן יאָר האָט ער דער־פילט די הנאה פון דער וועלט. ס׳איז באמת כדאי צו לעבן. און וואָס האָט דאַן געהייסן פאַר אים וועלט? קוקן אין זיין מיידלס אויגן, ציילן די האָר אויף אירע ברעמען. אַזוי טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט. איטשע איז שוין אַ דערוואקסענער. דער מאַמע האָט ער געזאָגט, אַז ר׳פּאָרט אין ישיבה. זאָל זי אים יאָ גלייבן, זאָל זי אים נישט גלייבן. ער קאָן זיך שוין זיין שטעטל אַליין באַשטיין. אויך ס׳מיידל האָט מסכים געווען, איז גרייט געווען אויף אַלץ. ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַנטלויפן זיי פונדערהיים, אַנטלויפן און לעבן צוזאַמען. איטשע האָט געפילט דער מאַ־מעס בליק אויף זיך. ער איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שומר מיט אַ ביקס. וואָלט די מאַמע געוווסט, אַז איטשע האָט אַרומגעשוירן די פאות, גע־

לאָזט וואַקסן אַ געדיכטע טשופּרינע; וואָלט מען ביים מיידל אין שטוב געוווּסט, מיט וועמען זי שפּאַנט אַרום אין די נעכט — דאַן וואָלט מען פאַרעקט זייערביידנס לעבן.

איצט פילן זיי זיך אויפגעבונדן, איצט זענען זיי ביינאַנדער — —

איטשע ווייס נישט געווי צו דערציילן, וואָס אין יענער נאַכט איז פאָרגעקומען. ער געדענקט בלויז:

אַ שווערער וועג געווען. וואַלד־איין, וואַלד־אויס. פאַרדרייטע בוים־שטאַמען האָבן געפלאָנטערט אַרום די פיס, געריסן די קני צו דער ערד, געבראָכן דעם גוף. אַ שווער העשען האָט זיך געטראָגן פון זיין מיידל. דאַן האָט ער פאַרלוירן דעם וועג. דאַן האָט אים אַ זעלנער אַוועקגעפירט אין תפיסה. וואָס האָט ער אַלץ נישט געזען אין תפיסה? איטשע שעמט זיך צו דערציילן. חדשים איז ער דאָרט געזעסן. איצט איז אַלץ פאַרלוירן. ווו זאָל ער זיך ווענדן? אויף אַ בוידעם־שטיבל שטייט זיין בעטל, איבערגע־דעקט מיט אַ געלעכערטער קאָלדרע. איטשע וואַרט אויף עפּעס. אַזוי קאָן עס נישט גיין ווייטער. אינעם שטעטל, ווו ער געפינט זיך איצט, האָט דער ווינטער פאַרלייגט אַלע וועגן. אין דעם שטעטל האָבן אַמאָל געלעבט טאַטע־מאַמע. איצט לערנט זיך דאָ זייער זון סטאָלעריי.

ג.יינצן־ניין־און־דרייסיק.

איטשע פילט די ערשטע טריט פון זיין נע־ונד. אין דער שטוב, ווו עס שטייט זיין בעטל, האָט אים דער באַלעבאָס שוין עטלעכע מאָל געפרעגט, ווי מ׳האָט גערופן דעם טאַטן זיינעם. איטשע האָט זיך געקווענקלט צו דערציילן. אין דעם שטעטל האָט ער זיך באַזעצט, כדי צו הערן וועגן דער מאַמע זיינער, צו הערן וועגן דעם פאַרשווונדן פונעם טאַטן זיינעם. וועגן זיך וויל ער נישט דערציילן. אין געהיים האָט ער אַוועקגעשריבן אַ בריוועלע אויף דער מאַמעס אַדרעס, אַז ער, דער זון אירער, לעבט. אונ־טערגעשריבן האָט ער אַ פאַלשן נאָמען. איצט דריקט אויף אים דער באַ־לעבאָס:

— צוויי טראָפּנס ווי דער הויכער לייזער...

שטעטלשע יידן, איצט שוין אין די פופציקער, געדענקען זייער ליי־זערן, ווי ער האָט אויסגעקוקט איבער די צוואַנציק. טייל זענען פאָטאָ־

גראַפירט צוזאַמען מיט אים — אַ דאַרער, אַ שפּענדלדיקער, בלויז ביין. אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ טוכן היטעלע. די אויגן — איטשעס אויגן. ווי קאָן מען אָפּלייקענען די אייגענע אויגן, וואָס קוקן אַנטקעגן פון טיש?

וואַרעמער באָרשט און צעריבענע קאַרטאָפל האָבן געפּאַרעט אונ־טערן פאַרסאַזעטן קיכל. שטעטלשע פאַרהאַוועטקייט האָט אַרויפגעטריבן איטשען, זיין באַלעבאָס, פון וואַרשטאַט צום בוידעם־שטיבל. דעם צווייטן חודש, וואָס דער בחור זיצט ביים סטאָלער. ביים ערשטן בליק האָט דער באַלעבאָס געזען, אַז דער בחור וועט וועלן אַרבעטן, אַז איטשע וועט נישט זיין קיין אַרומלויפער, אַז דאָס ביסל עסן און בעטל, וואָס ער וועט אים געבן, וועט נישט זיין אַרויסגעוואָרפן.

מעליקע קאַרטאָפל, באַברוינט מיט ציבעלע, רויטער באָרשט, באַ־פינטלט מיט אויגן — נחתדיקע גליסטעניש צעגייט זיך איבער די ביי־נער. און וואָס מאַכט די מאַמע? שוין פיל מאָל אַ שמעק געטאָן דאָ, אַ שמעק געטאָן דאָרט — און גאָרנישט. שטעטל האָט זיך אייגענע דאגות. פאַרפאַלן. וועט איטשע מוזן דערציילן זיין אָפּשטאַם, וועט מוזן נעמען צוהילף דעם באַלעבאָס זיינעם.

— טאַטע, זע־נאָר ווי דאָס שפּילט זיך מיטן לעפל — האָט אַ רויט־באַקיקע מויד, פון קעגנאיבערן טיש, צעטרייסלט די פאַרזעגעכצטע קוד־לעס אויפן קאָפּ.

דער סטאָלער האָט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף איטשעס טעלער:

— וואָס ביזטו געבליבן פאַרשטעקט מיטן לעפל אין די קאַרטאָפּ־לעס?

איטשע האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן — לייזערס אויגן.

— הערסט, נעכע, דו האָסט דאָך אים נישט געקענט, ס'איז דאָך נישט פאַר דיינע יאָרן; נאָר ווען דו וואָלסט אים געקענט, לייזערן מיין איך, וואָלסטו אויך געזאָגט, אַז דאָ זיצט ער...

— ווייז נאָר, טאַטע, די פאָטאָגראַפיע — האָט נעכע אַ הייב גע־טאָן איבערן טיש אירע צוואַנציק יאָר — ווייז אָקאָרשט.

איצט האָבן זיך אַלע דריי איבערגעקוקט. איצט זענען ביי אַלעמען פאַרשטעקט געבליבן די לעפל אין די טעלערס.

— מיך רופט מען איטשע דעם סופרס.
— דעם אַלטן סופרס אייניקל?
— לייזער סופרס זון.
— דערלאַנג, נעכע, שנעלער צום טיש, דערלאַנג ס'פלייש, דער־לאַנג...

צו דער אַרבעט איז מען שוין נישט אַראָפּגעגאַנגען. איצט האָט מען אַריינגעפירט איטשען אינעם צווייטן צימער. איצט האָט נעכע געהאַלטן פאַרוויקלט אירס אַ האַנט אַרום דעם בחורס האַלז.

אויסגעקרוממטע, פאַציאַטעדיקע ווענט זענען געווען באַקלעפּט מיט משפחה־פאָטאָגראַפיעס, מיט חברים־פאָטאָגראַפיעס. אויפן בלעכענעם דאַך־שיפּוע, אונטערן פענצטער, האָט זיך געבלאָט אַ שניי־קופּקע אינעם אָנקומענדיקן אָוונט. שוויס־טראָפּנס האָבן געקלעפּט אויפן באַקאַלעכטן סופיט, זיך געבלעזלט, אַראָפּגעפאַלן אַרום דעם צעפלאַקערטן אייוועלע. דעם סטאָלערס פּנים, פאַרמאַזאָלעטע הענט — אַלץ אויף אים האָט זיך באַוועגט, ווען ער האָט פאַרגעשטעלט איטשען זיין משפחה און פריינט.

— און דער־אָ, נאַ, קוק אים אָן, זעסט?

יאָ. איטשע זעט אויף אַ פאָטאָגראַפיע איינעם אין אַ זעלנערישן שי־נעל, מיט אַ קיילעכדיק היטל, אָן אַ דאַשעק, אויפן קאָפּ.

— דאָס איז לייזער רבקהס! — האָט זיך נעכע נישט געקאָנט דער־וואַרטן און אויסגעפּלאַצט מיט דער בשורה.

— דיין טאַטע — האָט דער סטאָלער צוגעטרייסלט מיטן צעשווי־בערטן בערדל.

צי איטשע האָט געמאַכט אָן אָנשטעל אַזאַ, אָדער עס איז באמת גע־וואָרן ערנסט, דער עיקר — נעכע האָט אַרויסגעלאָזט אַ הויכן קוויטש, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן, אַז אימעצער אין שטוב איז אַוועקגע־פאַלן חלשות. גלייך איז מען פון שטעטל געקומען צו לויפן אויפן וווּנ־דער.

דערנאָך האָט דער סטאָלער באַרויקט די טאָכטער:

— שווייג, נעכע, לאָז רעדן; דו האָסט דאָך לייזערן נישט געקענט; ווען די רוסן האָבן אים גענומען אין פלען, ביזטו נאָך אויף דער וועלט נישט געווען.

און צו איטשען:

— נו, שוין, עולם, צ׳זעט דאָך סאַראַ פּנים ער האָט; צעגייטצעך: איטשע! איטשע דעם סופרס!

איטשע האָט געעפנט די אויגן. אויף זיינע באַקן האָט ער געפילט די גליאיקע הענט פון נעכען; געפילט יענעם אָוונט, ווען ר׳האָט זיך ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט מיט זיין וואַרשעווער מיידל.

— צ׳דאַרפטצעך פרייען — האָט אים נעכע געווישט איבערן שטערן און דער טאַטע האָט דערציילט: מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק איז אָנגעקומען אין שטעטל די פאָטאָגראַפיע; איך האָב זי באַהאַלטן, ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר פאָרגעזאָגט, אַז דו וועסט קומען דאָ אַהער. אין אַ בריוועלע, וואָס כ׳האָב אַוועקגעשיקט דער מאַמע, שרייבט לייזער, אַז ר׳איז געזונט און אַז ער בעט „אויפצובינדן" רבקהן. אויך האָט ער געהייסן דיך קושן. ווילסט דאָך זיכער וויסן זיין אַדרעס? אָט, האָב איך אים פאַרצייכנט: „באַטורינסק, נעבן יעמאַנזשעלינסקאָיע, ראַזורעז נומער 3". זיכער אין סיביר ערגעץ, פאַרשטייסט...

— יאָ, איצט פאַרשטיי איך שוין — האָט איטשעס פּנים געהאַט די פאַרב אי פון אַ ציטרין און אי פון אַ פּאָמעראַנץ — ס׳הייסט, אַז דער דייטש האָט גענומען דעם טאַטן אין מיליטער און דער רוס האָט אים גענומען אין פּלען.

— אַלץ איינס איז דיר, איטשע, דאָס איז עס און פאַרטיק.

— אָבער איך בין נאָך נישט פאַרטיק, ווייל פאַרשטייט איטץ מיך, ווי אַ רוח־הנבואה וואָלט מיך געפירט, האָב איך געפרוווט שוואַרצן די גרענעץ, געוואָלט קומען אַהין אין יענע מקומות... איז געווען אַ שווערער וועג, אַ שווערע נאַכט... און מ׳האָט מיך אַריינגעפּאַקט אין תפיסה...

דאָס קנייטל האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן אינעם נאַפט־לעמפּל. ביים שיין פון אויפפלאַקערנדיקע העלצלעך, איז מען נאָך געזעסן אַרום איי־וועלע, געזעסן ביז אין דער שפּעטער נאַכט. דערנאָך האָט נעכע איבערגעטראָגן איטשעס בעטל פונעם בוידעם־שטיבל, עס אַוועקגעשטעלט נעבן קיכל, באַדעקט מיט אַ וואַטאָווער קאָלדרע, מיט אַ הויך קישן צוקאָפּנס.

איטשע האָט דערפילט היימישע צערטלעכקייט, וואָס איז געקומען פון זיין איצטיקן נאָענטן מיידל. — — —

— — — צו דער חופּה איז אַראָפּגעקומען רבקה, אַראָפּגעקומען אויך עטלעכע געסל־שכנטעס. אַלע צוזאַמען האָבן באַוווּנדערט דאָס יונגע ווייבל, נעכטן און אַלע צוזאַמען האָבן באַוווּנדערט איטשען:

— צ'זעט, שכנטעס קרויןן, וואָס פון איטשע סופרס איז געוואָרן!

**
*

יאָ, פון איטשע דעם סופרס איז געוואָרן אַ סאָלדאַט אין דער פּוילישער אַרמיי.

דאָס איז געווען סוף ניין־און־דרייסיקער. אַלץ איז אַוועק קיין לעמבערג. בלויז איטשע און נאָך אַזעלכע ווי ער, זענען אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי — שלאָגן דעם שונא, פאַרטרייבן דעם דייטש. אַ טאָפּלטע שנאה האָט איטשע געפילט צום דייטש — אי דערפאַר, וואָס ער האָט אים צוגענומען דעם טאַטן אינעם פערצנטן יאָר און אי דערפאַר, וואָס דעם דייטשס פירער הייסט היטלער. איצט וועט איטשע נעמען נקמה. יאָ, ער מוז...

...איטשע האָט די מלחמה פאַרשפּילט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּוילישער אַרמיי. אַז איטשען גייט נאָך דער שלימזל אויף אַלע זיינע וועגן. איצט וואָס זאָל ער טאָן? אין לעמבערג זענען די דייטשן, הינטער לעמבערג — די רוסן. איטשעס פּוילישע קאָמפּאַניע, צוזאַמען מיט אים, ליגט אין אַ וועלדל — צווישן ביידע אַרמייען. ס'איז שפּעטער אָוונט. סנאַריאַדן רייסן איבער די קעפּ. פון וועלכן צד קומען זיי, די אויפרייסן?

צומאָרגנס, נאָך האַלבן טאָג, האָט זיך אויפגעקלערט דער טעות, וואָס היטלערס סאָלדאַטן האָבן געמאַכט; זיי האָבן אָפּגעטרעטן לעמבערג פאַר דער רויטער אַרמיי. און די פּוילישע קאָמפּאַניע, וואָס איז פאַרבליבן אין וועלדל, האָט זיך איבערגעגעבן די רוסן אין פּלען.

עפּעס אַריבער די דריי וואָכן איז איטשע געווען סאָלדאַט, זיך געשלאָגן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. געבליבן איז ער בלויז ביי אַ

פיר־שפּיציק היטל, אַ צעפּלאָשעטן שינעל און צוויי שווערע, באַטשוועק־טע זעלנערישע שיך. דאָס אַלץ.

און מיט דעם אַלץ האָט זיך איטשע דערזען, אין עטלעכע חדשים ארום, ערגעץ אויף אַ וויסטן סטעפּ, ווו קיין מענטשס פוס האָט נישט געטרעטן מבראשית אָן.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער אַפילו נישט געהאַט ווען צו מראַכטן, מכוח זיין איבערגעלאָזטער היים, מכוח זיין יונג ווייבל און דער מאַמע, וואָס איז פאַרבליבן ביים שווער אין שטוב. איצט איז אַלץ פאַר־לוירן. איין טרייסט איז נאָר איבערגעבליבן איטשען: דעם טאַטנס אַד־רעס, וואָס האָט זיך אים איינגעקריצט אין זכרון. וועט ער געפינען דעם טאַטן, ווען ר׳האָט בכלל נישט געקענט? וועט ער געפינען דאָס דאָרף באַטורינסק, וואָס ליגט ערגעץ אין סיביר?

איבער זיין בעטל, אינעם באַראַק, איז געהאַנגען דעם טאַטנס פאָ־טאָגראַפיע. איטשע האָט אויף איר געקוקט עטלעכע מאָל במשך טאָג. דער חודש איז מערץ. שוואַמיק איז די ערד. פון אונטער שניי־הויפנס קוקן אַפער פאָלין־קעפּלעך, שמעקן צום ווינטער: האָט ער בדעה נאָכצו־לאָזן דעם פראָסט?

**
*

דער „דריטער ראַזרעז״ ליגט נאָנט צו דער טשעליאַבינסקער באַן־סטאַציע. דאָס איז אַן אָפענע שאַכט, פון וועלכער מ׳גראָבט קוילן מיט אַן עקסקאַוואַטאָר. עס איז אָבער דאָ בשכנות אויך אַ פאַרמאַכטע שאַכט — נישט קיין שטאַרק טיפע — ווו שאַכטיאָרן לאָזן זיך אַראָפּ, גראָבן דאָרט קוילן מיט זייערע גראָב־אייזנס. ספּעציעל זענען די אַרבעטער אין דער צווייטער שאַכט פאַרנומען מיט אויספּאָמפּען דאָס וואַסער, וואָס געפינט זיך אין ערד־טיפענישן און וואָס דראָט צו פאַרגיסן דעם „ראַז־רעז״. נעבן דער קאַנטאָר איז אויך דאָ אַ „סושאלקע״. דאָרט טריקענען די שאַכטיאָרן זייערע גומי־מלבושים, נאָכן אַרויסקומען פון די אונטער־ערדן. דאָרט, אינעם טריקן־צימערל, זיצט אויף לאַזאַר, זיצט מיט אַ לאַנ־

גער דראַטווע אין האַנט, נייט שיך, נייט שטיוול, נייט צעריסענע מל־בושים.

ווי לאַנג געפינט זיך שוין לאַזאַר אויפן „דריטן ראַזרעז״? זיכער אַזוי לאַנג, ווי סיביר ליגט אויף דער וועלט. און אפשר — נאָך לענגער... סיביר! דאָס וואָרט שרעקט דעם אַלטן לאַזאַר. דערפאַר האָט ער געזוכט אַ וואַרעם ווינקל. דערפאַר איז ער געקומען אויף דער גרענעץ פון סיביר, זיך באַזעצט אין אוראַל — זיך באַזעצט אין דער וואַרעמער „סושאַלקע״, נייט שיך. אַלע דאָ ווייסן, אַז לאַזאַר איז אַ ייד. אויך ער באַהאַלט עס נישט. דאָס דערקענט מען אָן זיין לאַנגן, דאַרן גוף, אָן זיין אַרומגעשוירן בערדל. לאַזאַר רעדט ווייניק. ווען ער זיצט אַליין אויף זיין קליינעם בענקעלע, שעפּטשעט ער מיט די ליפּן. וואָס ער שעפּטשעט איז שווער צו וויסן. דער עיקר — דער אַלטער לאַזאַר — פאַר די דרייסיק יאָר, וואָס ער געפינט זיך אין רוסלאַנד, איז ער אַ פרעמדער צווישן אייגענע און אַ פרעמדער אויך געווען דאַן, ווען די כוחות האָבן אים געדינט, ווען ער האָט איבערגעיאָגט זיינע חברים אין די שאַכטן. אַ שווייגער געווען. איז אין דעם שווייגן געלעגן עפּעס סודותדיקס, עפּעס — וואָס מען דאַרף האָבן כוח עס אַרויסצוברענגען. פאַר זיינע קרוב זעכציקער, האָט דער אַלטער, געוועזענער שאַכטיאָר איבער צען יאָר אַרויסגעוואָרפן פיל טאָנעס קוילן פון די שאַכטן, פיל קאַפּיטלעך תהילים אויסגעמורמלט ביים אַרויספּאָמפּען וואַסער פון די שאַכטן. איצט פילט ער זיך שוין אָן כוחות. איצט...

— לאַסאַר? יאָ. לאַסאַר איז דאָ. גיי אַריין.

דער אַלטער האָט אונטערגעהויבן זיין בערדל פון די גומענע שטיוול, פאַרשטעקט די דראַטווע צווישן באָרד און וואָנסע, פאַרשטעקט זיין בליק צום הילצערנעם טירל.

— וואָס ביזטו שטיין געבליבן אויף דער שוועל? — האָט ער אַ קער געטאָן זיין בערדל פון לינקס אויף רעכטס — לאָז מיר נישט אַריין דעם פראָסט. ט׳האָסטו אַ בענקל.

ס׳ערשטע האָט ער באַטאַפּט, מיט זיינע מידע אויגן, דעם אַריינגעקומענעם שיך, דערנאָך אים, מיטן זעלביקן בליק אָפּגעמאָסטן ביז אי־

בערן קאָפּ. לאַזאַר האָט זיך געוווּנדערט: צו אים קומט מען נאָר מיט צע־ריסענע שיך און דער־אַ — זיינע שיך זענען ווערט אַ הון־רבֿ...

פונעם געהייצטן אויוון האָט זיך געטראָגן אַ פּאַרע, אויסגעמישט מיט שווייס, שווייס פון אַניטשעס, פון ברודיקע העמדער. אַרום די ווענט זענען געווען פּאַנאַנדערגעהאַנגען לאַנגע, גומענע שטיוול און אויפן סור־פּיט — ברעזענטענע רעקלעך פון די שאַכטיאָרן. וואַסער־טראָפּנס האָבן געקאַפּעט אויפן ליימענעם דיל.

דער אָריינגעקומענער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— אַ ייד? — האָט ער געוואָרפן אַ צעשראָקענעם בליק אויף לאַזאַרן.

— אַ ייד — האָט לאַזאַר געענטפערט, אַוועקלייגנדיק דעם שטיוול און גענומען אַריבערגיין אויף יידיש — פונוואַנען איז אַ ייד?

פון קאַפּייסק.

לאַזאַר האָט שוין לאַנג געהערט, אַז אינעם שכנותדיקן קאַפּייסק געפינען זיך יידן, אַרויסגעשיקטע פון פּוילן. שוין לאַנג האָט ער געוואָלט גיין אַהין. איז אָבער נישטאָ ווען. די אַרבעט נעמט־צו די גאַנצע צייט.

— איז וואָס טוען יידן אין קאַפּייסק?

ביי דעם אַריינגעקומענעם האָט זיך גענומען צונויפּציען די גע־רינצלטע הויט אויפן פּנים, האָט גענומען פּייכט ווערן ס׳העמד אויפן לייב. איז דאָס טאַקע דער טאַטע זיינער? האָט ער טאַקע דערגרייכט זיין ציל?

איטשעס אויסזען האָט איצט דערמאָנט אָן יענעם מלמד, וואָס קומט צום שטעטלשן נגיד לערנען אַ שיעור מיט זיין זונדל. איז דער נגיד נישט נערוועאיש? וועט ער אים אויסצאָלן שכר־לימוד?

איטשע, אין זיין לעבן, אין זיין טראַכטן, איז געבליבן — איטשע דעם סופרס. איצט זיצט ער אַנטקעגן איינעם, וואָס דאַרף זיין דער טאַ־טע זיינער; אַ טאַטע, וואָס ר׳האָט אים נישט געקענט, וואָס איז אַוועק פון אים, ווען ער איז געבוירן. ווי אַזוי זאָל ער זיך דערקענען צו אים?

דורכן פּאַראייזטן פענצטערל האָט אַריינגעבלאָזט דער אָנקומענדי־קער אָוונט. נאַכט־אַרבעט אין די שאַכטן. די טאָג־אַרבעט איז פאַרענדיקט. אויך האָט זיך פאַרענדיקט לאַזאַרס זיצן אין „סושאַלקע“. הייבט ער אונ־

טער זיין לאַנגן גוף און לאָזט זיך אַרויס איבערן אייזיק־שוואַמיקן פעלד. סוף אַפּריל נעמט יוירן די פּראָסטיקע ערד אויף אוראַל. ווייך ווערט דער טראָט אויף איר, ווייך און זומפּיק. בלויז אין די אָוונטן פאַרציט זיך נאָך אַ דין פּראָסטיק הייטל איבער די צעלאָזענע קאַלוזשעס, ווערט פאַרהאַר־טעוועט אין דער שפּעטער נאַכט און לאָזט־אויף אין מיטנטאָג, ביי זון־אויפשיין.

פּאָראויס שפּאַנט לאַזאַר, הינטער אים — איטשע. אויפן ברייטן וועג האָבן זיך ביידע אויסגעגלייכט.

— פון וואַנען, האָסטו געזאָגט, קומסטו?

— פון קאַפּייסק.

— ניין, כ׳מיין — פון פוילן?

— פון אַרום לעמבערג.

— אאא, לעמבערג קען איך. דאָרט געדינט ביים דייטש. און וואַר־שעווער געפינען זיך אויך ביי אייך?

יאָ...

מער האָבן ביידע נישט גערעדט. לאַזאַר איז אַריין צו זיך אין באַ־ראַק.

וואָס פאַראַ צופאַל! — האָט איטשע געטראַכט — נאָר אַן אצבע אלהים פירט אים, ווייזט אים דעם ריכטיקן וועג... מיט אַן ערך צען יאָר צוריק געפּרוווט און איצט איז עס געשען...

— זיץ — האָט לאַזאַר אָנגעוויזן איטשען אַ ברעג פון זיין בעטל — זיץ און דערצייל. אין אַ פרייען טאָג וועל איך זיך אַליין אַראָפּכאַפּן קיין קאַפּייסק, וועל איך אַ שמועס טאָן מיט אונדזערע יידן... אוי, ווי עס בענקט זיך... און דאָ איז מען פאַרקאָפּעט אַזוי טיף אין אדמה...

דער הילצערנער באַראַק איז געווען אויסגעפּילט מיט בעטלעך, מיט דומפּיקער היץ, וואָס האָט זיך געטראָגן פון פיר ליימענע אויוונס אין די ווינקלען. מיט אַ הילכיקן טראַסק, האָט לאַזאַר אַרויפגעוואָרפן זיין לאַנגן גוף אויפן אייזערנעם בעטל, אַ שלעפּ געטאָן איטשען נענטער צו זיך:

— איז פאַר וועלכע חטאים האָט מען דיך דאָ אַהער געבראַנגט?

— מיך האָט קיינער נישט אַהערגעברענגט; כ׳בין אַליין געקומען...
— דו ווילסט זאָגן, אַז די מלחמה האָט דיך אַהער געברענגט?
— ניין... אַליין...

איטשע האָט זיך געשראָקן אַרויסצוברענגען אַן איבריק וואָרט. טאָ־מער הערט מען אונטער... איז דאָך דאָס לאַנד אויסגעפּילט מיט אַזויפיל מוסרים...

אויך לאַזאַר האָט דאָס געפילט, געפילט אין זיינע אַלטע ביינער...

האָט ער זיך אויפגעזעצט, זיך אויפגעשטעלט, צוריק אַנידערגע־זעצט. זיין בליק האָט גענומען ווערן אומרואיק. עס שטערט אים דאָס עלעקטרישע ליכט. עס שטערן אים די אויגן, וואָס קוקן צו זיין ווינקל. וואָס האָט געוואָלט דער בחור פון אים? און וואָס וויל ער פון אים איצט? ער האָט נישט געשטערט איטשען זיין אַוועקקערן דעם קאָפּ, זיין באַ־האַלטן דעם גלאַנץ פון די אויגן. ווײַנט ער? האַלט ער אַ סוד אין זיך?

איטשע האָט זיך געשפּילט מיטן טאַטנס פאָטאָגראַפיע, געזוכט אַן אויסוועג פון דערקענען זיך צו אים, דערקענען — און נישט באַאומרו־איקן.

— עס האָט מיך אַ חבר געבעטן אויפצוזוכן דעם־אָ...

לאַזאַר האָט אַרויסגעכאַפּט די פאָטאָגראַפיע פונעם זונס הענט, איינ־געשטאָכן אין איר זיינע אויגן און אַ געשריי געטאָן:

— ברידער, שאַכטיאָרן!...

נאָך איידער די שאַכטיאָרן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן פון זייערע בעטלעך; נאָך איידער מ׳האָט אין באַראַק זיך דערוווּסט, וואָס עס איז געשען מיטן אַלטן לאַזאַר — האָט זיך איטשע אַ וואַלגער געטאָן אויפן טאַטן, אים גענומען, אומגעלומפּערט, דושען צו זיך. עס האָבן זיך אויפ־געהויבן קולות. געזונטע הענט, אײַנגעקלאַמערטע אין איטשעס דאַרן גופל, האָבן אים געוואָלט אָפּרייסן פון לאַזאַרן, זייער קאָלעגע, געמיינט, אַז אַ געשלעג קומט־פאָר אין זייער באַראַק...

אַ פאַרמאַטערטער, איז לאַזאַר געלעגן אויף זיין בעטל. איינגענור־רעט דעם קאָפּ אינעם שטרוי־קישעלע, האָט איטשע געהעשעט — צי פון פרייד, צי פון צער — — — — — — — — — — — — — — —

אַ לאַגער־באַראַק אין עסטרייך, הינטער לינץ — וועגשייד. צוויי צו־זאַמענגערוקטע בעטן. אויףביידע בעטן: איטשע דעם סופרס טולעט זיך צו זיין יונג ווייבל; דער אַלטער לייזער זיצט אַרומגענומען פון זיין יוגנט־פריינט, דעם שטעטלשן סטאָלער. פון צייט־צו־צייט רייסט איטשע אי־בער זיין דערציילן. אַלע זיפצן־אָפּ. אַ שווערע צייט. אַלעמען פאַרלוירן. געבליבן איז איטשע און זיין טאַטע, וועמען ר׳האָט געבראַנגט פון אור־ראַל. איצט דערציילט ער טאַקע זיין בע־ונד־געשיכטע. זיין יונג ווייבל הערט, וווּנדערט זיך. דער סטאָלער מאַכט אַלץ אַוועק מיט דער האַנט:

— אייער געשיכטע איז גאָרנישט אַנטקעגן אונדזער געשיכטע... צו ראַטעווען זיך פון היטלערן דאַרף מען קענען...

— דאָך — זאָגט דער אַלטער לייזער — האָט איטשע אויך באַ־וויזן העלדישקייט: צו ראַטעווען זיך און מיך פון יענער, פון דער סיבי־רער מגפה...

— זיכער — איז מסכים איטשעס ווייבל — פאַר איטשע דעם סופרס איז אַלץ העלדישקייט...

— מיר זענען אַלע העלדן — לאַכט איטשע זיין ווייבל אין פנים — אונדזער אַלעמענס געשיכטע, איז די געשיכטע פון דער געראַטע־וועטער שארית־הפליטה...

# אין פּוילישן וורעצלאַוו

מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, איז וואָלף געזעסן אויף זיין בעט, אַרויס־געקוקט דורכן פענצטער. ווי אַ בליק — פאַרשרפעטע הייזער. אַרומגע־זענקטע ביימער. צעגריבטע ערד. און אויף אַלעם — צעזונטער הימל, הענגענדיק אויף חשכותדיקער וועלט. קעגנאיבער, אויף יענער זייט חור־בות, צווישן די חורבות — זעלנער מיט מאַשין־ביקסן, מיט צעפּלאָשעטע טשופּרינעס, אַפּערקוקנדיקע פון אונטער גלאַנציקע דאַשקעס.

וואָלף האָט זיך איינגעגראָבן אין דער קאָלדרע, פאַרגראָבן דעם באַנ־דאַזשירטן קאָפּ אינעם קישן. וואָס וועט זיין? מיט עטלעכע טעג צוריק אַרויס פון שפּיטאָל, אַפּער פון אונטער דאָקטערס מעסער. איצט — ווידער?...

עס שטייט אים נאָך פאַר די אויגן יענער נאָכמיטאָג:

אַ זוניקער נאָכמיטאָג איז דאָס געווען. וואָלף איז אַראָפּ פון צוזאַ־מענוווינונג, אַרויס אויף דער גאַס. מחשבותן האָבן געעבבערט זיין מוח. היינט דאַרף ער אַוועק פונעם פּוילישן וורעצלאַוו, אַוועק איבער גרענעצן, איבער לענדער. נישט זיינע כוחות דאָס אַלץ דורכצומאַכן. ער מוז אָבער. פּוילן האָט נאָך נישט פאַרלאָשן די שרפה, וואָס זי האָט געהאָלפן אָנ־צינדן. עס רייכערן נאָך יידישע שטיבער. איבער יידישע קעפּ רייכערן נאָך ביקס־רערן אינעם פּוילישן סאָלדאַטס הענט. היינט אָוונט לאָזט זיך וואָלף פירן צו דער גרענעץ. און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיין. און עס איז געוואָרן — — —

— לאָזט מיך נישט איבער, חברה — האָט זיך וואָלף געבעטן אויפן אָפּעראַציע־טיש — גייט נישט אַוועק...

חברים האָבן צוזאַמענגעלייגט ס׳טראָג־בעטל, אויף וועלכן זיי האָבן אַוועקגעטראָגן דעם צעבלוטיקטן חבר, אַרויס פון אָפּעראַציע־שטוב מיט אַ

חידוש אין די אויגן: ווען און ווי אַזוי איז עס געשען? נאָר־וואָס אָפּגע־געסן מיטאָג צוזאַמען מיט אַלעמען; נאָר־וואָס הנאה געהאַט פון זיין הור־מאָן, פון זיין פריילעכקייט. און פלוצלינג — אַ געשריי, אַ טומל: וואָלף איז טויט; מ׳האָט וואָלפן דערהרגעט! אַ ווײַלע זענען בחורים געשטאַנען ביים איינגאַנג צו זייער וווינונג, געפּאַרשט די פרישע בלוט־פלעקן, וואָס האָבן געפאַרבט דעם טראָטואַר, געקוקט צום גאַס־אַרויספאָר, פון וואַנען ס׳איז אָנגעלאָפן דער אויטאָ. און דער שאָפער איז פאַרשווונדן! — האָבן חברה געביסן די פינגער, געבלוטיקט אויף די ליפּן. וואָלט מען אים כאָטש געכאַפּט, דעם רוצח...

— וואָס־זשע וואָלט געווען? וואָלט מען געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף אונדז אַלעמען...

אַלע זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז דער פּוילישער שאָפער ספּע־ציעל אַרויף אויפן טראָטואַר, נאָכגעיאָגט וואָלפן מיט זיין מאַשין, נאָכ־געיאָגט — כדי אים צו דערהרגענען. נישט אַנדערש. אַזעלכע זענען שוין די טעג איצט. פּאָלאַקן הרגענען יידן. מ׳מוז אויסגלייכן דעם חשבון. מיט וואָלפס קרבן איז דער חשבון נאָך נישט גלייך. מ׳דאַרף אַרויסנעמען יידן פון די צוגן, אַוועקשלעפּן אין די וועלדער...

גיינצן־זעקסן־פערציק אין פּוילן דער מדינה.

איצט געפינט זיך וואָלף צוריק אויף זיין בעטל. וואָס איז פאַר־געקומען פון דאַן, במשך די דריי חדשים, ביז איצט? נייע פנימער פילן־אויס די בעטלעך. יעדן אָוונט — אַ פּאַרטיע איז אַוועק צו דער גרע־נעץ, אַ צווייטע פּאַרטיע איז געקומען אין צוזאַמענוווינונג.

איצט ליגט וואָלף אויפן קישן, טאַפּט דעם באַנדאַזשירטן קאָפּ. וואָס־זשע וועט ווערן מיט אים, וואָלפן?

קוים אַפּערשלעפּנדיק די פיס, האָט ער זיי אַריבערגעוואָרפן איבערן בעט, אויסגעגלייכט פריער דעם רעכטן, דערנאָך דעם לינקן. אַ קנאַקן אי־נעם קני־ביין, האָט אים צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בעט, אויסגעמישט די פּאַרב פון זיין פנים מיט דער ווייסקייט פונעם באַנדאַזש. איצט איז אַלץ פאַרלוירן. אויב זענען פאַרנייט די לעכער אין קאָפּ, איז צעבראָכן דער

שלאָס פון דער לינקער קני. וואָלף איז אַ געפּטרטער. קאָן נישט אַ טראָט שטעלן. וועט זיך נישט קאָנען באַוועגן...

— זעט־נאָר, ס׳איז אַזוי הייס און ער ליגט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ!

— שאַ, ער איז דאָך אַ קראַנקער — האָט אַ בחור אַ נעם געטאָן ס׳אַריינגעקומענע מיידל בייביידע הענט.

— איז, אפשר דאַרף ער עפּעס?

— לאָז אים צורו — האָט דער בחור נאָכגעצויגן ס׳מיידל הינטער זיך און ביידע האָבן פאַרמאַכט לייכט די טיר.

אַ שטיל שושקען האָט געעגבערט וואָלפן אויפן מוח, אַ שושקען, אויסגעמישט מיט צאַפּלדיק געלעכטער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון קאָרידאָר. אין קאַלעמוטנע טעג ווילט זיך אויך הנאה האָבן פון לעבן, פון פריילעכע מינוטן צווישן אַ יונגן בחור און אַ יונג מיידל. בפרט, דער אָוונט האַלט אין צופאַלן. די בעטלער זענען איבערגעדעקט. בחורים און מיידלעך שפּאַצירן ערגעץ אין גאַס. האָט זיך דאָס פּאָרל צוריק אַריינגעשאַרט אין שטוב. ביידע — איין שטיק געוואַלגער אויפן בעט, בשכנות מיט וואָלפס.

און די טיר האָט זיך געעפנט:

— געפינט זיך אימעצער דאָ?

שטיל.

וואָלף דעקט־אָפּ ס׳פאַרטערטע פּנים. זיין אויסזען: נישט פון דרייסיק, נאָר — טיפע זקנה וואָלט געלעגן אין תכרוכים.

אין שטוב, אויף אַלץ — אָנרוקנדיקע נאַכט האָט געהאַלטן אין פאַרשלינגען דעם טאָגס העלקייט, אַרויסגעשטופּט דעם טאָג פון די שטובווינקלען, אים אַראָפּגעשאַרט פון די איבער צען בעטלעך און אים שטיין געלאָזט אויף וואָלפס באַנדאַזשן.

אַ שטיק ליכטיקייט.

— געפינט זיך דאָ אימעצער? — האָט מען געהערט דייטלעכער דעם אַריינגעקומענעם קול.

אויף וואָלפס פאַרגרימאַסעוועט פּנים האָט זיך באַזעצט אַ שמייכל,

אַ הנאהדיקער קנייטש, ווען ר׳האָט פאַרבלאָנדזשעט זיין בליק אויפן שכנותדיקן בעטל. שטיל איז דאָרט געווען. פּחד האָט זיך געטראָגן פון בחור־מיידל, צונויפגעטולעטע ביינאַנדער.

— איך בין דאָ — האָט זיך וואָלף אויפגעזעצט.

— און מיר היטן דעם קראַנקן... — האָט דאָס פּאָרל זיך צע־שמייכלט.

אַ שטרענגקייט איז געלעגן אויף דעם אַריינגעקומענעם. עס האָט זיך פון אים אַראָפּגעפּילט וואָרענונג, אָנזאָג אויף עפּעס, וואָס מוז קומען.

— ווי פילסטו זיך, האַ, וואָלף? — איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צו זיין בעט — קאָנסטו שוין אויסגלייכן די פיס?

— אַז מ׳וועט דאַרפן, וועל איך קאָנען.

— מ׳וועט זיכער דאַרפן — האָט דער בחור אומגעקערט זיין בליק צום שכנותדיקן פּאָרל — און איר האָט נישט געפונען קיין בעסערע צייט, ווען צו ליבן זיך, האַ?...

אַרויסגעגאַנגען, האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף וואָלפס בעט. וואַרעמקייט האָט דורכגענומען זיין צעקאַלעטשעטן גוף.

— אַז מ׳וועט דאַרפן, וועל איך דיר העלפן אַרויסגיין פון דאַנען

— האָט דער בחור געהאַלטן וואָלפס קאָפּ צווישן זיינע ביידע הענט.

יונגע פרישקייט האָט געשטראָמט פונעם אַרומהאַלטערס הענט, פון זיין אָטעם, פון אַלץ אויף אים.

— היינט בין איך אַלט זיבעצן און האַלב יאָר — האָט דער בחור ווייטער גענומען רעדן — צען און האַלב יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מיין טאַטעשי איז אַנטלאָפן מיט מיר פון דער היים.

— און איך אויך אַזוי — האָט ס׳מיידל זיך צוגעבויגן צו וואָלפס באַנדאַזשן.

— איצט...

— איצט — האָבן ביידע גלייך געוויזן צו דער טיר און אַראָפּגע־לאָזט פאַרשעמטע די קעפּ.

וואָלף האָט נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן זיך. אַרויס פון וואַרשע

אַן אָנגעזעטיקטער מיט יוגנט־פריינט. אויסגעקרענקט די פרייד אויף פרעמדע פעלדער. איצט, ביי די דרייסיק יאָר, איז אַלץ פאַרלוירן...

— וואָס האָט ער געוואָלט, דער, וואָס איז אַריינגעקומען? — האָבן אַלע דריי געוואָלט וויסן.

— באַלד וועל איך געוואָר־ווערן — איז דער בחור פאַרשוווּנדן צו דער טיר.

אַ ווייטיקדיקער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פונעם מיידל, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן וואָלפן. האָט זיך געפילט אין דעם דאָזיקן זיפץ חשק צום לעבן, צו הנאה האָבן פונעם לעבן. און איצט? וואָלף גלעט אירע פינגער, אירע הענט. די נאַכט האָט איינגעדושעט דעם אַרום. אַ ליכט־שטראָם האָט זיך דורכגעריסן פון דער געעפנטער טיר.

— קום, לאָמיר אים נישט שטערן — האָט דער בחור אַ צי געטאָן ס׳מיידל נאָך זיך.

און וואָלף איז געבליבן זיצן אויפן בעטל, איינגעהילט אין חשכות, אַרומגעהילט מיט סודות, וואָס עס האָבן זיך געטראָגן פונעם קאָרידאָר. וואָלט ער געקאָנט אויסגלייכן דעם לינקן פוס, וואָלט ער אַראָפּ פון בעט, געפרעגט דעם, יענעם. ער איז אָבער בטוח, אַז בחורים וועלן אים נישט איבערלאָזן, אויב, חלילה, מ׳וועט דאַרפן אינדערגיך אַנטלויפן...

און וואָלף האָט זיך נישט טועה געווען. זיין חוש האָט אים עפּעס פאַרגעזאָגט און גלייך האָט ער עס דערפילט:

אַ האַסטיק טופּען האָט אים אויפגעריסן פון שלאָף אין דער שפּעטער נאַכט. די בעטלעך — צוואָרפן. דאָ און דאָרט — אַן איבערגעקערט בענקל, אַ שטיוול ביי דער טיר. אויף די בעטלעך געפינט זיך נישט קיינער. דער עלעקטרישער לאָמפּ שטעכט די אויגן. פונעם קאָרידאָר — אַ באַטויבנדיקער רעש; פון די טרעפּ — מען הערט שיסן? יאָ. מען שיסט... —

— ראַטעוועעעט!... — האָט זיך וואָלף גענומען בעטן ביי די ווענט, ביים טריבן באַלקן — אוי, לאָזט מיך נישט איבער...

איבער דריי שטאָק טרעפּ, פונעם בוידעם אַראָפּ און פון אונטן אַרויף — איין געשריי, איין געלויף: ביקסן באַוועגן זיך ביים אַרויסגאַנג, רע־

וואָלווערן גלאַנצן מיט זייער קילקייט אין געזונטע הענט פון יידישע בחורים...

— אויפן בוידעם...

— אַלע אַרויף אויפן בוידעם...

— נישט ספּאַזמירן...

— מיר ווען זיך קעגנשטעלן...

— צעשיסן זיי ווי די הינט...

— נישט שטערן... נישט שטערן...

— חברים און חברטעס...

ס׳שמאָלע טירל, צום אַרויסגאַנג אויף דער גאַס, איז געווען פאַר־שפּאַרט, פאַרבאַריקאַדירט. אַ געזונטער יונג, מיט אַן אויסגעצויגענער ביקס, האָט געמייסטערעוועט אַרום זיין שלאָס, געשאָלטן אין דער שפּע־טער נאַכט אַריין:

— פּוילישע כאַמעס...

— זייער בלוט... זייער הינטיש בלוט...

פון די שכנותדיקע צימערן אַרויס האָבן בחורים געטראָגן, אַריבער־געוואָרפן איבער די פּלייצעס, נאָכהענגענדיקע קערפּערס, פאַרחלשטע חברים, זיי אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם, אַוועקגעלייגט אין ווינקלען. טייל האָבן געהאַט אויף די פּנימער גאַז־מאַסקעס, און טייל — טיפע העל־מעס, פון דייטשע סאָלדאַטן, אויף די קעפּ.

אַ נאָענטער, גאָר נאָענטער פּראַנט, ווו די פּאַרטיידיקער זענען פאַר־באַריקאַדירט אין אַ שמאָלן איינגאַנג, צעוואָרפן אויף אַן ענגן בוידעם...

טראַאאַך! — הערט זיך אַ שאָס און גלייך דערנאָך:

טראַאאַם! בלאַאאַם!

אַ נאָענט היקען פון מאַשין־געווער, אַן אויפרייסן אין דער לופט, אי־בער דריי שטאָק טרעפּ.

אַלע האַלטן־איין דעם אָטעם. ביי די פענצטער־ווינקלען, אין פאַר־טער — אויסגעשטעלטע חברה מיט אָנגעצילטע ביקסן. זאָל מען נאָר עפּעס פּילן. יאָ, זאָל מען...

אין איינעם אַ ווינקל שטייען באַזאַמען אַ בחור און מיידל. ביידע

האַלטן זיי לאַנגע אייזנס אין די הענט. אויףביידע זענען די האָר צע־פּלאָשעט, די אויגן — וואַרעמער גלאַנץ אין דער שפּעטער נאַכט־שעה.

— מען דאַרף אַרויפגיין צום קראַנקן — זאָגט דער בחור.

— אוי, טאַקע, אוודאי דאַרף מען — צעגלאַנצט ס׳מיידל נאָך טי־פער אירע אויגן.

און ביידע צוזאַמען:

— מירן אים דאָך צוגעזאָגט צו העלפן!

אַ שטיל לויפן איבער די טרעפּ.

— וווהין? — שרייט זיי נאָך אַ קול — שטיין אויף דער פּאָזיציע!

— אַ פאַרוווּנדעטער, חבר, ליגט אינדערהייך. יאָ, מיר גייען אים געבן הילף...

איבערן מיידלס אַקסל — אַ טאָרניסטער מיט אַ רויטן קרייץ. זי הייבט זיך פלינק איבער די טרעפּ. הינטער איר — דער בחור.

וואָלפן האָבן זיי געפונען ליגן נעבן זיין בעט. אויך ער האָט זיך גע־וואָלט ראַטעווען, געוואָלט אַנטלויפן פון די שאָסן, וואָס האָבן געהילכט אַרום די פענצטער. פונוואַנען קומען זיי, די שאָסן? וואָלף איז געווען זי־כער — נישט אַנדערש — אַז דאָס שיסט מען צו אים אַרויף; אַז אַן אי־בערפאַל האָבן געמאַכט די פּוילישע סאָלדאַטן אויף דעם יידישן הויז, אויף די יידישע בחורים און מיידלעך. האָט ער גערופן הילף. קיינער האָט אָבער נישט געהערט זיין שרייען. צופיל איז איטלעכער געווען פאַרנומען מיט זיך. האָט אים אין גענומען קלעמען שרעק — שרעק פאַר אומקום — — ראַאַאַטעעעוועעט...

ווייטער פון בעט האָט ער נישט געקאָנט גיין. זיין צעהאַקטער פוס האָט אים נישט געלאָזט. דער באַנדאַזשירטער קאָפּ איז געווען איין שטיק קלעמעניש.

— וואָלף! — האָט ס׳אָנגעלאָפענע מיידל גענומען שרייען מיט שרעק.

— אפשר האָט מען אים אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם? — האָט דער בחור געוואָלט וויסן.

און אַז זיי האָבן אים געפונען אויפן דיל נעבן זיין בעט — איז ערשט געוואָרן דער אמתדיקער אַלאַרם אין הויז:

— אַ דאָקטער! — האָט ס׳מיידל געשריגן.

— ברענגט די גיכע הילף! — איז דער בחור געלאָפן איבער די טרעפּ.

איצט זענען אַלע אַראָפּגעלאָפן פונעם בוידעם, אויסגעפּילט די שטוב, ווו וואָלף איז געלעגן אַ פאַרחלשטער. איצט האָבן אַלע דערפילט, אַז עפּעס איז טאַקע פאָרגעקומען.

נאָר פאָרגעקומען איז עס מיט חדשים צוריק, ווען דער פּוילישער שאָפער איז, בכוונה, אַרויפגעפאָרן אויף וואָלפן, אים צעלעכערט דעם קאָפּ, צעבראָכן דעם פוס.

היינט איז בלויז געווען אַ פאַרטיידיקונגס־פּראָבע. ווייל יעדן טאָג קאָנען זיי קומען, די סאָלדאַטן מיט די מאַשין־ביקסן. מוז דאָס הויז זיין גרייט. מוז מען זיך קאָנען פאַרטיידיקן.

ס׳האָבן זיך איבערגעחזרט די פריערדיקע שאָסן. וואָלף איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט מיט אַ גרינער מראה אויפן פּנים. דער בחור מיטן מיידל האָבן אים באַרואיקט:

— שרעק זיך נישט, וואָלף, דאָס שיסט מען אין די קאָשאַרן.

— און פאַרוואָס האָט איר מיך געלאָזט אויף הפקר? — האָט ער געהאַלטן זייערע ביידנס וואַרעמע הענט אין זיינער.

— ס׳איז דאָך געווען בלויז אַ פּראָבע — האָבן ביידע געענטפערט פאַרשעמטע — פאַרשטייסט, אַ פּראָבע ווי זיך צו פאַרטיידיקן...

שווייס און טרערן האָבן גענעצט אויף ווייסן באַנדאַזש. צעהעלט עלעקטריש פייער האָט געבלאָסט אויף איבערגעשראָקענע יידישע פּני־מער. אין אַ ווינקל פונעם לאַנגן קאָרידאָר האָט דער בחור איינגערוימט דעם מיידל אַ סוד:

— מאָרגן גיי איך צו דער גרענעץ.

— יאָ — האָט ס׳מיידל מסכים געווען — איך אויך.

פאַרטרערטע פּנימער האָבן זיך צונויפגעדריקט אין דער פינצטער־ניש, זיך איינגעגעסן צייין אין ליפּן.

אין איינער אַ נאַכט, אין נײַנצן־זעקסן־פערציק. אין דעם פּוילישן וורָאָצלאַוו.

# אַ שמחה אין ווינדסהיים

יעדן נאָכמיטאָג גייען זיי ביידע, מאַמע און טאָכטער, שפּאַצירן פון לאַגער אין שטעטל. ווינדסהיים איז אַ דייטש שטעטל, איז אַרומגערינגלט מיט גרינס און טינקט אין גרינס. אויך די הייזער־ווענט זענען באַצייכנט מיט גרינס. און הויז צו הויז איז צוגעטוליעט. צוזאַמענגעהעפט מיט רויטע דעכער און שפּיצן אַזוינע, שיינע שפּיצן, אַרומגעקיילעכיקטע און אַרומ־געטאָקטע מיט מי־יודע וויפיל יאָרהונדערטער צוריק.

ווינדסהיים איז שוין אַלט זעקס הונדערט יאָר און אפשר מער.

און צווישן שמאָלע געסל־דורכגענג, וואָס האָבן דעם אויסזען פון היילן, שטערן די רו האַלב־נאַקעטע קינדער, שפּילן זיך מיט הילצערנע ביקסן, שטערן דעם נאָכמיטאָג־שלאָף פון אָנגעפּלוישטע טאַטע־מאַמע.

פריילעכע קינדער, די קליינע דייטשלעך פון ווינדסהיים. בלאָנדע און ראָזע. זיי שרייען פון די העלזער אַרויס, אַ הייזעריק געשריי אַזאַ — אַ דייטש געשריי.

פון לאַגער אין שטעטל, דאַרף מען אַריבערגיין אַ הויכע בריק, אַן אייזערנע בריק, וואָס הייבט זיך איבער די באַן־רעלסן. רעכטס איז דער לאַגער ווינדסהיים און לינקס — דאָס שטעטל ווינדסהיים. ביידע טראָגן זיי דעם אייגענעם נאָמען, ווייל ביידע געפינען זיך בשכנות. אָבער אַ חילוק איז צווישן ביידע: רעגנט איבער ווינדסהיים, איז אין לאַגער אַ קויטיקע בלאָטע און אין שטעטל — גלאַנצט דער אַספאַלט מיט הונדער־טער שפּיגלען.

אין לאַגער וווינען יידן און אין שטעטל — דייטשן.

און דאָס בריקל, וואָס טיילט־אָפּ לאַגער פון שטעטל, האָט אין זיך אַלע דייטשע חנען. דאָס בריקל דערמאָנט אָן עפּעס — דערמאָנט אָן דייטשע בריקלעך איבער די געטאָס.

ווי לאַנג איז דען פון דאַן ביז איצט?

נעכטן איז עס געווען. און אַז מיט אַ יאָר צוריק — איז דען נישט איינגעקריצט אין זכרון אַלץ? —

לאהלע האָט געוווינט אויף זאווישע־גאַס. געהאַט דאָרט עסקים מיט מאַניקיר: זי האָט געפּאַרבט און געפּוצט די נעגל ביי מיידלעך פון לאָדזש. און דער מאַן האָט געשוירן און ראַזירט און פּודירט די באַקן ביי לאָדזשער בחורים. פּרנסה געווען — נישט צום פאַרזינדיקן. געלעבט אין נחת, אַ רואיק לעבן געלעבט. אפילו געווען מיט וואָס מקנא צו זיין אויך. מיט אַ טעכטערל איז געווען מקנא צו זיין. אַ רויז איז עס געווען, דאָס קינד. בלאָנדע לאָקעלעך געהאַט און אייגעלעך, — האָט דער שיי־נער הימל פון דאָרט אַרויסגעקוקט. פיר יאָר איז דאָס סאלטשעלע אַלט געווען. טאַטע־מאַמעס נחת. וואָס זאָל מען מאַכן מיטן קינד? דער טאַטע האָט געזאָגט: אַ גימנאַזיסטקע וועט זי זיין, וועט לערנען און שטודירן; די מאַמע האָט געזאָגט: אַ טענצערין וועט סאלטשעלע זיין, אַ פענאָמען אין גאַנץ לאָדזש. און דערווייל? און נאָכן אַהיימקומען פון געשעפט? זיצן טאַטע־מאַמע און פאַרגעסן אָן אַלץ: סאלטשעלע זינגט, סאלטשעלע טאַנצט, סאלטשעלע שרייבט, סאלטשעלע לאַכט. און אַז דאָס טעכ־טערל האָט געלאַכט — האָבן מיטגעלאַכט די טאַפּעטירטע ווענט, דאָס מעבל און אַלע שפּיגלען אין שטוב. אַזאַ פרייד איז די קליינע געווען פאַר שטיביקע און פרעמדע — פאַר גאַנץ לאָדזש.

סאלטשעלע קאַפּלאַן — איז די זיסקייט אַליין.

און די קאַפּלאַנס? נישט געווען קיין גלייכן צו זיי. מען האָט זיך געליבט און מען האָט זיך געקושט און מען האָט זיך געהאַלזט — און געטראַכט וועגן קינד. אויב האָט גאָט געשענקט אַזאַ פרייד, איז עס נישט אומזיסט. האָט מען זיך פאַרדינט. סאלטשעליו! אַ קוש אין די פיסלעך, אין די לאָקעלעך, אין די אייגעלעך. ביידע האָבן זיי געקושט. טאַטע און מאַמע. ביידע אויפאיינמאָל. אאאַ! ווי גרויס איז אונזער פרייד!

ווי לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די פרייד ביי די קאַפּלאַנס? עטלעכע חדשים. נישט מער. נישט מער, ווי עטלעכע חדשים.

ווייל די שיינקייט און קינדערישע רייפקייט האָבן גענומען אַרויס־שפּראָצן פון סאַלטשעלען, ווען זי האָט גענומען אַריינגיין אין די פיר יאָר. דאַן איז דאָס קינד געוואָרן בלויז וווּנדער. און וואָס עלטער ס׳איז געוואָרן — מיט אַ טאָג, מיט אַ וואָך — אַלץ שענער איז עס געוואָרן, שענער און שענער.

ביי די פיר יאָר האָט סאַלטשעלע באַלויכטן די גאַנצע זאַווישע־גאַס.

און ביי די פיר יאָר — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט איז סאַלטשעלע אַלט צען יאָר.

זינט דעם גרויסן אומגליק איז פאַרביי זעקס יאָר.

און שיין איז זי אויך איצט, דאָס טעכטערל, זייער שיין. אַ בלאָנ־דע אַזאַ. אַ געלאָקטע.

גייען זיי ביידע שפּאַצירן פון לאַגער אין שטעטל — מאַמע און טאָכטער.

און לאָהלע שווייגט. זי רעדט גאָרנישט. זי שווייגט און וויינט אין זיך.

— סאַלטשעלע!

אַ וואָרט ברענגט זי נישט אַרויס פון זיך, דאָס טעכטערל. זי שווייגט אין זיך. אַ פאַרטראַכטע איז זי. זי קוקט צו די באַן־רעלסן און טראַכט. וואָס טראַכט זי אַזוי פיל? וואָס זעט זי דאָרט, אויף די טע־לעפאָן־סלופּעס? פאַרוואָס האַלט זי איינגעשטאָכן איר בליק אויף די ווייטע באַן־רעלסן?

— טעכטערל!

ביידע האַלטן זיך אין אַראָפּלאָזן פון בריקל. דאָס שטעטל בייט די פאַרב אויף סאַלטשעס באַקן. שטענדיק אַזוי: גייט מען אַרויס פון לאַגער ווינדסהיים, קומט מען אַריין אין שטעטל ווינדסהיים — צעבליט זיך די בלאָנדע סאַלטשע; באַקומט אַן אַנדער פאַרב די מאַמע אירע.

סאַלטשע פילט זיך אַ פרעמדע צווישן די לאַגער־קינדער. סאַל־טשעלע לעבט־אויף צווישן די דייטשע קינדער.

און לאהלע? זי עסט נישט, זי שלאָפט נישט, זי רוט נישט: סאַל־טשעלע מוז ווערן צוריק אַ יידיש קינד, אַ קינד פון יידישע טאַטע־מאַמע!

***

לאהלע קאַפּלאַן געפינט זיך אין לאַגער ווינדסהיים עפעס מער פון אַ האַלב יאָר. ביז דאַן — וווּ איז זי נישט געווען? אין נידערשלעזין און אויבערשלעזין; געווען אין פּאָמערן און וווּ איז זי נישט געווען? אור־מעטום געווען. אומעטום געפרעגט. אַז דעם מאַן האָט מען געפירט פון לאָדזש, אים אַרויסגעפירט צוזאַמען מיט אירע שכנים — דאָס ווייס זי אויף זיכער, ווי זיכער זי ווייס, אַז סאַלטשעלע לעבט. סאַלטשעלע לעבט! ווער וועט דען זאָגן, אַז נישט? אויף דעם מאַן האָט זי שוין אויסגע־וויינט די אויגן, שוין אויסגעריסן פון זיך שטיקער פלייש. אָבער דאָס מעכטערל? ס׳הייסט? זי האָט דאָך געצאָלט פאַר דעם! — געשיקט געלט קיין פּאַביאַניץ, צום דייטש דאָרט. און בריוו באַקומען צוריק — — —
ווי לאַנג איז עס דען?

אַז דאָס גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן אין לאָדזש, זענען טאַטע־מאַ־מע אַוועק קיין פּאַביאַניץ, אַוועק צום באַקאַנטן בעקער דאָרט, צו יאָהאַ־נען דעם דייטש. און ער, יאָהאַן? האָט זיי אויפגענומען מיט אַ פעטן שמייכל, מסכים געווען — פאַר דעם ערשטן בריליאַנט — צו האַלטן דאָס בריליאַנטענע סאַלטשעלע אַ גאַנצן חודש. און דערנאָך? וועט מען געבן נאָך, אַלץ אַוועקגעבן — הער יאָהאַן! און מ׳האָט אַלץ אַוועקגע־געבן. און אַז אַ חודש איז פאַרביי אָן געבן — האָט הער יאָהאַן געשריבן אַ בריוו און דערציילט, אַז סאַלטשעלע קען שוין אָנשרייבן איר נאָמען. אָט, איז ער טאַקע אָנגעשריבן. און מיט שפּיציקע אותיות אַזעלכע — די גאָטישע אותיות. זענען פאַרביי חדשים: טאַטע־מאַמע האָבן זיך נישט געזעען מיטן קינד, נישט געטאָרט זיך זעען. אָבער פרייד האָט אַרויסגעשטראַלט פון איר אונטערשריפט, פרייד, וואָס האָט אָנגעפילט מיט צער. ווי לאַנג וועט׳ס נאָך דויערן? ווי לאַנג וועט מען נאָך אַזוי אָפּגעריסן זיין פון קינד? נישט לאַנג. דעם טאַטן האָט מען אַוועקגע־

פירט ערגעץ, אויף מער נישט צוריקצוקומען. און די מאַמע? לאהלע מוז בלייבן לעבן צוליבן קינד. זי מוז זיך האַלטן שטאַרקער פון אייזן, פון שטאָל. — ביז דאָס האַרץ וועט פּלאַצן, אַליין פּלאַצן...

לאהלע איז אַוועק פון זאַווישע־גאַס און זיך באַזעצט אין אַ ווינקל אַרום די פּיעטריקאָווער. אַ פלינקע און פּעאיקע געווען, די לאהלע. אַי־בער נאַכט איז זי געוואָרן אַן „אַריערין". און האָט עס גוט געמאַכט. מיט אַלע פּיטשעווקעס. און פאַרדינט האָט זי אויך: געפּוצט די נעגל ביי דייטשע הערן און פּרוילינס און געפאַרבט די אייגענע האָר אויף בלאָנד, העל־בלאָנד. לאהלע האָט געשמייכלט צו יעדן. אירע שמייכלען — אַ דערמאַנונג אָן סאַלטשעלע: טויזנט זלאָטעס אַ חודש שיקן צו יאָהאַנען, צוויי טויזנט, צען טויזנט — — —

יאָהאַן האָט נישט געוואָלט וויסן ווו לאהלע געפינט זיך. וואָס איז אים די נפקא מינה? ער איז בלויז אַ פאָלקס־דויטש. און די רעשט? זאָלן זיך די קאַמעראַדן דאגהן. ער באַקט ברויט. און ווער ס׳צאָלט, דער באַ־קומט. ער איז נישט קיין מבין אויף בלוט — ראַסאָווע צי נישט־ראַסאָ־ווע. די קליינע ביי אים אין שטוב — אַ יידישקע איז זי — רעדט שוין דייטש מיטן שלעזישן אַקצענט. אַן אייניקל איז זי זיינס. און אַ ווייל אייניקל. וועט אים דען ווער פרעגן, פונוואַנען ס׳האָט זיך גענומען צו אים אַן אייניקל, אַז ר׳האָט קיין קינדער בכלל נישט געהאַט? אידיאָטן זענען זיי, יאָ, אידיאָטן. יאָהאַן האָט רעכט צו לעבן ווי ער וויל און פאַרדינען ווי ס׳איז אים באַקוועם!

און דער אַלטער יאָהאַן האָט טאַקע פאַרדינט. געהאַט אַ גוטע על־טער. אָפּגערוט. נישט געבאַקן אַזויפיל ברויט ווי פריער. יעדן חודש און יעדע צוויי — אַריינבאַקומען ס׳גאַנצע פאַרדינסט פון לאהלען. דערויף — געשיקט מיט „פּאָסטע רעסטאַנטע" אַ בריוועלע צוריק מיט אַן אונ־טערשריפט פון סאַלטשעלען.

איז עס אַזוי געגאַנגען יאָרן. אַ וועלט מיט יאָרן.

דער אַלטער האָט זיך איינגעלעבט מיטן קינד — נישט צום פאַ־נאַנדערשיידן. ער האָט זי פאַרשריבן אויף זיין נאָמען — גענוי און פּינקטלעך.

פינף שרפהדיקע יאָרן זענען פאַרביי.

אין די ערשטע חדשים פון זעקסטן — האָט שוין לאהלע געהאַט פאַרלוירן די פאַרב פון די אויגן, פון די באַקן, פון אַלץ אויף איר. גע־האָט דעם אויסזען פון אַ צעקנאַדערטע אַניצע.

ווי דערלעבט מען שוין, האַ?

יאָהאַן האָט דערפילט, אַז בעסער וועט אים זיין איצט אין שלעזן ערגעץ, איידער אין פוילן. אַ דייטש איז ער. און דייטשן האָבן פאַר־שפּילט. איז גלייכער זיך צו געפונען איצט — צווישן אייגענע. איז ער אַוועק פון פאַביאַניץ, מיטגענומען סאַלטשעלען...

און לאהלע? אַז ווינד־און־ווי איז געוואָרן צו איר. איין בראָך גרעסער פון דער צווייטער. ווו איז סאַלטשעלע? ווער וועט דען ענט־פערן. אַוועק — און נישטאָ. האָט זי „געריסן טירן" ווו מ׳האָט נאָר גע־לאָזט. אָבער קיין זכר. האָט ער זי נישט אומגעברענגט — דער אַלטער דאָרט? זי וועט נישט לעבן, ניין, זיכער נישט. אָבער זוכן דאַרף מען, מ׳טאָר נישט רוען.

מען טאָר נישט...

***

— סאַלטשעלע, פאַרוואָס שווייגסטו, פאַרוואָס רעדסטו גאָרנישט, האַ? האָסט פיינט די מאַמע דיינע? איך בין דאָך דיין מאַמע...

ביידע האָבן אַרומגעפּלאָנטערט צווישן די הייל־געסלעך פון ווינדס־היים. לאהלע זוכט ווערטער ווי צו דערמאַנען דער טאָכטער אָן איר יידישער פאַרגאַנגענהייט; אָן איר צוגעבונדנקייט צו דער מאַמע און צום טאַטן, וואָס איז שוין מער נישטאָ. און סאַלטשע? זי בענקט צום אַלטן יאָהאַן, צו די דייטשע שול־קינדער און צו אַלץ, וואָס האָט זי געהאַלטן אין דער דייטשער סביבה במשך פון די לעצטע חדשים.

בלויז אין די לעצטע חדשים האָט סאַלטשע זיך גענומען פילן פריי, גענומען אַריינוואַקסן אין איר שול־יוגנט. ביז דאַן האָט יאָהאַן געוואַנ־דערט מיט איר: געלאָפן מיט איר פון צענטראַל־פוילן צו דייטשלאַנד, דערנאָך האָבן די פּאָלאַקן פאַרנומען נידערשלעזן, האָט ער געמיינט, אַז

אין דער בלומען־שטאָט, גלאָגאָו, וואָס ליגט בשכנות פון ברעסלאָו, אַז דאָ וועט מען אים לאָזן במנוחה. ער באַזעצט זיך דאָך נישט אין די גרויסע שטעט; איז ער דאָך נישט מער ווי אַ פאָלקס־דויטש, אָבער גע־ווען אַ גוטער פוילישער פּאַטריאָט! ס׳האָט נישט געהאַט קיין פּעולה: באַשלאָסן אַרויסצושיקן די דייטשן פון פּוילן — וועט מען נישט מאַכן קיין אויסנאַם פאַר יאָהאַנען. זאָל ער אפשר זאָגן, אַז ר׳האָט באַהאַלטן אַ יידיש קינד? וועט אפשר די קלוגע סאַלטשע אים ראַטעווען פון זיין נע־ונד? דאָס וועט ער נישט טאָן. בשום־אופן נישט. סאַלטשע וועט טיילן זיין גורל. אַזאַ ליב קינד — און די מאַמע אירע וועט דאָך נישט רוען; זי לעבט דאָך... און יאָהאַן האָט געהאַט פאַרדראָס, פאַרוואָס ר׳האָט נישט געזען פריער צו „פאַרגלעטן״ דעם ענין, פריער — ווען דייטש איז נאָך געווען באַלעבאָס. פאַרפאַלן. אַן אויסוועג וועט מוזן גע־פינען ווערן, — אָן שאָדן פאַר דעם ליבן מיידעלע.

גלאָגאָו — אַ דייטשע שטאָט אין נידערשלעזין. ברייטע גאַסן און ווענט, באַוואָקסענע מיט בלומען. דאָ האָט זיך יאָהאַן באַזעצט און גע־קוקט מיט אַ קרומען בליק אַרום זיך. וועט ער מוזן טיילן דעם גורל פון זיינע „גלויבענס־גענאָסען״, וואָס וואַנדערן דאָ פאַרביי קיין צענטראַל־דייטשלאַנד? נאָך געווען דייטשן אין שטאָט. פריער האָט מען אַרויסגע־שיקט פון די פוילישע געביטן. באַלד וועט מען קומען אויך אַהער. יעדן טאָג שפּאַנט דער אַלטער צו די באַן־רעלסן, בשכנות פון פעראָן, זעט דאָרט טראַנספּאָרטן פון לאָדזש און אַרום לאָדזש. עד, וואָלט גאָר גליי־כער געווען אויפצוזוכן די לאהלע, זי אומקערן די טאָכטער און האָבן ווי אַריינצוגיין אויף דער עלטער? האָ?

סאַלטשעלע האָט פאַרקלינגען שטאָטס גאַסן מיט איר זינגענדיק שטימעלע. אַ גאַנצן טאָג צווישן צעבאַלעוועטע קינדער, פון וועלכע ס׳איז נאָכנישט אַוועק דער נעכטיקער טעם, דער זאַטער געשמאַק פון אַ דייטש קינד אין מלחמה־יאָרן. וואָס האָט דען געפעלט אין דעם גלאָגאָו? אַלץ איז געווען גענוג און איבערגענוג.

אָבער דאָס גאַנצע גוטס פון דער בלומען־שטאָט צוזאַמען מיט אַלץ און אַלעמען — ווערט אַריבערגעפעקלט אין דער „היימאַט״. אַזוי באַ־

צייכענען די פּאָלאַקן יענעם טייל פון צענטראַל־דייטשלאַנד, וואָס איז אָקופּירט פון די אַליאירטע אַרמייען. נישטאָ קיין עצה. האַלטן זיך אַלע צוזאַמען. אין בייערן וועט מען אויסגעפינען אַ בשותפותדיקן פּלאַץ — און גלאָגאַו וועט צוריק אויפשטיין...

גלאָגאַו, די בלומען־שטאָט פון שלעזן, איז אין בייערן נישט אויפ־געשטאַנען, אָבער דייטשע פּינקטלעכקייט און זויבערקייט האָט גענומען באַלעבאַטעווען אויך אין די פּראָוויזאָרישע באַראַקעס אַרום מינכען. די דייטשן פון גלאָגאַו — בתוכם יאָהאַן און לאָהלעס טעכטערל — האָבן אויסגעפּוצט און אַרומגעבלאַנקעט יעדעס ווינקעלע; האָבן אויפגעשטעלט צ׳ דאָרף, אַ שולע און זיך איינגעאָרדנט מיטן נאָמען: „פליכטלינגע אַאוס גלאָגאַו". מען האָט געדאַגהט פאַר זיי. און וויפיל מ׳האָט נישט געדאַגהט, האָבן זיי געהאַט ווינציק. פאַר די קליינע דייטשלעך אַ קינדער־גאָרטן, מתנות אויף יעדן יום־טוב, — מען וווינט אָבער אין באַראַקעס. עס טויג נישט...

ביז יאָהאַנען איז איינגעפאַלן: פאַראַן יידן אין מינכען, וועט ער אַוועק און פאָדערן קאָמפּענסאַציע פאַר אויסבאַהאַלטן די קליינע סאַל־טשע. עס קומט אים נישט? עס קומט אים. און זיי וועלן געבן אויך. די מאַמע אירע איז נישטאָ, וועט ער טענהן — זאָל זיך ס׳קינד האָדעווען ביי אים, זאָל עס זיך. ער איז דערצו אַ גוטער טאַטע, איז ער...

און סאַלטשען איז געווען אַלציינס. ס׳איז איר גוט צווישן די חברטעס אירע. וואָס דאַרף זי דען מער וויסן. סאַלטשע איז אַ דייטשקע — דאָס איז זי און אַזוי קוקט זי אויס. און אַזוי האָט זי טאַקע אויסגע־קוקט: בלאָנדע לאָקן, בלאָע אויגן און גערעדט האָט זי פון האַלז אַרויס — די דייטשע אויסשפּראַך ווי געבוירן מיט איר. — אַ פאָלנע דייטש קינד.

איז עס פאָרגעקומען אַנדערש ווי דער אַלטער האָט זיך פאָרגע־שטעלט:

נאָך זיין אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אַז ר׳האַלט ביי זיך אַ יידיש קינד; נאָכן אויפצווינגען אים, ר׳זאָל אָנשרייבן, אַז ס׳קינד הייסט סאַל־טשע קאַפּלאַן פון לאָדזש; נאָכן האַלטן אים אויף אַ פאַרהער אייניקע

שעהביים אַמעריקאַניש־יידישן „טשעפליין" אין קוואַרטיר — נאָך אַלעם איז מען אַוועק צו אים, אַוועק, כדי אַוועקצונעמען סאלטשעלען און זי איבערגעבן צו יידישער דערציאונג.

און דאַן?

דאַן האָט זיך לאהלע אָפּגעפינען, אַזוי, כלאחר היד, זיך אָפּגעזוכט.

און איצט? — — —

***

מיט דער גאַנצער דאָזיקער געשיכטע, האָבן זיך אין לאַגער ווינדס־היים „געקערט וועלטן", ווען סאלטשע האָט זיך באַוויזן אין באַגלייטונג פון לאהלע. וואָס זי, די מאַמע, האָט נישט אַלץ דורכגעליטן אין די לעצטע וואָכן! אָבער אירס האָט זי געוואונען. ווייל צו איר הילף האָט זי געהאַט אַלץ און אַלעמען — די גאַנצע גערעכטיקייט. און לאַנג האָט מען גענדאַרפט אַרבעטן אַרום סאלטשען, אַז זי זאָל באַוויליקן דאָס פאַר־לאָזן די דייטשע סביבה און די דייטשע קינדער. זי האָט בשום־אופן נישט געוואָלט אַוועק פון דאָרט. אָבער זי איז אַוועק — מיט אַ צוזאָג: יאָהאַנען צו באַזוכן, אָפּצושטאַטן וויזיטן ביי די קינדער פון גלאָגאַו.

און יאָהאַן? ער איז גראָ און צעקנייטשט געוואָרן. אַ קלייניקייט: זיך איינגעלעבט מיט דער קליינער און געהאָפּט אויסצולעבן זיין זקנה אין דער נאָנטער באַרירונג פונעם ליבן קינד! געהאָפּט — אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. זיין קאָמפּענסאַציע האָט ער באַקומען: די ערשטע, בעסטע וווינונג, וואָס מ'האָט אויפגעבויט פאַר דעם נייעם „גלאָגאַו" און אַ היבש ביסל אַמעריקאַנישע ציגאַרעטן און שאָקאָלאַד אויך. ער האָט געגנוג געהאַט אויף לאַנגע חדשים. און ר'האָט זיך דאָס כשר פאַרדינט. איי, די עוולה פון נישט איבערגעבן ס'קינד צו דער מוטער גלייך, נאָך דער באַפרייאונג? — אַבי סאלטשעלע לעבט, איז געזונט. די רעשט דאַרף מען פאַרגעסן. —

סאלטשעלע געפינט זיך צוריק ביי דער מאַמע. די פרייד איז גאָר־נישט צום איבערגעבן.

אָבער זי איז אַ בייזע אַזאַ, די קליינע, אַ שלעכטע. נישט זי עסט,

גישט זי רעדט. וואָס וועט זיין? עס וועט שוין גוט זיין. נישט געדאגהט! זענען פאַרביי טעג:

אין לאַגער ווינדסהיים האָט מען אויסגעזוכט אַ שיינע וווינונג און זי אַוועקגעגעבן צו לאהלען. זאָל זי האָבן מיט וואָס צופרידנצושטעלן איר אָפּגעפינען קינד. דערנאָך האָבן געגומען קומען אַהין שכנים און שכנהס און דער גאַנצער לאַגער. אָבער סאלטשע איז נאָך אַלץ געווען אַ ברוגזע. כסדר האָט זי געפרעגט, ווען די „מוטי" וועט זי אַוועקפירן צו אירע דייטשלעך דאָרט און צום אַלטן יאָהאַן. זענען ביידע געגאַנגען שפּאַצירן אין שטעטל אַריין, אין שכנותדיקן שטעטל ווינדסהיים. און דאָרט האָט די קליינע אויפגעלעבט. דאָרט האָט זי זיך געשפּילט מיט די ראָז־רויטע דייטשלעך. ווי לאַנג קאָן עס אַזוי אָנהאַלטן? שטענדיק, נאָכן צוריקומען אין לאַגער, האָט זיך פון סאלטשען אָפּגעקערט די פאַרב, האָבן אירע שיינע אויגן באַקומען אַן איבערגעקערטן גלאַנץ — אַ בייזן בליק אין זיי.

— סאלטשעלע, עס, פאַרוואָס עסטו נישט, האַ? — האָט זיך די מוטער געבעטן ביי איר.

— איך מעכטע נאָך גלאָגאו! — האָט די קליינע אַ פּרעפּל געטאָן מיט איר איינגעוווינטן דייטש־לשון.

האָט דאָס פאַרשאַפט עגמת־נפש סיי דער מאַמע און סיי די שכנים אַרום. מען האָט באַשייַנפּערלעך געפילט, אַז פאַר סאַלטשען מוז אויס־געזוכט ווערן עפּעס אַ צוגעפּאַסטע פּאָר — אַ קינד אַזאַ, וואָס זאָל זי אימפּאָנירן, וואָס זאָל פאַרטרייבן די שיינקייט און גלאַנץ, וואָס בלאַס־קען אין איר פון די דייטשע גלאגאו און ווינדסהיים. אַ יידיש קינד און אַ יידישע סביבה. און דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו. — דער גרעס־טער.

אין לאַגער ווינדסהיים האָט מען איינגעאָרדנט אַ שפּיל־פּלאַץ פאַר די קינדער. יעדעס מאָל, וואָס לאהלע איז מיט סאלטשען צוריקגעקו־מען פון ווינדסהיים, פון איר שפּאַציר צווישן די אויסגעפּוצטע, דייי־טשע הייל־געסלעך, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט צווישן די שפּילנדיקע קינדער. און יעדעס מאָל האָט דער קליינער נחומל — וואָס האָט גע־

האָט דעם טאַטן ביי דער זייט און די מאַמע איבערגעלאָזט אין אַ קבר ערגעץ אין רוסלאַנד — יעדעס מאָל איז אויסגעפאַלן אויף נחומלען צו שפּילן זיך מיט סאַלטשען. ביידע — איין עלטער, איין הייך, איין פרייד. און שטענדיק זענען דעם קליינעמס טאַטע און דער קליינערס מאַמע געשטאַנען און געקוקט און הנאה געהאַט און זיך מיטגעדרייט אין טאַנצנדיקן ראָד — מיט ביידע זייערע קינדער צוזאַמען.

דאָס איז געווען די תרופה — אַ היילונג פאַר סאַלטשען און פאַר דעם גאַנצן לאַגער מיט יידן.

***

נחומלס טאַטע איז דורכגעגאַנגען אַן אַנדערן וועג — ווי סאַלטשעס מאַמע — ביז זיין קומען קיין ווינדסהיים. אויף אים זענען נישט חל געווען די נירנבערגער געזעצן. אים האָט מען נישט געפירט אין די טויט־לאַגערן, נאָר — אַוועקגעפירט קיין רוסלאַנד. און ווי לאהלע האָט זיך געדרייט און „אַרויסגעדרייט" פון מלאך־המות, אַזוי האָט זיך אויך אים איינגעגעבן אָפּצוראַטעווען ס׳ביסל חיות — זיינס און דעם יינגעלס. אַן אַנדערן וועג געהאַט. אָבער אַך־און־ווי איז געווען צו ביידן. ווי און ווינד: ער איז געקומען דאָ אַהער אָנעם ווייב און זי — אָנעם מאַן. און ביידע — מיט ניסים־קינדער, — נאָר אַ גרויסער נס האָט זיי דערהאַלטן ביים לעבן.

קומען זיי זיך צונויף יעדן אָוונט — סענדער און לאהלע מיט זייערע קינדער — זיי און שכנים פון לאַגער — קומט מען זיך צונויף ביי לאהלען אין שטוב און מען שמועסט. דאָ איז וואַרעמער ווי אין אַלע לאַגער־שטיבלעך. און דאָ דאַרף מען פאַרשפּילן די צעפּיעשטשעטע סאַלטשע. און זי לאָזט זיך שוין פאַרשפּילן. אין שטעטל אַריין מוז זי נאָך די מוטער פירן. אָבער שוין נישט ווי מיט אַ וואָך און אַ חודש צוריק. זי האַלט זיך אין צוגעוויינען, אין פאַרגעסן דאָס פאַרגאַנגענע. ספּעציעל האָט זי הנאה צו פאַרברענגען מיט נחומטשען: זיך אויסלערנען יידישע ווערטער און העברעאישע אויסדריקן, וואָס מען לערנט אין לאַגער־שולע. סאַלטשעלע איז אַ געהאָרכזאַם קינד. זי איז דאָך שוין גע־

וואָרן צען יאָר! און אַ שיינע איז זי אויך: גאָלדענע האָר און בלאָע אויגן, אַז אַזוינס איז כּלל נישט בנמצא אין לאַגער ווינדסהיים. אַפילו אַזעלכע קינדער געפינען זיך יאָ, מאַכט מען זי שטענדיק פאַר דער שענסטער און קליגסטער. זי רעציטירט אויך שיין. און איר רעדן — איז בלויז טעם. נאָך שווער פאַר איר אַרויסצוברענגען אַ גאַנץ יידיש וואָרט. אָבער נישקשה. מ׳נעמט דאָס נישט פאַר אומגוט. זי איז נישט די איינציקע. אָפּגעראַטעוועטע קינדער פון פאַרשידענע גיהנומס רעדן דאָ רוסיש און פּויליש און רומעניש און דייטש אויך. די שולע וועט שוין פאַראיינהייטלעכן זייער לשון. און אַזוי וועט אויך זיין מיט סאָל־טשעלע. נאָר געדולד. און נחומטשע איז פאַר איר אַ פּאַסיקע פּאָר. דער קליינער נחומל רעדט אַ יידיש — אַ נחת צו הערן. ער קען אויך רוסיש, אָבער באַנוצט נישט די שפּראַך. דער טאַטע לאָזט נישט.

— רעד, נחומל, יידיש בעסער — זאָגט צו אים שטענדיק סענדער — שוין צייט צו פאַרגעסן אָן יענעם דאָרט...

סענדער איז „פייער־פלאַם" פאַר שוין פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער קאָן דאָ מער נישט זיצן. בשכנות מיט ווינדסהיים געפינט זיך די שטאָט נירנבערג. ער קאָן נישט הערן דעם נאָמען. מען מוז אַוועק אין אייגענעם לאַנד. אָבער ווי אַזוי קומט מען אַהין? איצט איז ביינצן־זעקסן־פערציק. נישטאָ קיין פּלאַץ אויף דער וועלט פאַר דער שארית־הפליטה, פאַר די לאַגער־יידן. אָבער סענדער וועט זיך אָן עצה געבן. ער וועט גיין מיט די מעפּילים, יאָ, מיט די „אומלעגאַלע עולים" וועט ער גיין קיין ארץ־ישראל. נישטאָ קיין בעסערס פאַר יידן איצט.

— ווי מיינען זי, לאהלע, האַ? — האָט ער אין אָן אָוונט אַ פרעג געטאָן, סתם אַזוי געוואָלט וויסן אַ מיינונג פון זיין שכנטע, פון אַ גע־ליטענע ווי ער.

— און איך טראַכט שוין לאַנג דערפון — האָט לאהלע איינגע־קנייטשט די באַקן און אַרויסגעקוועטשט פון זיי אַ באַחנטן גלאַנץ.

אָבער ביידע האָבן אַ קוק געוואָרפן אויף די קינדער: אַ רחמנות אויף זיי, נעבעך.

— ס׳איז נישט קיין רחמנות — האָבן אַנדערע זיך אַריינגעמישט — מען גייט מיט פּיצלעך קינדער אויך.

— און אונדזערע לאַגער־קינדער — האָבן שכנים צוגעגעבן — זענען שוין געננוג פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, יאָ, געננוג...

אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן אינטימערע שמועסן צווישן סענדערן און לאהלען. און אַזוי האָבן זיך די קינדער איינגעלעבט, ווי אַ ברודערל מיט אַ שוועסטערל. ספּעציעל איז געווען גרויס די פרייד ביי אַלעמען, וואָס סאלטשע איז געוואָרן אַ „לייט״, זי טוט שוין טאַקע אַ לייטישן שמייכל און ווערט שוין אַ מענטש אויך.

און כדי זי אָפּצופרישן אינגאַנצן, איז די מאַמע מיט איר געגאַנגען שפּאַצירן אין שטעטל אַריין. זאָל זי זיך אַביסל איבערגיין, אויסגלייכן די פיסלעך. סאלטשע איז געווען פריילעך ביי אַזעלכע שפּאַצירן און די מאַמע האָט זי געלאָזט אויך אַ שפּיל טאָן מיט די ווינדסהיימער דייטש־לעך. עס וועט שוין נישט קאַליע מאַכן גאָרנישט. אָבער געווירקט האָט עס אויף דער קליינער. אין שטעטל האָט זי זיך בעסער געפילט ווי אין לאַגער, בעסער ווי אויף די בלאָטעס דאָרט.

האָט איינמאָל, ביי אַזאַ שפּאַציר, די מאַמע אַ זאָג געטאָן צו איר:

— וואָלסט געוואָלט האָבן נחומטשען פאַר אַ ברודערל?

און געפרעגט האָט זי דאָס מיט אַ מיין: סיי וסיי רעדט מען אין לאַגער, אַז צווישןביידן — סענדערן און לאהלען — וואָלט געווען אַ „גלייכע זאַך״, ס׳הייסט — אַ שידוך טאַקע: צוואָס־זשע אויסבאַהאַלטן זיך? פאַר לאהלען איז סענדער טאַקע אַ „גלייכע זאַך״ אויך! און גלייך איז, צו שאַפן פאַר סאלטשען אַ טאַטן, אַזעלכן, וואָס וועט אָפּהיטן איר אויג אין קאָפּ. סאלטשע דאַרף ווערן אַ טאָכטער און אַ פרייד פאַר טאַטע־מאַמע.

***

איז געווען אַ שמחה אין לאַגער ווינדסהיים — אַ טאָפּלטע שמחה. אין צווייען האָט מען זיך געפרייט: לאהלע האָט אָפּגעפינען איר טאָכ־

טער און לאהלע גרייט זיך חתונה האָבן, נעמען אַ טאַטן פאַר סאָל־טשעלע. אַ טאָפּלטע פרייד. אַ דרייענדיקע שמחה: די ערשטע חתונה אין ווינדסהיים און די ערשטע פרייד, וואָס צוויי געראַטעוועטע יידישע קינדער וועלן צוריק האָבן אַ טאַטן און אַ מאַמען. אַזאַ פרייד דאַרפן אַלע מיטמאַכן. זאָלן אויפבליצן אַלע לאָמפּן. ליכטיק זאָל ווערן! — —

וואָס איז די שמחה, וואָס? מען גרייט זיך פרייען מיט דער איי־גענער פרייד און פאַרגעסן אָן דעם אייגענעם טרויער, — ווי פּאָרט זיך דאָס? איז די פרייד טאַקע אַזאַ שטאַרקע, אַז זי זאָל בכוח זיין אַרויסצו־טרייבן דעם טרויער? דער גאַנצער ענין מיט דער חתונה דאָ, איז נישט מער ווי אַ בייט: לאהלע קאַפּלאַן פאַרבייט דעם איצטיקן מאַן אויף דעם פריערדיקן, פאַרבייט דעם איצטיקן טאַטן פון סאלטשעלען אויף דעם פריערדיקן. — איז סענדער טאַקע בעסער, שענער און קליגער? —

לאהלע קוקט אויף אירע הויטיקע באַקן, זעט זיי אינעם שפּיציקן שטיקל גלאָז אויף דער וואַנט. אַ לאַגער־שטוב. מעג זי זיין די שענסטע און באַקוועמסטע, בלייבט זי אַ שטוב אין לאַגער. וואָס דערציילט מען דער טאָכטער וועגן איר איצטיקן לאַגער־לעבן און וועגן איר פאַר־שטייענדיקן וואַנדער־לעבן?

סאלטשע שפּילט זיך מיט נחומטשען. ביידע זענען זיי בלויז פרייד. אפשר דאַרף מען שאַפן פרייד צוליב די קינדער, — אַוועקקוקן און איינ־אָרדענען אַן אימיטירט לעבן?

סענדער איז אַריינגעקומען. און אַריינגעקומען איז ער שוין ווי צו זיך, ווי צו זיין באַלעבאַטישקייט. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, טיף און נאָנט זיך אַריינגעקוקט אין די אויגן, ביידע — ווייט אַריבער די פער־ציקער. זיכער מיט זיך און זיכער מיט דער צוקונפט. יונגע מענטשן, געזונטע — דאַרפן טראַכטן פאַר זיך אַ ביסל און מער פאַר די קינדער.

— זיי גרייטן דאָך אַ גאַנצע פּאָטראַווע — האָט סענדער געזאָגט צו לאַהלען — און מיר איז עס דווקא דערווידער.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— סתם אַזוי: אַלץ איז נאָך אַזוי פריש, פאַרשטייסט דאָך אַליין.

— נו, אויך די לאַגער־יידן פילן דאָך ס׳אייגענע וואָס מיר; אויב זיי איז גוט, טאָ זאָל אונז זיין ניחא.

ביידע האָבן זיך איינגעגעסן מיטן בליק, מיט די פּנימער, איינגעגעסן ליפּן אין ליפּן, געזויגן טרערן פון פרייד און טרויער.

און אין לאַגער האָט מען געהאַלטן אין אויספּוצן דעם גרעסטן זאַל, באַהאָנגען אים מיט ראָזע, ווייסע און בלאָע פּאַפּירלעך און מגן־דודלעך אינמיטן. לאַנגע טישן האָט מען אויסגעשטעלט און אויף זיי — כל־טוב: געבאַקן און געקאָכט אין דער גרויסער לאַגער־קיך. מעדני־מלך געווען. און אַ גאַנצן טאָג, ערב דער חתונה, האָט מען געטראָמפּייטערט איבערן לאַגער, אַז אַלע לאַגער־יידן זענען פאַרבעטן, אַלע — גרויס און קליין. דער לאַגער־רב וועט האַלטן אַ דרשה. און דער יידישער „טשעפּליין" פון דער אַמעריקאַנישער אַרמיי וועט אויך זיין.

און אַז די סעודת־שמחה האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן, האָט מען זיך אַרומגעזען: דער גאַנצער לאַגער איז געקומען; נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַלעמען. האָט נישט לאַנג געדויערט — און די טישן זענען געוואָרן אַרויסגעטראָגן אונטערן פרייען הימל. און דראָטן זענען געוואָרן פאַנאַנדערגעהאָנגען פון בוים צו בוים און אויף זיי — גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס האָבן באַוואָרפן מיט מילך־ליכט אַלץ און אַלעמען. אַזאַ העלקייט האָט מען נאָך אין לאַגער נישט געזען. און אַזאַ פרייד האָט זיך נאָך נישט געצייכנט אויף קיינעמס פּנים: יונגוואַרג און אַלטוואַרג — אַלץ איז קעגנגעלאָפן חתן־כלה; אַלץ האָט געטראָגן אויף די הענט סאַלטשען און נחומטשען.

לאהלע איז געווען איינגעהילט אין אַ ווייסן שאַל און אין אַ שוואַרץ קלייד. אַזוי האָט זי געוואָלט און נישט אַנדערש. נעבן איר — ביים אויבן־אָן — סאַלטשע. ביי דער זייט — סענדער מיט זיין זונעלע. און אין ביידע זייטן — דער לאַגער־רב און דער „טשעפּליין". און ביי די טישן, וואָס האָבן זיך געצויגן העט־אַראָפּ, לענג־אויס דעם וועלדל און שיער דערגרייכט ביזן באַן־בריקל — דער גאַנצער לאַגער: קליין און גרויס.

דער אָוונט — אַ קילער, אַ האַרבסטיקער. אָבער די הייסע מאכלים

און אויפהיצנדיקע געטראַנקען האָבן אַלעמען צעוואָרעמט. און אַ בדחן איז געווען. און כּלי־זמרים זענען געווען.

גאָרנישט האָט געפעלט אויף דער שמחה אין לאַגער ווינדסהיים.

בלויז איין זאַך:

די שמחה איז נישט געווען מלא.

אַנטקעגן דעם לאַגער ווינדסהיים האָט זיך געזען דאָס שטעטל ווינדסהיים. און בשכנות פון דער באַן־ליניע האָט זיך געפינען די דייטשע שטאָט נירנבערג.

ווי־זשע קאָן מען פראַווען דאָ שמחות, דאָ און טאַקע דאָ?

דער לאַגער־רב האָט גערעדט וועגן דעם גאָר־נאָענטן נעכטן, דעם טרויעריקסטן אין דער יידישער געשיכטע און דערמאָנט די פרייד אין אַ יידישער לאַגער־משפּחה. מען טאָר נישט כּסדר טרויערן. אַזוי וויל זיך דער משחית. אַ צולהכעיס אים, דאַרף מען די אבלות אויסמישן מיט שמחה. פאַרבינדן אַ יידישע טאָכטער צו אַ מאַן; אומקערן אַ יידיש קינד צום יידישן פאָלק... און דער „טשעפּליין" האָט גערעדט וועגן פאַרמערן דאָס יידישע פאָלק — צולהכעיס דעם פאַרטיליקער. ער האָט אַ קוש געטאָן סאַלטשעלען, אין וועלכער אויך ער האָט געהאַט אַ חלק. נו? און אַ טאַנץ האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט, אַ טאַנץ...

גאַנץ ווינדסהיים האָט זיך געפרייט.

אויך פון שטעטל זענען געקומען דייטשן, געשטאַנען אויפן בריקל און אַראָפּ אונטן, געשטאַנען מיט שטורקאַצן און פייערן אין די הענט. און אַן אַלטער דייטש האָט זיך גערוקט נענטער און נענטער. מען האָט אַרויסגעזען זיינע וואָנסעס, זיין גרויסן בויך. אַ דייטש פון שטעטל. זאָל מען אים פאַרטרייבן? זאָל מען פאַרשטערן די שמחה? — — — —

סאַלטשעלע האָט געשיינט פון פרייד. די שמחה איז אירע. ווינ־ציק האָט זי פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. די מאַמע האָט חתונה מיט אַ טאַטן. וואָס פריער איז פאָרגעקומען ווייס זי נישט. און גלייכער זי זאָל נישט וויסן. אָבער אַז דאָ איז אַנדערשדיק און משונהדיק, ווי דאָרט איז געווען, ביי אירע דייטשן דאָרט — דאָס פילט זי און זעט זי.

אָבער נישט אַלץ באַנעמט זי שוין. איז מען פריילעך — דאַרף זי אויך פריילעך זיין.

ביי לאהלען איז עס געווען אַנדערש. פאַר איר שטייט איצט אַ ניי לעבן — פאַרהוילן און פאַרבאָרגן. אָבער גוט איז, וואָס דאָס טעכטערל זיצט ביי איר זייט. איצט וועט עס האָבן אַ טאַטן — כאָטש צופרי צו פאַרגעסן, פרי... זי האָט איינגעבליקט די אויגן צו דער זייט פון שטעטל. וואָס עפּעס אַזויפיל ליכט דאָרט? און דערזען דעם אַלטן דייטש צווישן די ביימער. איז יאָהאַן געקומען זיך פרייען מיט איר פרייד? אַ דייטש איז ער. האָט איר געטאָן אַ גרויסע טובה מיט אָפּראַטעווען ס׳טעכ־טערל. אָבער נישט קיין מענטשלעכע טובה. ער האָט נישט געראַטעוועט אַ יידיש קינד. בלויז אַ מסחר האָט ער געמאַכט. איז דאָס אויך גוט. דאַרף מען אים פאַרבעטן צום טיש? סענדער האָט זיך קעגנגעשטעלט. דייטש איז דייטש. אָן געלט וואָלט ער סאלטשעלען נישט געראַטעוועט, וואָלט ער...

— אָבער אַנדערע דייטשן האָבן דאָך קיין געלט אויך נישט גע־וואָלט!...

— איז דער פון די בעסערע רשעים, אַלצאיינס. זייערע אַלע טו־בות זענען געווען בלויז פאַר אייגענעם נוצן. איינצלנע זענען געראַטע־וועט דורך פאַרשידענע וועגן, אָבער אַלע זענען אומגעקומען פון אַ דייטשן טויט. פאַרשטייסט?

— און ווי קאָן מען נישט דאַנקבאַר זיין אַזאַ רעטער? אַ דאַנק אים זיצט דאָך איצט דאָ מיין טעכטערל!

לאהלע האָט געהאַט רעכט. און סענדער האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. זיין שנאה צו יעדן דייטש איז געווען טיף איינגעקריצט אין אים. זאָל זי טאָן ווי זי פאַרשטייט. איצט דאַרף מען זיך משמח זיין.

דער בדחן — אייליק און פלינק — האָט זיך געמאַכט פלאַץ אינ־מיטן אַ טיש, פאַנאַנדערגעשטעלט די פיס און גענומען דעקלאַמירן — גיכער צום לאַגער־עולם, ווי צו חתן־כלה:

לאָמיר אונזער טרויער איינהילן אין פרייד
און נעמען דעם הימל פאַר אַן עד:
פרייען זיך, אָבער נישט פאַרגעסן די אבלים־לאַנגע קייט!

פריילעך לאָמיר זיין איצט
אונטערן הימל גע־שיצט
און נישט פאַרגעסן דעם גוטן זאָאָאג:
מחה תמחה... אויף זיי אַ קלאָאָאג...

יידן, רבותי, געראַטעװעטע און געפלינדערטע,
מיר זענען דאָך די ניסימדיקע און
געהינדעערטעעע;
לחיים כל ישראאאל און חתן־כלה אויך!

סאלטשעלע און נחומטשע זאָלן אויפן גוטן דרך גיין
ומלאאאה הארץ, זאָגט אַליין:
ונאמר אאאמן!

לאהלע האָט געהאַלטן איינגעשטאָכן אירע אויגן צווישן דיביימער. ז׳אָס ליכט האָט פאַרבלענדט איר בליק, פאַרשאָטנט דעם פריילעכן טיש. בלויז אַ ווייל איז זי נאָך געזעסן רואיק. גלייך האָט זי אַ נעם געטאָן סענדערן אונטער אַן אָרעם, דאָס טעכטערל — ביי אַ האַנט און ער — נחומטשען. מאַן און ווייב און צוויי קינדער — אין באַגלייטונג פון פידל און טראָמפּייט — האָבן דורכגעקרייצט דעם גאַנצן לאַגער, פאַרשווינדן צו זיך אין שטיבל.

און אין שטאָט און אין לאַגער ווינדסהיים — האָט מען לאַנג גערעדט וועגן דער ערשטער יידישער חתונה.

די שטעטלשע דייטשן:

„די יידן האָבן דאָ חתונה און וועלן שוין זיצן צווישן אונז“.

און די לאַגער־יידן:

„די איצטיקע חתונה איז בלויז אַן אָנהייב; נאָך חתונות וועלן פאָר־קומען; מ׳עט נאָך דערלעבן חופּות ביי סאַלטשעלען און נחומטשען, זי־כער דערלעבן״.

...די שמחה אין ווינדסהיים האָט זיך לאַנג געדענקט, געדענקט און געבליבן איינגעקריצט אין זכרון — ווען מאַן־ווייב און צוויי קינדער זענען די ערשטע אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער, אַוועקגעפירט גע־וואָרן אויפן וועג פון די „מעפּילים״ —

דאַן האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן די שמחה אין ווינדסהיים:

אַ שמחה, וואָס נאָר ווינדסהיימער לאַגער־יידן האָבן זי געקאָנט פילן.

# חב״דניקעס

אַלטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער שלאָף־באַנק. ווו אַ טראָט — שיך, שטיוול, אָניצעס. אין זיין איילִיקייט האָט ער פאַרגעסן, אַז ר׳דאַרף אָפּגיסן די הענט, גיין אויף נקיות.

— חברה, אויפגעשטאַנען! — האָט ער צעטרייסלט די קודלעס פון זיין באָרד, צעשויבערט די פאות, וועלכע זענען געווען באַזעצט מיט שטעכלקעס פונעם האַרטן שטרוי־זאַק.

דורך די פענצטער האָט אַריינגעפּראַלט דער פרימאָרגן וואָס האָט דערמאָנט, אַז אַ נאַכט איז פאַרביי — אַ נאַכט אויף האַרטע, סאָל־דאַטסקע בעטן — ערגעץ אין אַ ווייַנער קאַזאַרמע.

און פאַר אַלטערס אויגן האָט זיך גענומען צייכענען אַ בילד:

מיט יאָרן צוריק. אַ בחור אין דער לובאַוויטשער ישיבה. דאָנער־שטיקס אויסגעפּילט מיט חב״ד. מתיקותדיקע אָוונטן ביז השכמה. און אַז דער שלאָף, נאָך אַ נאַכט אויפזיין, האָט גענומען שטאַרק מאַטערן, האָט מען זיך פאַרטאָג פאַנאַנדערגעלייגט איבער די בענק, איבער די טישן, ביז עולם איז צוזאַמענגעקומען צו שחרית.

חיותדיקע טעג זענען זיי געווען דאַן, אין לובאַוויטשער ישיבה.

פון דאַן ביז איצט איז שוין פאַרביי אַ קימא־לן פון דריי צענדליק יאָר׳, דורכגעפּלאָכטענע מיט אָנשיקענישן, מיט פורעניות. אָבער פון ס׳זייניקע האָט ער נישט אָפּגעקערט. אדרבא. דער חב״דישער סדר האָט זיך געשטאַרקט אין אים, אַרויסגעבּרענגט פון אים יענע פונקען, מיט וועלכע ס׳האָט געלויכטן דער צדיק פון לאַדי.

און ביי אַלטערן נסיונות זענען שוין אַ רגילות. וואָס מער שטרויכ־לונגען, אַלץ שטאַרקער אמונה, אַלץ שטאַרקער וועקט זיך אין אים בטחון.

דאָס פילט ער טאַקע איצט. אמת, די היינטיקע נאַכט איז נישט געוועזן קיין ליל שמורים, ווי דאַן אין ישיבה. דאָך עפּעס ענלעכס האָט זי געהאַט אין זיך. אַ צעוואַלגערטע נאַכט אויף טישן, בענק — אַ נאַכט צווישן אייגענע יידן אויפן וועג צו גאולה.

פון בעטלעך און דיל האָבן נאַקעטע פיס זיך גענומען איינציען, פנימער און בערד — גענומען באַוועגן אינעם געדיכטן חלל.

— נו, ר' אַלטער, שוין צייט צו השכמה, האַ?

— שוין לאַנג צייט. יידן שטייט אויף!

און ווען דער אָרום איז געוואָרן אויסגעפילט, געוואָרן באַשטעלט מיט גופים, דאַן איז אַלטער אַוועק צו זיינע הצטרכותן.

דאַן האָט סענדער פאַנאַנדערגעוואָרפן זיינע הענט, זיין געדיכטן קאָפּ מיט האָר:

— אַ מאָדנער ייד דער דאָזיקער אַלטער; ווו מען דאַרף אים נישט, דאָרט שטופּט ער זיך!

— וואָס איז שוין ווידער דער קידער־ווידער? — האָבן אַלטערס יידן געפרעגט, אַלע מיטאַמאָל.

— איך וועל אייך שוין באַווייזן וואָס עס איז! — נעמט סענדער זיין האַנט־שטעקעלע, לאָזט זיך צו דער טיר, בלייבט דאָרט שטיין מיט אַן אָנגעשפּיצטן בליק.

— זעט־נאָר ווי ער שטעכט דאָס אויף אונדז מיט אַזאַ רוגזה — האָבן יידן זיך איבערגעקוקט — גלייך, ווי מיר וואָלטן אים צוגענומען מי־יודע וואָס!

— פאַרשטייט איר מיך, יידן — איז סענדער צוגעגאַנגען נענטער צום עולם — איר האָט נישט דורכגעמאַכט דאָס וואָס איך!

— נאָך ערגערס דורכגעמאַכט!

— אָבער געברענט האָט מען אייך נישט!

— אויף קידוש־השם זענען מיר געגאַנגען!

— צוליב וואָס און מיט וואָס?

— צוליב מקדש־השם זיין דורכן וועג פון חסידות!

— עט! — האָט סענדער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — די בכורה קומט אייך נישט דערפאַר...

***

די באַוווינער פונעם באַראַק: יידן, אַנטלאָפענע פון ווייטן מזרח — לובאַוויטשער חסידים און יידן, באַפרייטע פון קאַצעטן. אַלעמען זיי, האָט מייחד געווען איין געדאַנק — פאַרלאָזן וואָס־גיכער ווין, קומען אויף אַ מקום־מנוחה. שוין דעם פערטן טאָג וואָס זיי זיצן דאָ, אין דער עסטרייכישער קאַזאַרמע, וואַרטן: ווי מ׳האָט זיי פאַראייניקט, אַזוי זאָל מען זיי פאַנאַנדערשיידן. די קאַצעטניקעס האָבן געהאַלטן, אַז צו זיי געהערן די בעטלעך מיט שטרוי און די רעשט זאָלן שלאָפן אויף דער ערד. די לובאַוויטשער זענען אָבער געווען פאַרעקשנט, נישט געוואָלט אָפּטרעטן זייער פּלאַץ. ספּעציעל האָט אַלטער גערעשט:

— אויך מיר האָבן געליטן... יאָ, געליטן...

אַ גיך־לויפנדיק מענטשעלע, באַוועגנדיק אין זיין גאַנצן צוזאַמענשטעל, האָט ער, גלייך, דעם ערשטן טאָג, נישט אַריינגעלאָזט דעם קעסל זופּ, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון קאָרידאָר:

— קיין טרפות עסן מיר נישט...

און דערנאָך אַפילו, אַז מ׳האָט געבראַכט פלייש מיט אַ הכשר פון אַמעריקע, האָט אויך אַלטער די פּושקעס נישט אַריינגעלאָזט:

— מיר עסן נאָר פון אייגענער שחיטה...

האָט שוין דאָס דאָזיקע נישט געקאָנט פאַרליידן סענדער:

— אַ ייד, אַן אָנשיקעניש, פאַרזאָרגט אונז מיט עולם־הבא...

אין סענדערס צעפלאָשעטער טשופּרינע איז געלעגן עפּעס, אַזוינס, וואָס האָט דערמאָנט אַן ירגזון צוזאַמען מיט נאַכגיביקייט. פון ביידן צוביסלעך. יעדע ווײַלע, ווען ס׳איז געקומען צו מחלוקת צווישן אים און אַלטערן, האָט ער, אייליק, אַרויפגעשאַרצט דעם אַרבל איבער זיין לינקער האַנט, גלייך ער וואָלט זיך מכין געווען צו פאַרמעסטן איבער זיין קעגנער. דאָס דאָזיקע האָט באַוואָרפן מיט פחד די באַבערדלטע יידן אויף זייערע נאָרעס: ט׳האָסטו — אַ רוצח! אומזיסט איז אָבער געווען זייער

ערעק. דאָס האָט סענדער אָפּגעדעקט זיין האַנט, כדי צו באַווייזן דעם בלאָען נומער, וואָס מ׳האָט אים אויסגעקריצט אין קאַצעט:

— איר זעט? נאַט, זעט!

האָבן יידן באַקוקט דעם נומער, איינגעקנייטשט די פּנימער און געשוויגן. זייער שווייגן האָט געהאַט צו זאָגן:

אַ ייד האָט זייער פיל געליטן, יאָ, אמת, נאָר — מיטן גוף; מיר, אָבער, מיר, לובאַוויטשער חב״דניקעס, ביי אונז האָט זיך געפּייניקט די נשמה... איי, די נשמה...

צו קיין אויסגלייך האָט קיינמאָל נישט געקאָנט קומען. ביים עסן האָבן די קאַצעטניקעס געמוזט אַריין אין אַ צווייטן באַראַק און די חב״דניקעס האָבן פאַרביסן מיט ברויט און אַ פּאַרווע שמירעכץ דערויף. אַזוי דעם פערטן טאָג.

פאַרנאַכט איז אַלטער אַוועק איבער ווינער גאַסן.

דער אַרום — דורכגעגעסן מיט פּראָסטיקער בייסיקייט. יעדער אָטעם־צי — ווי שטעכיקע שפּילקעס וואָלטן אַרומגעטאַנצט איבער נאָז און ליפּן. דער חודש — שפּעטער תשרי. און די דייטשן, מיט זייערע גרינע קאַפּעלושלעך, באַזעצט מיט באַרשטן און בלעכלעך, זיי איילן פאַרמאַכט אין זיך, ברענגען אַרויס פון די ביר־שענקען געדיכטע פאַרע־קנוילן, וועלכע דערציילן, אַז — ווי געווען, אַזוי פאַרבליבן.

פאַרדריסט דאָס דאָזיקע אַלטערן. בפרט, ווען ער זעט, ווי דייטשן חוזקן פון זיין באָרד־און־פּאות, שמייכלען פון זיין איינגעטולעטן גאַנג. מהרסיך ומחרביך — טראַכט ער אין זיך — אָט זענען זיי, די פאַר־דארבער, די צעשטערער...

איצט גייט ער אינעם ראָטשילד־שפּיטאָל, דאָרט, וווּ ער מוז היינט באַקומען אַ תשובה: ווי לאַנג נאָך וועט ער זיך געפונען אין דעם מקום־טומאה?

אַ מאָדנע זאַך: ווען מ׳האָט אים געפירט איבער גרענעצן, האָט מען אים אומעטום מבטיח געווען:

— אייער וועג וועט זיין אַ גלייכער, אָן שום מכשולים.

און איצט, וואָס זעט ער? — שוין קרוב צו אַ חודש נע־ונד און

געפינט זיך נאָך אַלץ, אפילו נישט אינמיטן וועג! פאַרוואָס האָט מען אים געפירט איבער פוילן, טשעכיע, עסטרייך און ווער ווייס נאָך איבער וועלכע לענדער? האָט מען דאָך געקאָנט דאָס מאַכן טאַקע, ממש, גלייך. ווי מ׳האָט אים לכתחילה מבטיח געווען!...

דאָס אַלץ טענהט ער איצט אינעם ראָטשילד־שפּיטאָל. אָבער קיין תשובה באַקומט ער נישט. דאָרט שמועסט מען, אַז נאָך היינט וועט מען אַלעמען אַוועקפירן קיין לינץ און אפשר, מאָרגן גאָר. און וואָס וועט זיין אין לינץ? ווייבען דען דאָרט נישט קיין דייטשן?... אַלטער האָט איצט איין בקשה:

— יידן, האָט רחמנות, פירט מיך אַרויס פונעם מקום־טומאה...

רינגלען אים אַרום נייגעריקע בליקן פון בחורימס אויגן:

— וווהין, פעטער, ווילט איר פאָרן?

— צווישן יידן, נאָר צווישן יידן — קנייטשט אַלטער זיין שמאָל גופל — כ׳קאָן זיי נישט אָנקוקן, די עמלקים...

גייענדיק צוריק צו דער קאַזאַרמע, איבערן וועג, האָט אַלטער געזוכט עצות, ווי אַזוי שלום צו מאַכן מיט דעם סענדערן, מיט די קאַצעטניקעס דאָרט. יידן, וואָס האָבן זייער פיל געליטן, צי טאָר מען דען פוגע־בכבוד זיין אַ ייד...

ער האָט, אָבער, שוין נישט געדאַרפט טראַכטן מכוח דעם. אין באַראַק זענען די קאַצעטניקעס געזעסן מיט פאַרדעקטע קעפ. אַוועקגעוואָרפן דעם צולהכעיס. געזעסן אויף בענק, אויף טישן, אויף געלעגערס. איטלעכער האָט געפריידיקט אַרום זיך, געווען אָנגעפילט מיט נחת. מ׳האָט נישט געוואָלט הערן די תשובה, וואָס אַלטער האָט געברענגט פונעם ראָטשילד־שפּיטאָל. אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז מען דאַרף זיך מכין זיין אין וועג אַריין. נאָך היינטיקע נאַכט.

איז מען געזעסן צוזאַמען. צווישן די קני, אין די הענט — פאַרביקע פלעשלעך, וואָס די חבדניקעס האָבן אַרויסגעפּאַקט פון זייערע פעקלעך.

— לחיים, יידן!

— לחיים ר׳ אַלטער!

— לחיים, סענדער!

יעדער באַזונדער, אַלע צוזאַמען, האָבן זיך געהוידעט אויף זייערע ערטער, מיט פרייד, מיט התלהבות.

ס'האָט זיך דערוועקט אין די לובאַוויטשער יענע שמחה, אַ שעה פון יענע שעהן.

ווי זיי האָבן געלערנט אין די ספרים פון רב שניאור־זלמן מלאַדי:

...ייחוד, התייחדות... עם אחד... אתה אחד...

— א־הא הא! הא־־הא־א־א! — האָט אַלטער, שטייענדיק ביי דער טיר, צעפינקלט זיינע אויגן איבער די טישן און נאָרעס — ועשו כולם.. יאם־בים־באי!

אין דער איצטיקער פריידיקייט האָבן אַלע פאַרגעסן, וואָס זיי זע־נען דורכגעגאַנגען אין די מדורי־גיהנום. אַ יידישע געבונדקייט האָט אַלעמען צונויפגעהעפט. ס'האָט נאָר געדאַרפט זיין אַ כוח צו דעם. און דעם כוח האָבן אַרויסגעבּרענגט די לובאַוויטשער חסידים, די חבדני־קעס:

— ועשו כוללם — האָבן זיי געשאָרוועט מיט די פלעשלעך אי־בער קעפ — אגודדדה אחחחת...

פון די הויכע נאָרעס אַראָפּ, האָבן געפּאַטשט שטיוול אין שטיוול. הענט אין אַקסל. און אונטן, אויף אָפּגעליידיקטע פּאָדלאָגע־ברעטער — זיך געדרייט, אין אַ ראָד, יידן מיט בערד, יידן אָן בערד; אינמיטן — אַלטער און סענדער; דער ערשטער — פּאַריסן זיין בערדל אין דער־הייך, דער צווייטער — געפּאָכעט זיין נומערירטע האַנט צו די נארעס:

— ועשו כולם, הא־יאי־איי־באם!...

אַזוי אַ גאַנצן אָוונט, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

פאַרטאָג איז דער באַראַק געוואָרן אָפּגערייניקט.

פאַרטאָג האָט אַלטער ס'לעצטע מאָל געקוקט אויף ווין.

ווי גרויס עס איז דער כוח פון חבדניקעס — האָט ער געטראַכט מיט התלהבות — ווי גרויס, ווי גרויס...

# אַ גנשעניש

איבערן בלאָטיקן וועג, וואָס שניידט־פאַנאַנדער צוויי רייען לאַגער־באַראַקן, שפּאַנט אייזיק מיט איילקער גיכקייט, איילט צום שכנס באַראַק, איידער דער בין־השמשות פאַרשלינגט דעם לאַגער. אייזיק — בלויז גלאַנץ: זיינע נעגל, זיינע באַקן, די אויגן און האָר — אַלץ אויף אים אויסגעשמירט מיט אַ פעטער גלאַנציקייט. זיין באַוועגן זיך, זיינע מאַניערן — אַלץ דערציילט, אַז אייזיק קומט פון אַן אַנדער וועלט; אַז אייזיקן איז דערווידער די לאַגער־וועלט. און וועמען פון די לאַגער־איינוווינער איז יאָ צום האַרץ דאָס לאַגער־לעבן? אייזיק טיילט זיך אָבער אויס פון אַלע. זיין וועלט איז געווען אַן אַנדערע, אַן אויסטערלישע. אדרבא. זאָל מען אים אויסהערן. און זאָלן יידן זאָגן, צי איז ער נישט אַנדערשדיק ווי אַנדערע. אייזיק וועט דערציילן. אוודאי וועט ער דערציילן. אַזאַ געשעעניש, ווי ער האָט געהאַט, האָט קיינער נישט געהאַט. אַן אויסטערליש געשעעניש!

די הילצערנע באַראַק־וווינונג איז פאַנאַנדערגעשניטן מיט קאָלדרע־ווענטלעך. דאָ און דאָרט — געוואַלגער אויף אַ בעטל, געוויין פון קינד און טונקעלן בין־השמשות.

— גו׳, זעץ דיך, יוזשעק — קנייטשן אויף זיין אַקסל עטלעכע הענט, ציען אים אַראָפּ צום בעטל.

אייזיק ווערט זיך. עס אַרט אים נישט די גוטברודערשאַפט פון זיינע שכנים, נאָר — ער וויל דאָס נישט אַרויסברענגען פאַרן מויל. גלייכער שווייגן. פאַרוואָס רופט מען אים יוזשעק? אַזוי האָט ער גע־הייסן אויף דער „אַרישער" זייט. איצט איז זיין נאָמען אייזיק. איצט וועט אייזיק דערציילן די געשיכטע פון יוזשעקן — אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

איבער צעהאָנגענע קאָלדרעס האָבן זיך גענומען באַוועגן רויכיקע שאָטנס. אַ נאַפט־לעמפּל האָט פּאַרטונקלט די געפּאַלדעוועטע האָר אויף אייזיקס קאָפּ. איין בליק אויפן גלאַנץ פון די נעגל, אַ צווייטן בליק מיט די פינקלדיקע אויגן אויפן נייגעריקן אַרום — און אייזיק האָט אָנגע־הויבן דערציילן זיין אויסטערליש געשעעניש. גערעדט האָט ער קורץ, פאַרשטענדלעך. פאַרענדיקט יעדן זאַץ מיט אַ קלאַנג. דער ניגון אין זיין טאָן האָט געהאַט אין זיך פיל עלעגאַנץ, דערציילט, אַז זיין באַלעבאָס איז צוגעפּאַסט צו זיינע ווילקליננגעוודיקע ווערטער. —

— קיין וואַרשע בין איך געקומען זוכן אַ דירה. דאַן האָב איך גע־הייסן יוזשעק. פּאַן יוזשעק. אַ סוחר פון פּאַרפומען און נאָך אַזעלכע איידעלע זאַכן. ווו באַקומט מען אָבער אַ דירה אין יענע גיהנום־טעג? איך עפן דעם „קוריער״ און דאָרט לייען איך: „אַ יונגע אלמנה, קאַטויליש דערצויגן, זוכט אַ לעבנסבאַגלייטער״... טפו, אין דער וועלטס מאַמע אַריין! — שפּיי איך אויס. סאַראַ ווערט האָט דען דעם יידס באַוועגן זיך איבער די וואַרשעווער יערוזאָלימער אַלייען? איך, אייזיק, זוך דאָרט איינעם אַ נומער. וואָס אונטער מיין האַרץ־ברעטל האָט זיך דאַן גע־טאָן, לאָז איך איבער פּאַר אייך זיך פאָרצושטעלן. מיין וואָנסעלע עלעגאַנט, מיינע האָר פּאַרקעמט מיט פּאָמאַדע, די ליפּן — אויף זיי אַ קללה פאַר יעדן ערשטן דייטש און פאַר יעדן דריטן פּאָלאַק... היינטישע כאַמעס. אַ צי ביי אַ גלעקל. האָט איר שוין געזען אַן אַרטיסט אין פּראַנץ־יוזעפס הויזן? אַזוי האָב איך אויסגעקוקט, ווען כ׳בין געשטאַנען אין קאָרידאָר אַנטקעגן דער יונגער, קאַטויליש־דערצויגענער אַלמנה. אַ וואַרעם הענטל האָט אַ ברי געטאָן אויף מיין בלוט. אַ גלאַנציקער צלם האָט געשטאָכן אין די אויגן.

מיין נאָמען איז: פּאַן יוזשעק. סטודענט פון טעאָלאָגיע. סוחר פון פּאַרפומעריע. בין דערצויגן קריסטלעך. קום פון גאַליציע...

מיין נאָמען איז: וואַנדאַ. פּאַן יעזוס איז מיין באַגלייטער. סטעפּאַן איז געפּאַלן ביי די גאָטסלאַזיקע. איצט בין איך אַן אַלמנה...

וואַנדאַ פירט מיך אַריין אין אַ שמאָל צימערל. איך קוק אויף איר. זי אויף מיר. אונזער „זעאונג״ איז פאַרביי. די יונגע אַלמנה געפעלט

מיר. עס געפעלט מיר אויך איר דירה. אין אַ שעה אַרום — די קאַטוי־לישע אַלמנה צערטלט מיין וואַנסעלע, פירט מיט אַ ווייך הענטל איבער מיינע פּעטע, שטעכיקע האָר. אומגליקלעכע קריסטלעכע נשמה. ווייסטו דען, אַז דו געפינסט זיך ביים טייוול אין די הענט?! זי ווייסט נישט. און אפשר וויל זי נישט וויסן מיין אָפּשטאַם? זי דאַרף אַ חתן — קאָן דען אַ ייד נישט זיין אַ גוטער חתן און לעבנס־באַגלייטער צו אַ קריסט־לעכער אַלמנה?

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר חתונה געהאַט. ביים פאַרלאָזן דעם יעזואיטישן קלויסטער, האָט דער גלח צו אונז געזאָגט: „יוזעף און וואַנדאַ זשימקאָווסקיך; זאָל גאָטס נאָמען רוען אויף אייערע ליפּן אויף אַלע אייביקע אייביקייטן". איך האָב אים אַריינגעקוועטשט אין האַנט אַ צענערל. ער האָט אונז באַגלייט ביז אויף דער גאַס אַרויס. „זאָל יעזוס באַשיצן זיינע קינדער; פון זיינע ברידער האָט ער זיך אָפּגעקערט; גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די זשידעס קעפּ; אַ גליקלעך צוזאַמענ־לעבן".

ס'איז געווען מיטן הערבסט פון פיר־און־פערציקער. וואָס האָב איך שוין נישט אָפּגעטאָן פאַר דער גאַנצער צייט? און שטענדיק האָט מיך געראַטעוועט מיין „אַריש" פּנים. איר וווּנדערט זיך? ביי דעם פּוילישן צאָן־דאָקטאָר, וואָס כ'האָב געאַרבעט ווי אַ געהילף־יונג, האָבן די דייט־שע פּאַציענטן באַקומען די כאָלערע נאָך מיר; באַווייזנט מיין יתומהש־קייט; הנאה געהאַט פון מיין קריסטישע עלעגאַנץ. איך האָב זיך גע־בויגן און געניגט און אַלץ — מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן. און אין דער זעלביקער צייט האָבן געברענט אונטער מיר די טריט. ווי אַזוי פאַרגעסט מען אייגענע, וואָס ווערן געפּייניקט בשכנות פון דיר?...

די קראָקעווער פאָרשטאָט איז געווען באַוואָרפן מיט האַרבסט־בלעטער. איך האַלט מיין כלה אונטערן אָרעם. לענג־אויס דעם ווייסל־ברעג שפּאַנען באַהעלמטע דייטשן. ווער נאָך לאַנג אָנהאַלטן זייער ממשלה אין פּוילן? דערווייל האָב איך געפונען אַ מקום־מנוחה. שטעלט זיך פאַר — אין יענעם יאָר, וואָס עס האָט געהייסן אַ באַהעלטעניש פאַר אַ ייד אין וואַרשע!...

אייזיק שפייט אַריין אין זיין פאַרביק טיכל; פּרעסט־איין די האָר אויפן קאָפּ; נעמט ציילן זיינע יאָרן: פון פערצן ביז זעכצן — געווען אַ ספּאָרטלער מיט אַ יידישן מגן־דוד; פון זיבעצן ביז ניינצן — זיך גע־גרייט צום אוניווערסיטעט; ביי די צוויי־און־צוואנציק אַנטלאָפן פון געטאָ. און איצט באַהאַלט איך מיין יידישקייט אונטערן שוץ פון דעם קאַטוילישן צלם... האָט דען ווער דאַן געטראַכט פון אַ גרעסער גליק? מיר איז עס באַשערט געווען. און פּרנסה איז אויך געווען צוביסלעך. בין איך געגאַנגען מיט וואַנדאַן יעדן זונטיק אין קלויסטער און דווקא צו די יעזואיטן. „פּאַנסטוואָ זשימקאָווסקיך!״ — האָבן פרומע לייט אונז באַגריסט. איך קוק אויף מיין יונג ווייבל און צאַפּל פון שרעק. זי קען אַלע תפילות פון אויסנווייניק. און צלמען צלמט זי זיך מער פאַר־נעם גלח. און נישט בלויז זיך — מיך צלמט זי אַמאָל דרייסיק. מיין האַרץ פאַלט מיר שיער אַרויס. איך וויל איר זאָגן, אַז מען דאַרף שוין גיין אַהיים. ווייסעך־וואָס. הייַנטיקע צייטן. עס קאָן אַ גנב פאַרבלאָנ־דזשען צו אונז. נאָר גיי רעד אַזעלכע רייד. ווי מיינט איר. דערמיט גיב איך גלייך אויס מיין ייד — און מען פירט מיך אַוועק אין פּאַ־וויאַק...

אייזיק האָט זיך אויסגעגלייכט אויפן בענקל, אַרומגעטאַפּט דעם גלאַנץ אויף זיינע פולע באַקן, צעשמייכלט זיינע ווייסע ציין איבער אַלעמענס קעפּ:

— איר ווונדערט זיך, האַ? איר פאַרשטייט נישט, ווי אַ ייד קאָן שלאָפן מיט אַ פרומער קריסטין?...

אַלע, אין באַראַק, האָבן אָנגעשטעלט די אויערן, געוואָלט הערן פון אייזיקן — ווי איז עס טאַקע מעגלעך געווען? נאָר עס איז שוין מעגלעך געווען. וואָלט זיך די מלחמה נישט פאַרענדיקט, וואָלט וואַנדאַ אויס־געפונען דעם ייד אין איר יוזשעקן — וואָלט אייזיק איצט נישט גע־זעסן דאָ און דערציילט זיין געשעעניש...

עטלעכע חדשים האָבן מיר געלעבט, ווי מאַן און ווייב. איך האָב זיך באַמיט צו גיין וואָס ווינציקער אין גאַס. וואַנדאַ האָט דאָס פאַר־שטאַנען. די דייטשן כאַפּן פּאָלאַקן, שיקן זיי ערגעץ אַוועק. עס האָט מיך

געגעבערט איר זינגענדיק פויליש, אירע צלמים, וואָס האָבן באַצירט די ווענט. צייטנווייז, זענען געקומען צו אונז געסט — קונים פון פאַרפּו־מען און פּאָמאַדע. דאַן האָב איך אויסגענוצט מײַנע אַלע מאָסן פון עלעגאַנץ, דאַן האָב איך אויסגעזונגען אַלע קלאַנגען, וואָס עס פאַר־מאָגט די פּוילישע שפּראַך. די קונים האָבן גערעדט וועגן דער מלחמה, וואָס די דײַטשן פירן קעגן די יידן. ווי עס וועט נאָר אומקומען דער לעצטער זשיד — דאַן איז אויס־מלחמה...

„פּאַן יוזשעק!“ — טוט צו מיר אײַנמאָל אַ זינג אַ בלאָנדער גלאַנ־ציקער שייגעץ פון אַ יאָר זיבעצן — „פּאַנסטוואָ זשימקאָווסקיך!“ — און ער לויפט האַסטיק צו צום פענצטער. דורך דער גאַס לויפן פאַרביי געפּאַקטע אויטאָס מיט די לעצטע וואַרשעווער יידן, אויסבאַהאַלטענע אויף דער „אַרישער“ זייט. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, וואָס איך האָב דאַן איבערגעלעבט. דער שייגעץ לאַכט אַרויס דורכן פענצטער. אויך איך מוז לאַכן. אַ ברירה האָב איך? אויך אויף וואַנדאַס גלאַנציקע באַקן גליטשט זיך אַ שמייכל. און דער שייגעץ דערציילט די גליקן, וואָס פוילן וועט דורכלעבן אָן די זשידעס... „קום אַ באָקס“ — זאָג איך צו אים — „לאָמיר זיך שוין פרייען אויף יענער קאָנטאָ“. איינס און צוויי — און ער ליגט איבער מײַנע קני. איך האָב חשק אים איבערצוברעכן. „יע־זוס־מאַריאַ!“ — צאַפּלט מײַן קאַטוילישע אַלמנה איבער דעם פּרצוף פונעם ברוין־בלאָען שייגעץ — „יוזשעק, אַך, יוזזועף!“... איך האָב זיך צוריקגעהאַלטן. ביים טיש האָט וואַנדאַ אויף מיר לאַנג געקוקט, מיך דורכגעשטאָכן מיט אירע ווייסע אויגן. אַזעלכע אויגן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען — ווי ביי אַ מויז, אַן עקדיש, אַ שלאַנג. זי האָט מיך גענומען חושד זיין — אַזוי האָב איך געטראַכט. אין אָוונט האָב איך זי אַוועקגעפירט אויף אַ פאַרווײַלונג. דער שייגעץ איז מער נישט געקומען צו מיר. דערפאַר בין איך אַוועק צו אים איבערבעטן, פאַר מײַן צו שטאַרקן „באָקסעווען“. זײַן טאַטע, אַ יוריסט, האָט מיך געלויבט פאַר מײַן עלעגאַנץ, פאַר מײַנע שטאַרקע מוסקולן און קאַטוילישן גלויבן. „אַ שאָד — האָט ער געזאָגט — אַז די דײַטשן זאָלן אויסנוצן אַזאַ געזונטן פּוילישן זון“. „קעגן די זשידעס דאַרפן מיר אַלע גייען!“

— האָט זיך געבייזערט דער בלאָנדער שייגעץ. דאַן האָט אים דער טאַטע באַרואיקט: „שוין נישטאָ קיין זשידעס אין וואַרשע; די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן"...

...די מלחמה האָט זיך געענדיקט. מיין עלעגאַנץ האָב איך דערהאַלטן אין זיך. אין יענע טעג האָב איך אויך אַ נדר געטאָן: מיין שכנס שייגעץ צו „צעבאָקסעווען" די ביינער. און אַזוי האָב איך געטאָן. דעם שייגעץ האָט מען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל און איך האָב געמוזט עוקר זיין קיין לאָדזש. מיין וואַנדאַ האָט מיך שוין דאַן נישט אינטערעסירט. אויך זי האָט צו מיר גענומען אַרויסווייזן אַ קאַלטקייט. מיר איז געווען אַלצאיינס.

אַלעמענס בליקן זענען געווען אָנגעשטרענגט. איטלעכער האָט שוין געוואָלט הערן די געשעעניש, וואָס אייזיק האָט געוואָלט דערציילן. און אָט, איז זי, די געשעעניש:

ביים לאָדזשער יידישן קאָמיטעט, ווו אייזיק איז געקומען זוכן קרובים, דאָרט האָט ער געטראָפן זיין וואַנדאַ. „וואָס טוסטו דאָ?" — האָב איך זי געפרעגט. „און וואָס טוסטו דאָ?" — האָט זי מיך געפרעגט. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך ביידע אָנגעקוקט, גלייך איצט וואָלט פאָרגעקומען אונזער ערשטע „זעאונג". מיר האָבן זיך באַוווּנדערט. סאַראַ טשעקאַוואָשטש האָט די קאַטוילישע אַלמנה ביים יידישן קאָמיטעט? און וואָס דאַרף דער פּוילישער עלעגאַנטער פּאַצעט צווישן די זשידעס?...

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ביידע זענען מיר געווען יידן, אַז ביידע האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן איינס פאַר ס'אַנדערע... איז דאָס נישט אַ געשעעניש אין אונזערע צייטן?...

# בריוו

דריי מאָל במשכן טאָג לויפט־פּאַרביי ס׳געסל דער בריוו־טרעגער מיט אַ פּאַק בריוו אין די הענט. און דריי מאָל במשכן טאָג קוקט הענעך אויפן זייגער, גיט אַכטונג גענוי אויף דער שעה, ווען דער בריוו־טרע־גער באַווייזט זיך אין געסל.

פיל מאָל טרעפט:

איילנדיקע טריט הייבן זיך איבער די טרעפּ, ווייכע טריט, וואָס דערמאָנען אָן אַ שטיל ווינטל־געריש. פאַרהאַלט דאַן הענעך דעם אָטעם, שטרענגט־אָן דעם געהער צום טיר־איינגאַנג. זיכער איז געקומען דער בריוו־טרעגער. באַלד וועט עפּעס דאָרט אַ סקריפּע טאָן. שוין לאַנג נישט דערהאַלטן קיין בריוו. איצט וועט ער אַ בליק טאָן אין בריוו־קעסטל. וועט... ס׳האַרץ קלאַפּט האַסטיק, ראַשיק. זיינע טריט — ווי אַ חולה וואָלט זיך געפונען אין שטוב; זיין געמיט — פול מיט האָפנונג: אימע־צער געדענקט אָן אים, אימעצער — ערגעץ אין ווייטע מקומות. מוז ער איצט מאַכן הכנות צום עפנען דעם בריוו, מאַכן זיך קוראַזש ביים לייענען אים. איז ער דאָך, הענעך, אַ דערוואקסענער מענטש. באמת, גישט לייטיש פון דיין זייט, הענעך, וואָס דו קאָנסט זיך נישט באַ־הערשן, קאָנסט נישט אַריינטאָן דיינע רעיונות אין עפּעס ממשותדיקס... נישט זיין דאגה. זאָל די פרעמדע וועלט טראַכטן וועגן טיפערע ענינים. ער האָט זיך זיין אייגן וועלטל, וואָס קוקט־אַרויס פון בריוו, פון דראָבנע־דראָבנע אותיותלעך, וועלכע קומען פון ווייטע ווייטענישן.

אַנטקעגן דעם פענצטער גרינט אַ דאַך מיט גראָז־באַדעק. אַ צע־העלט ביימל לאַשטשעט זיך אַרום אַ שטיק מויער־וואַנט. זומערדיקע מנוחה הילט־איין ס׳הייפל, די באַלקאָנען, פּעטע ווייבער, וואָס רוישן אַרום קיך־געשיר. און די זון פלייצט שפּעדיק איבער דאַך און אַספאַלט, איבער פענצטער און באַלקאָן, גרייכט אין קיך־ווינקעלעך, צעפרעגלט

פעטס אויף צעוירענע באַלעבאָסטעס, שווייסט אויף גוידערס און צע־פרייעטע בריסטן.

באמת — אַ חיות.

אויף הענעכס געמיט ווירקט נישט דער זומערדיקער טאָג. צווישן ד׳י פינגער — אַ נאָטיץ. ער איילט איבערן געסל. קוקט אויף זייגערס ציפערבלאַט. אויגן־בליק וואַרפט־אָפּ זונס גלאַנץ. איצט איז דריי. און פאַרוואָס זעט מען נישט דעם בריוו־טרעגער? פאַרוואָס איז ס׳געסל אַזוי פוסט? פאַרוואָס שיינט די זון בלויז אויפן דאַך, ברענט איבער שינד־לען. — און דער מענטש?...

הענעך מישט־איבער איין בלעטל פונעם נאָטיץ, אַ צווייטס. לייענט שטעט, מדינות, וווהין ר׳האָט געשיקט בריוו, פונוואַנען ער דאַרף באַ־קומען ענטפער —

אוי, גאָט! אָ־האָ!

דער בריוו־טרעגער גייט. ניין, נישט דאָס בלאָע היטל זעט ער, הע־נעך, אויף דעם וואָס טראָגט די בריוו. — בריוו זעט ער, בריוו: דראָב־נע־דראָבנע אותיות אָנגעפּיקעוועט אויף ביבולע־פּאַפּיר, געשיקט מיט אַעראָפּלאַן, מיט שיף, מיט באַן. און יעדער פון די בריוו הייבט זיך אָן — „מיין טייערער!“, „מיין ליבערו!“ אך! ווי גוט דער מענטש איז. יאָ. דער מענטש, וואָס געפינט זיך ווייט, אויף יענער זייט ים, אין ערגעץ אַ ווייטער וועלט...

הענעכס געשטעל — אַ דין ביימל, נישט באַוואָרנט פון שטורם. זיינע טריט — לייכטע, שאַרנדיקע: נישט שטערן געהער פון בריוו־טרעגערס גאַנג. די קנייטשן אויף זיין פּנים און שטערן — צעצאַפּלט, צעפריידיקט. זיין בליק היפּעט אַריבער קינדער־געשפּיל. דער בריוו־טרעגער גייט! און ווער ווייס: איז דאָך די פרייד נישט קיין זיכערע... זאָל ער אפשר אַ פרעג טאָן ביים בריוו־טרעגער? ניין. גלייכער זיך פאַר־גנבענען פון הינטן. אַ בליק וואַרפן אויף זיין פּעקל. אַזוי... בלאָע קאָנ־ווערטן. ווייסע קאָנווערטן. און אָט, זעט ער, קוקט אַפּער אַ געלער קאָנ־ווערט. אַ גרויסער. אַ ברייטער... ביז צו זיין הייפל איז נאָך פאַרבייצו־גיין עטלעכע טויערן. הענעך האָט צייט. וואַרט, ביז דער בריוו־טרעגער

לויפט שטאָק־אַרויף, שטאָק־אַראָפּ. און אָט, קומט ער אַרויס אויף דער גאַס. און אָט, האָט זיך ס׳פּעקל בריוו פאַרקלענערט. נאָך איין הויף — און ער וועט אַריין צו הענעכן אין טויער.

אין די מינוטן פילט זיך הענעך, ווי אַ שווער־קראַנקער וואָלט געלעגן ביי אים אין שטוב; ווי ער, הענעך, וואָלט געלאָפן צום דאָקטער מיט קולי־קולות. און דער דאָקטער האָט באַוויליקט מיט אים צו גיין. ער מוז אָבער, אויפן וועג, אָפּטרעטן צו איין פּאַציענט, צו אַ צווייטן...

און ס׳פּעקל בריוו ווערט קלענער פון טויער צו טויער. און די קנייטשן אויף הענעכס פּנים פאַרלירן די שמייכלען. בלויז אַ קליין שמייכעלע זיצט נאָך פאַרזעצט ערגעץ ביי די שלייפן. דאָס וויל הענעך נישט פאַרטרייבן פון זיך די פרייד. עס קאָן נישט זיין. ער מוז היינט באַקומען אַ בריוו. יאָ, ער מוז...

— אַ געזונט אויף אייך! — האָט זיך הענעך אויסגעגלייכט מיטן בריוו־טרעגער ביים טויער.

און דער בריוו־טרעגער:

— אַ גוט געזונט, מיין הער! אַ, מיין געערטער הער... טאַקע מיר איינברענגען דריי שטאָק שטיגן...

און ער עפנט פאַנאַנדער זיין לעדערנעם בייטל. זוכט דאָרט עפּעס, זוכט...

מסתמא אַ ווערטפולן בריוו, געשיקט פון ערגעץ אַ גאָנטן פריינט. ביי הענעכן ציטערן די פינגער. איז גרייט אונטערצושרייבן, אַז ער האָט דערהאַלטן אַזאַ און אַזאַ בריוו, אַ וואַזשנעם בריוו, אַ בריוו, וואָס איז געוואָרן געשאַצט מי יודע אין וויפיל... און דאַנקען וועט ער דעם בריוו־טרעגער: שאָקלען מיטן קאָפּ אויף רעכטס, אויף לינקס. אפילו די האַנט וועט ער אים דריקן, יאָ, ווינטשן אים...

הענעך פילט אַ טרוקעניש אויפן שטערן, אַ מאָדנע טרוקעניש, ווי עס וואָלט געלעגן אויף אים הייס זאַמד. מיט דער האַנט לויפט ער, איילין, אַרום אין אַ קעשענע. טאַפּט דאָרט מיט די פינגער. דאָס זוכט ער ס׳פּעקל פּאַפּיראָסן. די שוועבעלעך. וועט מכבד זיין דעם בריוו־טרעגער. וועט אים געבן, יאָ, אַוועקגעבן ס׳גאַנצע פּעקל...

— ביטע! — דערלאַנגט אים דער בריוו־טרעגער עטלעכע שטיק־לעך פּאַפּיר און נעמט אַוועקאיילן איבערן געסל.

הענעך לויפט אים נאָך, שרייט:

— ביטע, ביטע!

און דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיראָס, פּייער.

ער הערט אַ דאַנק, אַ העפלעכן דאַנק, אין וועלכן עס געפינט זיך פרייד און צער. אויך דעם בריוו־טרעגער פאַרדריסט עס שטאַרק... עס פאַרדריסט אים...

הענעך האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ טויער־ווינקל, פאַנאַנדערגעעפנט די פּאַפּירלעך. אין זיינע אויערן זשומעט נאָך דער גערויש, וואָס דער בריוו־טרעגער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך:

— איר וועט אַריינוואַרפן אין די בריוו־קעסטלעך ביי די שכנים אויך... אַ העפלעכן שיינעם דאַנק אייך...

רעקלאַמעס —

אַ שוסטער פאַריכט ביליק שיך; אַ זייגער־מאַכער קויפט אַלטע זייגערס; אַ קירזשנער פאַרטיקט־אויס פּעלצן צום ווינטער...

און פאַר די רעקלאַמע־מאַכערס, וועמענס שיק־ייִנגל הענעך איז איצט, האָט ער געפּטרט אַ פּאַפּיראָס, געפּטרט אַ שעה זון, דרייענדיק זיך אינעם פאַרעיפּושטן געסל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צען אינדערפרי, דריי נאָכמיטאָג און זעקס אָוונט — דריי מאָל במשכן טאָג לויפט־פאַרביי דער בריוו־טרעגער ס׳געסל. און דריי מאָל במשכן טאָג שנאַפּט הענעך צו דער טיר. שטרענגט־אָן זיין געהער צו יעדן שאָרך. אָט, דאַכט זיך אים, האָט עפּעס אַ סקריפּ געטאָן. זיכער אַריינגעוואָרפן אַ בריוו אינעם בריוו־קעסטל. שפּיצט ער אָן דעם בליק. עפנט ס׳גלעזערנע טירעלע מיט אַ ציטער אין די פינגער, גלייך אַ חולה מסוכן וואָלט זיך דאָרט געפונען. און אַז ס׳אייזערנע קעסטעלע איז ליי־דיק, ווענדט ער זיין בליק, מיט כעס, צו דער קיך: דאָס סקריפּעט די באַלעבאָסטע זיינע איבער אַ טאָפּ...

איילט ער גיך אַוועק פון געסל. קוקט אַרום זיך, ווי ר׳וואָלט מורא

געהאַט פאַר אימעצנס בליק. און אַז ער זעט נישט דעם בריוו־טרעגער, באַהערשט אים אַ צופרידנקייט: מסתמא האָט ער זיך פאַרשפעטיקט ער־געץ אין אַ הויף; באַלד וועט ער קומען, ברענגען...

און ווען מיטנטאָג, אָדער פאַרנאַכט — די באַלעבאָסטע באַגעגנט אים אין געסל מיט אַ חניפהדיקן שמייכל, זאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ, דאַן ווערט זיין טראָט ווי ביי אַ שעמעוו־דיק יינגל, ווען מ׳האָט געכאַפּט ביי אַ מיאוסער זאַך.

אינדערגיך פאַרשווינדט ער אין טויער, הייבט זיך איבער די טרעפּ. הערט נישט ס׳הילכיקע בילן פון שכנימס הינט. ענטפערט נישט אויף גריסן.

אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ!

אמת. זיין טיש איז באַלייגט מיט קאָנווערטן. איצט איילט ער זיך נישט. זאָלן זיי ליגן. אַזוי. נאָך אַ רגע, נאָך צוויי — הנאהדיקע מינוטן פון טראַכטן, פון שאַצן די גוטסקייט פונעם מענטש.

און אינדעראמתן:

אַ פריינט פאַרבעט אים אויף אַ חתונה; מען לאַדט אים איין אויף אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג; אַ פאַרטיי בעט אים צו קומען הערן אַ באַ־לערנדיקן רעפעראַט... און אָט, יאָ — אין דעם קאָנווערט געפינט זיך מסתמא אַזוינס, וואָס הענעכן וועט אינטערעסירן:

„מיין טייערער אומבאַקאַנטער פריינט — הייבט זיך אָן דער בריוו, געשיקט מיט אַעראָפּלאַן פון אויסלאַנד — איך האָב געהערט פון אייך זייעו׳ פיל גוטס; דעריבער וועט איר אויך איצט אַזוי גוט זיין און מיר אויפזוכן מיינס אַ קרוב, וואָס״...

אייליק עסט הענעך אָפּ אָוונט־ברויט, וואַרפט זיך אַריין אין בעט. עס ווילט זיך אים פאַרדושען וואָס־טיפער אינעם באַרג בעטגעוואַנט, וואָס־גיכער איינזינקען אין שלאָף.

און צומאָרגנס זיך אויפהייבן אַ פרישער, אַן אויסגעשלאָפענער. אפשר וועט דער מאָרגנדיקער טאָג אים ברענגען די פרייד, וואָס ער זוכט — אַ בריוו פון יענעם נאָנטן פריינט, נאָנט דערפאַר, ווייל ער געפינט זיך ווייט, העט־ווייט, אויף יענער זייט ים און וועלט...

# איינער אַליין

דעם לעצטן אָוונט וועט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן:

צווישן די צוויי באַבלעטערטע אַלייען, ווו ער שפּאַצירט טאָג־איין, טאָג־אויס, האָט ער געטראָפן אַ באַקאַנטן אויף אַ באַנק, זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים און גענומען רעדן. וועגן וואָס האָט ער אַלץ נישט גערעדט. — וועגן פרילינג, זומער; וועגן פייגל און די טויבן, וואָס פאָרן זיך אויפן דאַך קעגנאיבער זיין פענצטער. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן אַריינצוּוואַרפן ווערטער, מכוח בליענדיקער יוגנט און עלטער וואָס פאַרוויאַגיעט דעם מענטש.

ווי לאַנג האָט ער גערעדט?

ס׳האָט גענומען טונקלען און דער באַקאַנטער האָט געדרעמלט. אַ שאָד. פאַרוואָס הערט ער אים נישט? שיע איז איינער אַליין. זיין ווּקס — מיט אַ מענטשלעכן געשטעל, מיט אַ מענטשלעכן אויסזען. פאַרוואָס מוז ער, שיע, אַרומשפּאַנען זיינע טעג איינער אַליין, רעדן צו זיך, אַז פאַרבייגייער זאָלן וואַרפן אויף אים רחמנותדיקע בליקן? ער וואָלט אין זיינע שפּאַצירן אָפּגעשטעלט איטלעכן, ווער נאָר ס׳וואָלט חשק געהאַט מיט אים צו רעדן. צענדליקער שפּאַנען זיי יעדן טאָג, יעדן אָוונט. ווער מיט אַ דאַמע אונטערן אָרעם, ווער — באַגלייט פון קינדערישע קולות. און שיע איז איינער אַליין. וויפיל קנאה פילט ער צו די דאָזיקע מענטשן! פילמאָל דאַכט זיך אים, אַז ר׳האָט פאַרלוירן ס׳לשון. עפּעס ליגט נישט די צונג אויף איר אָרט. וואַלגערט זיך צווישן די ציין שמאַטעדיק, איבעריק. שיע וויל רעדן. נישט וויכטיק מכוח וואָס. וויל אויספרוון זיינע מויל־מוסקולן, זיין חיתוך־הדיבור. און אַז די אָוונטן נעמען פאַרדרענגט ווערן אין בין־השמשות, פאַרקלייבט ער זיך שטענדיק צווישן

געדיכטע בלעטער, נעבן אַ בוים — און רעדט. רעדט צום בוים, צום וואַסער־שטראָמל, וואָס צעלופטערט דעם אַרום.

שיע האָט נישט קיינעם.

ביי די פיר צענדליק יאָר האָט ער אַלעמען פאַרלוירן, אַלע זיינע פריינט. איצט — אַרום די פופציק — און זיין איינזאַמקייט דושעט אויף אים. שווער זיך צוצוקלייבן פריינט. אַזעלכע פריינט, ווי ר׳האָט געהאַט, וועט ער קיינמאָל מער נישט האָבן.

וואָלט ער חשק געהאַט, אַז אימעצער זאָל אים אויסהערן, אַז אי־מעצער זאָל עפּעס דערציילן, אים אַריינציען אין אַ שמועס, רעדן, רעדן...

— אַ גוטע נאַכט! — הייבט זיך אויף זיין באַקאַנטער פון דער באַנק — שוין צייט צו גיין אַהיים.

ביי שיען רייסט זיך עפּעס אָפּ אינעווייניק. ניין. ער האָט נאָך מיט אים כמעט גאָרנישט גערעדט. עס שרעקט אים זיין בלייבן ווידער אַליין, זיין גיין צו זיך אין ליידיקן שטיבל, צו די ליידיקע פיר ווענט.

— דערצייל עפּעס וואָס דו האָסט היינט געלייענט אין צייטונג — בעט ער זיך ביים באַקאַנטן — דערצייל...

און אַז דער באַקאַנטער שווייגט, טרייסלט מיטן קאָפּ מחמת מיד־קייט, פאַלט שיע אויף אַ פּלאַן: ער וועט אויסטראַכטן אַ ליגן, אַזעלכן, וואָס וועט אַריינציען דעם באַקאַנטן אין שפּאַנונג.

זאָגט ער:

— אין אַמעריקע — האָט נעכטן איבערגעגעבן דער ראַדיאָ — זע־נען דאָ אַ מיליאָן מענטשן־פרעסערס...

דאָס וועט פאַראינטערעסירן זיין באַגלייטער. ער וועט זיך נישט לאָזן איינרעדן אַזאַ ליגן, וועט אָפּפרעגן, שיע וועט צוריק ענטפערן — און נאָך אַ שעה רייד וועט זיך פלאָנטערן אַרום זיין פאַרפאַפטער צונג.

און ער האָט זיך גענומען גרייטן, גרייט מאַכן דאָס מויל, כדי אָפּ־צושלאָגן דעם אָנגריף. אָבער זיין פריינט שווייגט. מיט אַ האַנט־באַ־וועגונג מאַכט ער צונישט שיעס אויסטראַכטונג. שיע איז גרייט אויף אַלעם — און ר׳האָט ס׳זייניקע אויסגעפירט.

— דערצייל נאָר נאָכאַמאָל — האָט דער באַקאַנטער געזאָגט נאָך אַ שטילשווייגן — אַזאַ שטות הער איך ס׳ערשטע מאָל.

— בנאמנות, ווי כ׳האָב עס אַליין געהערט — האָט שיע פאַלש געשווירן — אַליין געהערט און כ׳גלייב דערין.

— ביזט אַ שוטה; אין אַלעם גלייבסטו; פעלט דען אויס אין אַמע־ריקע צו עסן, לאָמיר זאָגן, ברויט, אַז מען זאָל דאַרפן עסן מענטשן?...

— איז, טאַקע, אויב אַזוי, הער־זשע די גאַנצע מעשה; דו זאָלסט נאָר שווייגן, מיר נישט איבערשלאָגן אינמיטן און איך וועל אַלץ דער־ציילן, אָט אַזוי, פּינקטלעך... דו פאַרשטייסט... פּינקטלעך...

זעצן זיך ביידע צוריק אַוועק אויף אַ באַנק. דער אָוונט — בלויז מתיקות: שטילער בלעטער־געראַש; מחיהדיק וואַסער־געפּלאַפּל; שטערן־גלאַנץ אויף בלאָ־פיאָלעטן הימל. אין אַזעלכע אָוונטן, צווישן אַזעלכע אַלייען, האָט שיע, אין זיין געוועזענער היים, געפּלעגט פּלאַפּלען ביז צום הייזעריק ווערן. איצט איז ער אַליין. אָן פריינט. איצט מוז ער אויפ־צווונגען אימעצן, אַז יענער זאָל אים הערן, אַז יענער זאָל אים צוליב טאָן, אַרויסנעמען פון דער איינזאַמקייט. און ער פילט בפועל, אויב וועט ער נישט רעדן, אַרויסרעדן זיין אַליינקייט, צעשטרייען דעם דיבור, פאַ־נאַנדערוואַרפן די צונג, אַלע כלים, וואָס באַוועגן מיטן מויל — אויב וועט דאָס נישט געשען, פאַרלירט ער ס׳לשון אויף אייביק; וועט ער שוין אויסלעבן זיינע איינזאַמע יאָרן אין פאַרגעסונג.

איצט רעדט ער, שיע. איז יעדעס וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, צעהיצט, בריענדיק, ווי אַ פייער־פלעמל; ברענגט עס אַריין, אין זיינע אינגעווייידן, אַ חיותדיקן שטראָם, אַ רפואה אַזאַ, וועלכע מ׳קאָן נאָר באַקומען ביים רעדן אַ סך, ביים אַרויסוואַרפן פון זיך וואָס־מער ווערטער. אין איינזאַמקייט ווערט דער מענטש פאַרטעמפּט. אָן סביבה איז גלייכער נישט געבוירן צו ווערן. אַ חיה אין וואַלד האָט אויך איר אַרום. און שיע איז אַ מענטש מיט געדאַנקען, מיט געפילן. ער מוז זיי אַרויסברענגען, זיך טיילן מיט זיי. און זאָל מען אים אויסהערן. און זאָל מען אים ענטפערן...

שפּאַנען זיי ביידע אונטער בלעטער־באַדעק. שיע גיט צו פאַרשטיין

דעם באַקאַנטן, אַז איצט איז גוט צו שפּאַצירן. זיצן מאַכט איינדרעמלען.

— איז, פאַרשטייסטו מיך, מיין טייערער, דעם מענטשס קעמער־לעך... די קעמערלעך, וואָס פונקציאָנירן אינעם מענטש...

— פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ, שיע, מיט דיינע פילאָזאָפיעס... לאָמיר צוריקגיין צו די אַמעריקאַנער מענטשן־פּרעסערס... דו ווילסט מיר פאַרעדן די ציין...

— חלילה! — פאַרציט שיע אַן ערנסטקייט אויף זיין פּנים.

און ער וואָלט זייער צופרידן געווען, ווען זיין באקאנטער זעט איצט די מינע, וואָס האָט זיך באַזעצט צווישן די קנייטשן אויף זיין שטערן. אדרבא. זאָל ער זען, אַז שיע מיינט נישט קיין ליצנות. חלילה. ס'איז פּאַר אים פּשוט אַ לעבנס־ענין. אָט קערט ער זיך אום צוריק צו דער זאַך. און מכוח וואָס ער רעדט איצט, איז נישט, כדי אַראָפּצוגיין פון וועג. ער וויל נאָר פאַרציען דעם שפּאַציר אַ ביסל לענגער, אַריינ־ציען דעם באַקאַנטן אינעם ווייטערדיקן שמועס. אַהאָ. ווי טשעקאַוועדיק עס איז. ווען נאָך וועט ער האָבן אַזאַ גינסטיקן אָוונט, צו קענען רעדן, רעדן אָן אויפהער... זיין פריינט וועט אים שוין איצט נישט איבערלאָזן, ביז ער וועט אים נישט אַלץ דערציילן גענוי, פּינקטלעך, סאַראַ מעשה עס איז דאָרט מיט זיי, מיט די אַמעריקאַנער מענטשן־פּרעסערס...

— איז, הערסטו, ס'איז אַזוי שלעכט צו זיין אַליין, איינער אַליין אויף דער וועלט...

דער באקאנטער פאַרשאַרצט דעם אַרבל איבער דער האַנט, דעקט־אָפּ דעם זייגער. טוט דאָס ווײ שיען. וואָס איז דען די נפקה־מינה ווי שפּעט ס'איז איצט. און ווער און צו וואָס האָט מען בכלל אויסגעטראַכט זייגערס. ווען נישט זיי, די זייגערס, וואָלטן זיך מענטשן נישט גע־איילט, וואָלט מען געלעבט אָן צייט און רוים. שיע וואָלט דאַן נישט מיד געוואָרן אַרומצולויפן גאַס־איין, גאַס־אויס. וואָלט אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז ר'וואָלט אויסגעפינען אַ פריינט. און ער, דער פריינט, וואָלט נישט געאיילט אַהיים. די וועלט וואָלט גאָר געהאַט אַן אַנדער אויסזען. יאָ. זיכער...

— האָסט מיר אַריינגעקלאַפּט עפּעס אַ נאַרישקייט אין קאָפּ און דאָס לאָזט מיך נישט צורו.

— וואָס פאַרא נאַרישקייט? — מאַכט זיך שיע תמוואַטע — איך האָב נאָך קיינמאָל קיין נאַרישקייט נישט אַרויסגעבראַנגט פון מויל...

— נו, כ׳מיין דיינע מענטשן־פּרעסערס... זיי וועלן מיך שוין נישט לאָזן שלאָפן...

— אָ, דאָס וויל איך טאַקע, מיין טייערער, כ׳וויל טאַקע, אַז די זאָלסט אויך מאָרגן קומען דאָ אַהער... מאָרגן און איבערמאָרגן... וועל איך רעדן... וועלן מיר שמועסן... פאַרשטייסט...

— כ׳פאַרשטיי גאָרנישט וואָס דו ווילסט פון מיר; דיין מעשה האָט מיך פאַראינטערעגירט און דו רעדסט נאַרישקייטן...

— ס׳איז נישט קיין נאַרישקייטן, מיין טייערער; יעדעס וואָרט וואָס כ׳ברענג איצט אַרויס איז אַ רפואה, אַ היילונג...

— עך, דו ביסט עפּעס אַרונטער פון זינען...

— ניין, ניין, חלילה. שוין אַזויפיל טעג נישט גערעדט... און איך בין אַליין...

אַלץ אַרום — איינגעהילט אין נאַכטיקער סאַמעט. דאָ און דאָרט — אַ צוזאַמענגעפּרעסט פּאָרל שושקעט זיך אויף אַ באַנק. אָן דער זייט — אַ שטיל געפּליסטער פון וואַסער־שטראָמל, אַ מורמלען אַזאַ. און אונטער די פיס — טרוקענער אַספאַלט, וואָס דערמאָנט שיען אָן שפּאַצירן צווישן אַלייען אין זיין געוועזענער, גרויסער היימשטאָט.

און דאָס אַלץ גיט־צו מוט צום רעדן, אַרויסצוברענגען באַגערן, וועלכע דריקן זיך אויס בלויז — אין אַרויסוואַרפן ווערטער, צערטלעכע און קריגערישע — ווערטער מיט פאַרשידענע קלאַנגען, מיט אויספּרו־וונגען אַזעלכע, צי אַלץ ביי אים דאָרט, ביי שיען, אין די מויל־כלים, איז אין אָרדענונג. טיילמאָל דאַכט זיך אים, אַז עפּעס האָט זיך די צונג ערגעץ פאַרטשעפּעט. פאַרשטעקט. איז דאָס וואָרט אַרויסגעקומען נישט אַרומגעגאַנצט. פאַרלוירן אַן אות, אָדער צוויי. חזרט ער איבער נאָכ־אַמאָל ס׳זעלביקע וואָרט, פּרוווט עס אויס אויף אַ צווייטן אופן. איצט, דאַכט זיך, איז שוין בעסער, גלאַטער. דערנאָך ברענגט ער אַרויס דעם

גאַנצן זאַך. הערט זיך איין אין אים, צי אַלץ שטימט. און אַ צופרידנקייט פלייצט פון אים, אַ צופרידנקייט, וואָס נאָר זיין באַקאַנטער קאָן זי צע־שטערן, יאָ, נאָר ער...

שיע האָט גערעדט, געוואָרפן מיט די הענט. און נישט באַמערקט האָט ער, ווי ער גייט איינער אַליין. זיין באַגלייטער איז אַוועק פון אים. ווי אַזוי האָט ער אים איבערגעלאָזט אָט אַזוי־אָ, אָן אַ „גוטע נאַכט״?

נאָר אַזעלכער, וואָס לעבט אַליין, אָן פריינט, איינזאַם — נאָר אַזעלכער וועט דאָס דאָזיקע פאַרשטיין, פילן שיעס ווייטיק. מיט אַן איינזאַמען וויל זיך קיינער נישט חברן. ער האָט נישט אין זיך קיין פריי־לעכקייט, אַזוינס וואָס הייסט — לעבן.

ווען שיע האָט זיך דערזען איינער אַליין אין פינצטערניש פון דער אַלייע, האָט אים, לכתחילה, שטאַרק פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער ווייס נישט ווו זיין באקאנטער וווינט. ער וואָלט אַוועק צו אים אַהיים, דער־ציילט די אויסגעטראַכטע מעשה מיט די אַמעריקאַנער מענטשן־פרע־סערס. ער האָט זיך, אָבער, גלייך צוריקגעכאַפּט. נישקשה. ער וועט מאָרגן ווידער קומען. די מעשׂה אינטערעסירט אים שטאַרק. וועט ער מאָרגן ווידער האָבן מיט וועמען צו פאַרברענגען אַן אָוונט.

אַלץ וועט ער אַוועקגעבן, שיע, אַבי אַ פריינט צו געפינען, אַזעלכן, פאַר וועמען צו רעדן און יענער זאָל אים אויסהערן.

נישט צו זיין אַליין — איינער אַליין אויף דער וועלט...

# בייערן ניינצן־פופציק

## (3 בלעטלעך פון מיין מינכענער נאָטיץ־בוך)

### 1. דער גוטער היינצל

יעדע עטלעכע טעג עפנט הילדע פאַנאַנדער די טירן פון דער שווע־רער, מאַסיווער שאַנק. טרייסלט אַרויס פון דאָרט די מלבושים און פילט־אָן דאָס צימער מיט קיצלדיקע ריחות פון נאַפטאַלין. די אַלטע דייטשקע, הילדע, איז עלטער פון איר שאַנק מיט אַ יאָר צוואַנציק אָדער דרייסיק. קרוב צו די זעכציק יאָר שטייט שוין די מאַסיוו־דעמבענע שאַנק אויפן דריטן שטאָק, אינעם הערצאָג־רודאָלף־געסל, אין מינכען דער שטאָט. יע־דעס מאָל, ווען די אַלטע צעוואַרפט די אַלטמאָדישע ספּודניצעס, גאָרסעטן און געבלימלטע קליידלעך, טרייסלט זיך אויף איר דער ביינערדיקער גוף, טרייסלט זיך דאָס בינטל גראָע האָר אויף איר פאַרטרוקנטן שאַרבן. דאָס קליידל דערמאָנט אָן איר ערשטער ליבע און יענץ — ווען זי האָט גע־הוליעט אין די באַשאָטנטע נעכט אונטער מינכענסביימער. עך, אַ ציי־טעלע געווען; שוין איינמאָל אַ לעבן געווען! זיווישט די פאַרטריפטע אויגן מיט די ביינערדיקע פינגער און נעמט אַרויס פון אַ פאַרגעלבט פּאַ־פּירל צוויי פאָטאָגראַפיעס. אָט, איז ער, דער מאַן אירער, דער געוועזע־נער אַפּטיקער פון געסל — מיט שפּיציקע ווילהעלם־וואָנסעס, — נעבעך אומגעקומען פון אַ האַרץ־שלאַג; און אָט איז ער, היינצל, דער זון — אַ כוואַטסקער זון, איינגעפּאַסט אין אַ מונדיר פון ווערמאַכט. ווו איז ער איצט, היינצל? דעם לעצטן בריוו האָט זי באַקומען פון „אָסטען“. פון דאַן — ווי אין וואַסער אַריין.

שווער צו וויסן, ווי אַלט זי איז, די אַלטע הילדע. מעגלעך אַז נייַנ־

ציק יאָר און מעגלעך אַז בלויז זעכציק. זי שאַצט אירע יאָרן לויט דער עלטער פון דער שאַנק, וואָס שטייט אין איר צימער. די שאַנק דערמאָנט איר אָן אירע נאָבעלע עלטערן, אָן איר נאָבעלער היים. אָן עכט־פּריסישע איז געווען איר היים. אָבער פאַרברענגט אירע יאָרן האָט זי אין מינכען, אין דער גאָרטן־שטאָט פון בייערן.

„היינץ, מיין היינצל!"

הילדע קען נישט פאַרגעסן אָן איר זון. קיינמאָל וועט זי נישט מוחל זיין די „אָסט־לויטע", וואָס האָבן צוגענומען איר בראַוון היינצל, אים צוגענומען און קערן אים נישט צוריק. און אויב גלייבט איר נישט ווער, אַז היינצל איז געווען אַ בראַוונער, איז, אדרבא, זאָל די הערשאַפט אַליין זען. הילדע לייגט־פאַנאַנדער אַ בינטל פאָטאָגראַפיעס, וועלכע ווייזן דעם זון פון זיין געבוירן, זינט זיין אָנקומען אין דער „היטלער־יוגענד" און ביז זיין אַוועקמאַרשירן אויפן פראָנט. און באמת: אָט איז היינצל איינער אַליין, אַ האַלב־נאַקעטער, ביים מוסקולירן זיך, אַ פעסטער, אַ צעשמייכל־טער, מיט אַ זיגערישן בליק; און אָט, שפּאַנט ער, אונטער היטלערס פאָן, מיט צוואָרפענע פיס איבער מינכענס גאַסן. אַ בראַוונער זון, אַ כוואַטסקער. אָבער פאַר הילדען איז נישט גענוג דער לויב. זי מוז נאָך באַווייזן די לעצטע פאָטאָגראַפיע — די סאַמע לעצטע, וואָס היינצל, דער גוטער היינץ, האָט איר געברענגט אַ מתנה פון „אָסט"־פראָנט, ווען ער איז געקומען אויף אורלויב —

ערגעץ אַ שטעטל, אין פוילן אָדער אוקראַינע. צעוואָרפענע הייזקעס ליגן איבערן מאַרק. אין פאָדערגרונט שטייען עטלעכע צעשמייכלטע סאָל־דאַטלעך. היינץ צווישן זיי. אין איינעמס אַ האַנט — אַ גיטאַרע, אין צווייטנס — אַ פאָרטרעט, אין דריטנס — עפּעס אַ סקולפּטור. ביים לאַכנדיקן היינץ אין די הענט — אַ לאַנגער, צעשפּרייטער כאַלאַט.

איך קוק אויף דעם כאַלאַט און ער דערמאָנט מיך אָן עפּעס. איז דאָס נישט אַ יידישע קאַפּאָטע, אַראָפּגעצויגן פון אַ ייד אין שטעטל? דו גוטער־היינצל, אפשר קענסטו מיר דערציילן, וואָס דו האַלטסט אין דיינע הענט? היינץ, היינצל, דערצייל!...

די אַלטע הילדע צעטרייסלט אירע האַלב־פאַרשימלטע מלבושים אי־

בערן ענגן צימערל, צעבלאָזט דעם נאַפטאַלין פון פענצטער צו טיר, פון וואַנט צו וואַנט, מאַכט קיצלען אין די נאָז־לעכער, ברענגט־אַרויס טרערן פון די אויגן. ווו האָט זי גענומען אַזאַ שאַרפן נאַפטאַלין? און פאַרוואָס כּילט זי אויס מיין צימער מיט אַזוי פיל טוכלעקייט? אַ מאָדנע אַלטע, די דאָזיקע הילדע. זי שמעקט מיט טויט און פאַרשפּרייט אַרום זיך טויט־ריחות.

— נו, שוין, אויף היינט גענוג — זאָג איך צו מיין דייטשער באַלעבאָסטע און נעם פאַנאַנדערפּראַלן די פענצטער.

אָבער פאַר דער אַלטער איז נאָך נישט גענוג. זי האָט עפּעס פאַרגעסן, און פּראַלט ווידער פאַנאַנדער די טירן פון דער מאסיווער שאַנק, נעמט דאָרט ווידער גראַבלען, מיט אירע אויסגעדרייטע פינגער, צווישן די טוכלע מלבושים און שלעפּט אַרויס פון דאָרט אַ פאַרפּאַקט פּעקעלע.

דאָס אַרויסגענומענע פּעקעלע אינטערעסירט איר שטאַרק. אין דעם פּעקעלע ליגט אַ גרויס פאַרמעגן, אַ הייליקער אָנדענק. זי וועט דאָס נישט אַרויסלאָזן פון די הענט, ביז זי וועט נישט געפינען אַ פּאַסיק אָרט ווי דאָס אַוועקצולייגן, ווו דאָס פאַנאַנדערצווויקלען. זיכער אַ הייליקע ירושה, וואָס מאַכט טייער דעם אָנדענק. זיכער דאָס ווייסע חופּה־קלייד, אין וועלכן דער פּריסטער האָט איר געהייליקט אַ נאַכט פאַרן צוזאַמענקומען מיטן „זעליגען" אַפּטיקער. אַך, ווי די אַלטע שפּילט אויף מיינע נערוון!

— נעמען זי דאָס, ביטע, פון מיין צימער הערויס!...

— אָבער ניין, מיין הער, מיין גנעדיגער; איך מעכטע דאָס אינען צייגען...

האָט שוין ווער געזען אַ טויט באַשעפעניש ליגן אין אַ פאַרמאַכטן אָרון; געזען דאָס ציטערן פון די לעבעדיקע אַרום דעם בר־מינן? — אַזוי האָט די אַלטע געגלעט אירע פינגער איבערן געלן פּאַק־פּאַפּיר, אַרומגעווישט דעם אָנגעוואַקסענעם שטויב און געדיכטער געמאַכט די לופט אין מיין צימער.

וואָס ליגט פאַרפּאַקט אין דעם סודותפולן פּעקעלע? וואָס וויל זי מיר ווייזן? וואָס קען מיך פאַראינטערעסירן צווישן אירע פאַרשימלטע זאַבאָבאָנעס? איך לאָז זיך צו דער טיר. וועל אַראָפּגיין אין גאַס. דאָרט אי־

בערוואַרטן דאָס געשטאַנק, וואָס מיין אומגנעדיקע באַלעבאָסטע מאַכט־אָן צווישן מיינע אויסגעבאָרגטע דלד־אמות אינעם דייטשן לאַנד. גלייך קום איך צוריק, אָט, גלייך. אָבער ניין. הילדע לאָזט מיך נישט אַרויס. איך מוז „זאָ גנעדיג״ זיין און בלייבן מיט איר. גלייך ווערט זי פאַרטיק, אָט, איין קליינעם מאָמענט...

פאנאנדערגעוויקלט ס׳פּעקעלע. און איך קוק אַרויס דורכן פענצטער. דאָס שטיקל הימל, וואָס קוקט אַריין אין מיין צימערל, איז אי געל און אי בלאָ. דער הימל דערמאָנט אָן אַ טאָג, וואָס רוקט זיך אַוועק און אָן אַ נאַכט, וואָס וועט העגנען איבער מיין אַלטמאָדיש בעט, אויסגעפּילט מיט נאַפּטאַלין, טוכלעקייט און שימלעכץ פון אַ פּרייסישער שטוב. צו־פרי היינט אַהיימגעקומען. גלייכער זיך אַרומגעדרייט ערגעץ צווישן מינכענס גאַסן און געסלעך...

— מיין הער, אָ, מיין גנעדיגער, ביטע!

איך דריי־אויס דעם קאָפּ. איבער מיין בעט ליגט פאנאנדערגע־שפּרייט אַ זיידן־גלאַנציק מלבוש — זייד, אָדער אַטלאַס, אָדער סאַמעט —

דאָס האָט איר דער גוטער היינצל געבערענגט אַ געשענק פון „אָס־טען״...

אַ שבת־קאַפּאָטע פון אַ חסידישן טיש־זיצער, פון אַ גערער חסיד, אָדער פון אַ פּיאַסעטשנער חסיד... אַ הייליקע יופּיצע...

שוין לאַנג האָב איך נישט געזען די חסידישע שבת־קאַפּאָטעס, וואָס שבת־קודש־יידן פון וואַרשע און לאָדזש האָבן זיך געהילט ביים גייען צום רבינס טיש, די אַטלאַסענע קאַפּאָטע, וואָס פון פאָרנט איז זי געווען גלאַט און פון הינטן — צוויי הינטער־קעשענעס, צום פאַרשטעקן דאָס שנופּ־טוך און די טאַבאַק־פּושקע; די שבת־קאַפּאָטע, וועלכע האָט געהאַט אין מיטן אַ קנייטש פונעם אַרומגעוויקלטן און איינגעצויגענעם גאַרטל און געווען איז זי פעט־גלאַנציק פון רייבן זיך מיט איר אַרום רבינס טיש.

איצט ליגט אַזאַ קאַפּאָטע אויף מיין בעט, אין אַ דייטשער שטוב. פאַר־פלוכטער!...

אָבער איך האָב דאָס נישט געזאָגט. וואָס וועט דען אַרויסקומען פון מיין זאָגן. ווייס זי דען נישט, די אַלטע הילדע, אַז זי איז אַ פאַרפלוכטע.

אַ פֿאַרשאָלטענע! דערפֿאַר, טאַקע, ווייל זי ווייס, האָט זי מיר געוויזן די קאַפּאָטע, מיר געוויזן דאָס געשאַנק, וואָס איר פֿאַרשאָלטענער הייניק האָט איר געבראַנגט — אַ מתנה, אַראָפּגעריסן פֿון אַ שבת־ייִד ערגעץ אין אַ שטעטל. און אפשר האָט איר הייניק נישט דערציילט פֿון וואַנען די קאַפּאָטע שטאַמט; אפשר ווייס זי נישט, אַז איר זון האָט געהרגעט ייִדן, גערויבט ייִדן?...

הילדע קראַצט צווישן די האָר אויפֿן פֿאַרטרוקנטן שאַרבן. זי האָט נישט קיין פּאַסיק אָרט פֿאַר איר זונס אָנדענק. אַ שאָד, אַז אַזאַ שיין מלבוש זאָל הענגען אין דער טוכלער שאַנק. אפשר ווייס די הערשאַפֿט, צו וואָס אַזאַ מלבוש נוצט. אַ מאָדנע אַזאַ. זי געדענקט נישט, אַז אין אירע צייטן זאָל מען האָבן געטראָגן אַזאַ קלייד. פּרויען זיכער נישט. מעג־לעך, אַז אין „אָסטען" איז געווען אַזאַ מאָדע...

— האַ, מיין הער?

איך באַקוק די קאַפּאָטע פֿון אַלע זייטן. אַ נייע קאַפּאָטע פֿון ריפּ־סענעם זייד. אפשר האָט דער ייִד זי געטראָגן צוויי מאָל און אפשר דאָס אויך נישט. אַ יושר אָפּצוקויפֿן דעם הייליקן אָנדענק פֿון דער פֿאַרשימל־טער הילדע; אים אַריינצופּאַקן צווישן אייגענע חפֿצים, אין אייגענעם טשעמאָדאַן, אים אַוועקצופֿירן פֿון דייטשן לאַנד...

— אָבער, ניין, מיין גנעדיגער, דאָס איזט דאָך איין אָנדענק פֿון מיין היינצל...

זאָל איך איר דערציילן, אַז איר גוטער הייניק האָט דערמאָרדעט אַ ייִד און אפשר מער? זאָל איך קלאָר מאַכן פֿאַר דער אַלטער, אַז אויך מיין טאַטע האָט געטראָגן אַזאַ שבתדיקע קאַפּאָטע? נישט כדאַי זיך מטמא צו מאַכן. איך וועל די קאַפּאָטע צונעמען פֿון איר, צונעמען און אַנטלויפֿן... מיין הייליקן טאַטנס אָנדענק — — —

יעדע עטלעכע טעג עפֿנט די אַלטע הילדע פֿאַנאַנדער די צוויי טירן פֿון דער אַלטער, מאַסיווער שאַנק. זי טרייסלט פֿון דאָרט אַרויס דעם שימל און פֿילט אָן דעם אוויר מיט ריחות פֿון נאַפֿטאַלין. און טוען טוט זי דאָס, ווען איך בין נישט אין דער היים. ווער ווייס — אפשר וועל איך זיך ווידער אַוועקשטעלן איבער דער גראַבעוועטער קאַפּאָטע, וועל

זי ווידער וועלן אַרויסרייסן פון אירע הענט. די פאַרשימלטע, צעקנייטש־טע דייטשקע וועט נישט אַוועקגעבן דעם זונס „אַנדענק". איר היינצל איז געווען אַ בראַווער. ער האָט געהאַט אויסגעקיילעכיקטע מוסקולן און מאַר־שירט איבער מינכענס גאַסן אונטער היטלערס פאָן. היינט איז היטלער נישטאָ מער. אויך איר זון איז פאַרשווינדן. זי האָפט אָבער, אַז ער וועט זיך אומקערן. יעדן טאָג גייט זי אויפזוכן „היימקערער", פרעגט זיך נאָך ביי זיי — צי היינץ האָט טאָקע שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיין אַלטער מאַמע. און ווי עס ווייזט־אויס, האָט ער שוין טאָקע פאַרגעסן. אין דריי־און־פערציקסטן איז ער געווען ביי איר צו־גאַסט. פון דאַן איז שוין זיבן יאָר אַוועק. היינט דאַרף ער שוין אַלט זיין אַ יאָר דרייסיק — אויב ער טראָגט נאָך בכלל אויף זיך יאָרן. איר גוטער היינץ.

מיט פיר יאָר צוריק האָט הילדע ס׳ערשטע מאָל פאנאנדערגעוויקלט דעם זונס „אַנדענק" איבער מיין בעט. פון דאַן — ווו איז פאַרשווינדן די קאַפּאָטע? די אַלטע האָט זי אַרויסגענומען פון שאנק, זי פאַרשטעקט ערגעץ. הילדע האָט דערפילט מיין שייכות צו איר. זי וועט נישט פאַר־קויפן דאָס „איבערבלייבעכץ" פון איר הייליקן זון פאַר אַ מטמון אפילו. אָרעמע הילדע. פאַרשאָלטן איז שוין דיין זונס געביין, ווי פאַרשאָלטן עס איז דער אָנדענק פון היטלערס יוגנט...

אַזעלכע זענען מיינע מחשבות, קוקנדיק אין פאַרנאַכטן אויף די טירן פון דער מאַסיווער שאַנק פון מיין צימער, הינטער וועלכע עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ סוד פון אַ געקוילעטן ייד.

דאָס נאַפּטאַלין־געשטאַנק, וואָס שפּאַרט אַרויס פון שלאָס־לאָך, צע־שטערט מיר די רעיונות...

## 2. דער יונגער פּראַנצל

מיין פריינט האָט מיר געבראַכט אַ בלומען־טאָפּ אַ מתנה. האָב איך זיך אויפגעזעצט אין קראַנקן־בעט, באַטראַכט די ווייסע קנאָספּן, דעם גרינעם מאַנטל אַרום דער בלום און אַוועקגעשטעלט דאָס ערדענע טעפּל נעבן די רפואות אויף מיין טישל.

ערשטע פרילינג־טעג אין בייערן. און איך פיבער אין היץ און קעלט. פאַרוואָס טאָר איך נישט הנאה האָבן פון רחבותדיק־בייערישן אַרום? פון די בלומען אויף מיין טישל שמעקט מיט אויפגייענדיקן זומער, מיט צע־שמייכלטער יוגנט, מיט אָפּגעדעקטע לייבער אַרום בייערישע וואַסערן. אַך, ווי גוט וואָלט איך זיך איצט געפילט, זיצנדיק אין שכנותדיקן פּאַרק, איינזאַפּנדיק געזאַנג פון קינדער צוזאַמען מיט געפלאַפּל פון וואַסערל דערנעבן! איך טאָר אָבער נישט אַראָפּגיין פון בעט. נאָך עטלעכע טעג און — אַזוי זאָגט דער דייטשער דאָקטער — וועל איך קענען זיך קוויקן מיט בייערנס צעזונטער לאַנדשאַפט.

זיך קוויקן...

דער הער דאָקטער מייער — אַ פאָלקס־דייטש פון פוילן — רעדט צו מיר פויליש. דעם הער דאָקטערס זון — אַ זעכצן־יאָריקער — האָט געלערנט אין דער פוילישער „פּאָווּשעכנע". דער הער מייער איז געווען אַ לאָיאַלער בירגער אין פוילן. — פאַרוואָס האָט מען אים אַרויסגעטריבן פון דאָרט? סך־הכל אַ קורצע צייט געפינט ער זיך אין מינכען — ער און זיין פראַנצל. אַז דער זון קען דאָך רעכט קיין דייטש נישט רעדן; אַז דער טאַטע איז דאָך אַ „פולקאָמער לאָדזשאַנין"!...

פשאַ־קרעוו!

איבער אַ האַלבן מיליאָן טרייבט מען זיי ווידער אַרויס פון פוילן. נישקשה. די בייערישע לאַנדשאַפט וועט זיי דערקוויקן, וועט זיי אַרומ־הילן, וועט זיי גלעטן, וועט זיי צערטלען. — אַ קילאָ פּאָמעראַנצן קאָסט איין מאַרק מיט קאָפּיקעס; אַ שוויינען־קאָטלעט באַקומט מען פאַר איין מאַרק מיט קאָפּיקעס. דער דאָקטער מייער און זיין זעכצן־יאָריקער פראַנצל — ביידע וועלן זיי הנאה האָבן פון בייערישן פרילינג.

יאָ, פראַנצל האָט מיך באַזוכט. ער טראָגט לעדערנע הויזן, אָפּגע־דעקטע פיס ביז איבער די קני. דער דאָקטער מייער האָט אים געשיקט מיך מבקר־חולה זיין. אפשר דאַרף איך אַן איינשפּריצונג, אָדער אַן אַנדערע רפואה. פראַנצל קוקט אויף מיר מיט זיינע גראָע אויגן, קוקט מיט רח־מנות. אים געפעלט דער פרילינג אין בייערן; עס געפעלן אים די בייע־רישע לעדער־הויזן און דער גלאַנציקער אַספאַלט, אויף וועלכן ער גליטשט

זיך מיט זיין „רעדל". קיין פוילן וויל ער מער נישט צוריקפאָרן. פריי־לעכקייט און גוטסקייט קוקן אַראָפּ פון פראַנצלס זעכצן יאָר.

**

אדרבא, זאָל אָקערשט אימעצער זאָגן, אַז אין אַפּריל, ניינצן פופ־ציק, איז נישט קיין פרילינג אין בייערן!

אויף מיין קראַנקן־בעט מיש איך די בלעטער פון „היימלאָזע יידן". וואָס עס האָט אָנגעשריבן ישראל אפרת; איך לייען דאָס קאַפּיטל פיר: „מינכען, 20טער אַפּריל" (1946) —

„ווײ צו דיר', מינכען, מוטער פון דעם שלעכטס, וואָס האָט די גאַנצע וועלט אין פלאַמען געצונדן, און מיין פאָלק ווי קעלבער גע־שאָכטן"...

„כ'גיי אויף דיינע רואינען און עס שוועבט אויף זיי אַלט־קייט, באַיאָרנטקייט"...

„רואינען און רואינען. כמעט די גאַנצע שטאָט איז הויפנס מיט שטיינער', שטויב און דרויב"... —

אַזוי — אין אַפּריל, טויזנט ניין הונדערט זעקס און פערציק.

און אין אַפּריל טויזנט ניין הונדערט פופציק:

רואיקע געמיטלעכקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף מינכענס גאַסן. דאָ און דאָרט — אַ זכר פון אָנגעמאַכטן חורבן — נייע בלאָק־הייזער פאַר־שטעלן אויסגעקרומטע ווענט; אויסשטעל־פענצטער, אָנגעפּילטע מיט מאַרצעפּאַנעס און צוואַנציק מינים ברויט, קאַראַקול און גומענע פרויען־שיך, גאָלד און ברילּיאַנטן, קאָניאַק און וויין...

ווייך, יידישע אויגן, אין פרילינג, ניינצן פופציק; אַז ווײ צו די יידישע אויגן, וואָס דאַרפן דאָס צוזען!

ווו איז דאָס בייערישע פראַנצל פון מיט פיר יאָר צוריק? דאַן האָט ער געקושט די שטיוול פון יעדן הער, וואָס האָט אים צוגעוואָרפן אַ שפּיץ פון אַן אויסגערויכערטן ציגאַרעט. איצט לויפן זיי אַרום, די האַנס־לעך און די פראַנצלעך, איבער מינכענס גלאַנציקע גאַסן, פילן־אויס, מיט פריידיק געלעכטער, צעבליטע פּאַרקן, באַבלימטע גערטנער — זאַטע, פּוכקע, מיט רויט־בלאָנדע באַקן, מיט מוסקולירטע הענט און פיס.

פרילינג אין בייערן.

אָט, שפּאַצירט אַ הער, איינגעהילט אין שוואַרצן — אַ שוואַרצע, געהאַקטע קאַפּאָטע, שוואַרצע, האַלבע קאַמאַשן. איך ווייס נישט, צי דער דאָזיקער הער איז אין טרויער. זיכער גייט ער איצט אין אַ נאַכט־קאַבאַ־רעט. אָבער זיין הלבשה איז מיר אַזוי קענטלעך! — מיין טאַטע האָט געטראָגן אין פרילינג אַ שוואַרצע, געהאַקטע קאַפּאָטע און האַלבע, שוואַרצע קאַמאַשן — — —

***

דער הער דאָקטער מייער איז מיך געקומען באַזוכן צוזאַמען מיט זיין זעכצן־יאָריקן פראַנצל. ער ווינט אַנטקעגן מיין טויער. און יעדעס מאָל נעמט ער ביי מיר צען מאַרק „פיר איין טעקסי". דאָקטער מייער האָט ליב אינטעליגענטע חולאים. דערפאַר באַזוכט ער מיך יעדן טאָג; דערפאַר שמועסט ער מיט מיר מינוטן־לאַנג. איך האָב נישט אויף וואָס חרטה צו האָבן — טרייסט ער מיך — איך האָב געמאַכט אַ גוטן בייט: וואַרשע און לאָדזש בויען זיך לאַנגזאַם, זייערע גאַסן זענען ענג, פול מיט שטויב; בייערנס שטעט זענען גערטנער אַנטקעגן די פוילישע. איך מעג אים גלייבן אויפן וואָרט. אָבער אים פאַרדריסט עס, פאַר וואָס מען האָט אים אַרויסגעשיקט. ער קאָן נישט טראָגן אויף זיך דעם נאָמען „פליכטלינג". עס איז זייער נישט קיין שיין וואָרט. ספּעציעל פאַר אַ דאָקטער פּאַסט עס נישט. לויט אים נאָך, קען איך שוין מאַכן אַ שפּאַ־ציר איבער מינכענס גאַסן. ער באַדויערט מיין איינזאַמקייט, פאַרוואָס קיינער פון מיינע קרובים קומט נישט צו מיר. ער וועט מיר געבן זיין פראַנצל, אַז ער זאָל מיך באַגלייטן. בין איך דאָך שוואַך. נאָך אַ שווע־רער פאַרקילונג...

פראַנצל פירט מיך ביי אַ האַנט איבער די דריי שטאָק טרעפּן. אַלט איז ער זעכצן יאָר און איז צעבאַלעוועט און ערנסט. ביידע צוזאַמען. מיר זעצן זיך אויף אַ באַנק אַנטקעגן דעם בייערישן קייסערס דענקמאָל. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין פוילן, איז פראַנצל אַלט געווען פינף יאָר. עס ווילט זיך מיר האָבן טענות צו אים — איז דאָך דער

טאַטע זיינער אַ דייטש! אָבער פון קינדער, מיין איך, איז נאָך צו דער־וואַרטן גוטס. דאָך, טוט מיר ווײ, פאַרוואָס פּראַנצל איז בלאָנד־ראָז, געזונט, אויסגעפּילט מיט רויט בלוט, — פאַרוואָס פראַנצל איז געבליבן לעבן און מיינע ברידערס זינעלעך, וואָס וואָלטן היינט אַלט געווען צו זעכצן יאָר — פאַרוואָס פון זיי איז געוואָרן אַש...

איך קנייפּ־איין מיינע פינגער אין זיינס אַן אָפּגעדעקטער קני, וויל דורכלעכערן דאָס פלייש ביז צום ביין, וויל אויסרייסן פון דאָרט שטיק נאָך שטיק. מיין באַגלייטער צאַפּלט אונטער מיינע פינגער. ער וויל מיך פירן צום „פרידענס־ענגעל", וואָס געפינט זיך אויף פּרינץ־רעגענ־טען־שטראַסע; ער וויל מיך פירן אין „ענגלישען גאַרטען" און ווו איך וויל נאָר... פראַנצל וויל זיך באַפרייען פון מיינע שטעכיקע אויגן, פון מיינע קנייפּיקע פינגער...

רויטע דעכער שפּרייטן זיך איבער מינכען. מיר זיצן־איין אין אַ טראַמוויי און פאָרן צום „טיער־פּאַרק". די פעלדער זענען באַדעקט מיט גרינס. יונגע, צעבליטע אַקאַציעס זענען פאַנאַנדערגעשטעלט איבער זאַמדיקע שטעגעלעך. ווייט, איבער ברייטע שטחים, ליגט די פרילינג־זון, ליגט און גלעט און וואַרעמט איבער צעפּלאַמטע פּנימלעך פון האַנס־לעך און פראַנצלעך. ווי גוט איז נ י ש ט צו זיין אַליין! פילן זיי אַלע איצט אָט דאָ — די, וואָס באָדן זיך אין וואַסער און וואָס פאַרהילכן די לופט מיט זייערע פריילעכע קולות — צי ווייסן זיי, אַז דעם הייג־טיקן אַפּריל — מיט זיבן יאָר צוריק — האָבן זייערע טאַטעס אויסגע־קוילעט קרוב צו אַ האַלבן מיליאָן יידן אין וואַרשע?

פראַנץ קויפט אַ האַלבן ברויט־לאַבן פאַר צוואַנציק פעניג. ער שטופּט ווייסע ברויט־שטיקער צו די חיות הינטער די דראָט־פאַרצוי־מונגען. די בענק זענען אויסגעפּילט מיט מינכענס איינוווינער. זאַטע הנאהדיקייט מישט זיך אויס מיט צופרידענעם אייזל־הירזשען אינעם חיות־גאָרטן.

נאָענט פון דער לייבן־שטייג, איז פראַנצל פאַרשוווּנדן פון מיר. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ באַנק. אַרום מיינע אויגן האָט זיך גע־צייכנט דאָס בילד פון יענעם מלאך, וואָס האַלט אַ שלום־צווייגל אין

ז׳ער האַנט — דעם „פרידענס־ענגעל״ אויף דער מינכענער פרינץ־רע־געגטען־שטראַסע. און איך האָב זיך נישט געקענט פאַרענטפערן: פאַר־וואָס האָט מען באַשאַפן אַ שטייג דווקא פאַר דעם לייב? און צי וואָלט דען נישט גלייכער געווען, ווען אָנשטאָט דעם מינכענער „מלאך־השלום״, וואָלט מען אַוועקגעשטעלט דעם מלאך־המות אין האַרץ פון מינכען דער שטאָט? — — —

אין בייערן איז איצט פרילינג. איך ווייס נישט סאַראַ פּנים דער צעפרילינגטער אַפּריל האָט אויף דער גאַנצער וועלט. נאָר אַזוי ווי אין מינכען, שיינט נישט אינערגעץ די זון, בליט נישט אינערגעץ דער גאָרטן — ווייל פאַר די בייערישע דייטשן זאָרגט די גאַנצע וועלט: די פראַנצלעך מוזן אויפוואַקסן קרעפטיק; זייערע פּנימלעך מוזן האָבן קאָ־ליר; זייערע פיסלעך דאַרפן זיין מוסקולירט...

עס איז פרילינג אין בייערן.

## 3. דאָס גרויסע אומגליק

טויזנטער שפּאַנען פאַרביי טאָג־טעגלעך דעם מינכענער „פרידענס־ענגעל״, הייבן זיך איבער די שטיינערנע טרעפּ און פאַרשווינדן אין מינ־כענס גאַסן און געסלעך.

וועט דען אימעצער זאָגן, אַז די דייטשן, וואָס שפּאַנען פאַרביי דעם „פרידענס־ענגעל״, האָבן אין זיך שלעכטע כוונות? קאָן דען אַ מענטש, אַפילו אַ דייטש, וואָס שמייכלט, וואָס האָט אויגן פון הימל־פאַרב — קאָן דען אַזעלכער הערן יענעמס קרעכצן, זען יענעמס בלוט?

די, וואָס האָבן דאָס אויסגעטראַכט, זענען בלבול־מאַכערס.

וואָלטן די דאָזיקע געווען, אין פאַרגאַנגענעם מיטוואָך, אַרום דעם „פרידענס־ענגעל״, געזען, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען — וואָלט עס זיכער געהאַט אַן אַנדער אויסזען.

איך בין בייגעווען די דאָזיקע געשעעניש. און בין זיך מודה, אַז אַזוי וויינען קאָן נאָר אַ פילנדיקער מענטש — וויינען און קרעכצן און

ספּאַזמירןביים דערזען בלוט, ביים אָנשטויסן זיך אויף אַ הרוג אין מיטן גאַס.

א יי ן הרוג איז געלעגן ביים קרייץ־אַריינפּאַר צו דער פּרינץ־רעגענטען־שטראַסע.

אַן אומפּאַרזיכטיקער פּאַרביילויפער האָט נישט באַמערקט דאָס אָנפּאַרן פון אַן אויטאָ, האָט נישט געהערט דעם וואָרנונגס־פייף פונעם שאָפער. און אַ קרבן איז געפאַלן אויפן שטיינערנעם ברוק, געבליבן ליגן, מיט אַ פאַרקראַמפּטן בליק, אַרויף, צום „פרידענס־ענגעל״.

און שרעקלעך האָט אויסגעזען דער אַרום. צענדליקער פאַרבייגייער האָבן געבראָכן די הענט, געווישט די אויגן, געבלייכט די פּנימער.

אויך איך בין געווען צווישן זיי. אויך מיך האָט פאַרקלעמט ביים האַרץ. נישט אַזוי שטאַרק ווײ־געטאָן דער אומגליקלעכער הרוג, וואָס ליגט שוין, ממילא, אין זיין אומרואיקער רו — נאָר דער צער, וואָס דער אומפּאַרזיכטיקער פאַרביילויפער האָט פאַרשאַפט צו אַזויפיל מענטשן. וויפיל געזונט עס איז ביי די דאָזיקע בייערן אָפּגעקומען אין יענעם מיטוואָך! שוין לאַנג האָב איך נישט געזען אַזויפיל פאַרצווייפלונג, נישט געהערט אַזויפיל געוויין־קולות, נישט איבערגעלעבט אַזוי־פיל מיטגעפיל.

שטעלט־זשע זיך פאָר — און דאָס אייגענע האָב איך אויך גע־טראַכט:

א יי ן באַשעפעניש האָט אַרויסגעהויכט זיין לייטזעליקע נשמה אויף אַ מינכענער ברוק — און וויפיל יאָמער, וויפיל געשריי; מיליאָ־נען זעננען פאַרדושעט געוואָרן דורך גאַז, דורך רויך, — ווי יאָמערלעך האָט דאָן אויסגעזען דאָס בייעריש־דייטשע פאָלק!

האַ, ווי שרעקלעך!...

אין די דאָזיקע רגעס האָט זיך מיר געוואָלט אַרומאַרמען זיין מאַ־יעסטעט, דעם „פרידענס־ענגעל״, וואָס האַלט דאָס שלום־צווייגעלע הויך, איבער דער גאַנצער לענג פון פרינץ־רעגענטען־שטראַסע, געוואָלט אים איינרוימען אַ סוד:

— נאָר דו, טייערער מלאך, נאָר אין דיין שוץ, אונטער דיינע

פליגלען האָט זיך געקאָנט מערן אַזאַ פאָלק, אַזאַ שלום־ליבנדיק און בלוט־האַסנדיק פאָלק; אָ, ליבער ענגעל!...

אין יענעם פאַראומגליקטן מיטוואָך האָב איך געזוכט אַ שטיקל פלאַץ אויף איינער פון די בענק, וואָס געפינען זיך אינעם נאָנטן סקווער, געוואָלט אָפּרוען, געוואָלט איינשטילן די אויפגערודערטע נערוון.

אויף יעדער באַנק — פאַרטרויערטע פנימער, פאַרבראָכענע הענט. אָט, זיצט אַ דאַמע, איז זי אינגאַנצן איין שטיק געוויין. נעבן איר — אַ צאַפּלדיק הינטעלע, וואָס, ווי איך פיל, יאָמערט־אויס דער גוטער באַ־לעבאָסטעס וויי. די דאַמע האַלט דאָס הינטעלע אין שויס, גלעט עס, קושט עס:

— מיין הענזי, מיין גוטער הענ־זי!...

אויף אַ צווייטער באַנק ווישט אַ הער דעם שוויס איבער זיין פליך, וואַרפט מיט אָנגעגווידערטע באַקן־קישעלעך, וואַרפנדיק שרעק־בליקן צום אָרט, וווּ עס ליגט דער הרוג.

אויף די טרעפּ, וואָס פירן צום „פרידענס־ענגעל“, דראַפּען זיך פאַרצווייפלטע בליקן איבער דער מענטשן־מאַסע, בייזערן זיך, פאַרוואָס עס קומט נישט קיין רעטונג.

אַזעלכע רחמנותפולע מענטשן האָב איך נישט געזען במשך די לעצטע צען יאָר. וואָס האָט דען די וועלט נישט דורכגעמאַכט אין דער דאָזיקער צייט: מיליאָנען צעקאַלעטשעטע, צעפליישטע — הרוגים אויף יעדעס גאַס! האָט דען דער לעבנגעבליבענער געטראַכט צו ראַטעווען זיין צעקיילטן שכן, צו לאָזן אַ טרער אויף יענעמס אומגליק? אויב איז ער גאַנץ געבליבן, אויב האָט אים אויסגעמיטן דער באָמבע־שפּליטער — האָט ער געוויינט צוליב זיין אייגענער שרעק, צוליב מורא פאַר זיין אייגענעם אומקום...

ליבע בייערישע דייטשן!

איך בין זיך מודה — אָן חרפה — אַז אין מיר איז שוין פון לאַנג פאַרלאָשן יעדער מין רחמנות־געפיל, יעדער מין באַוויינען אַ קרבן. אַזוי האָט מען געלערנט אין די לעצטע יאָרן. און די דאָזיקע לעקציע האָט

מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז — דער מענטש איז שלעכט דורך־און־דורך. פאַר אַ טובה איז ער גרייט אָפּצוצאָלן מיט אַ רעה.

די וועלט האָט דעם מענטש שלעכט געמאַכט...

און דאָ, אַרום דעם מינכענער „פרידענס־ענגעל“, זע איך אַזויפיל טרערן, אַזויפיל טרויער; זע איך, ווי בייערן האָבן פאַרוואָרפן זייערע געשעפטן, זוכן רעטונג פאַר אַ פאַראומגליקט באַשעפעניש, וואָס איז, אומגליקלעך, געפאַלן אין מיטן ברוק. האָבן די דייטשן נישט דורכגעמאַכט די אייגענע לעקציע, וואָס איך? ווייסן זיי דען נישט, אַז מען דאַרף האַסן?

איך האַס אַלץ און אַלעמען. דאָך — קאָן איך נישט זען קיין בלוט, הערן קיין גסיסה־קרעכצן, איינהאַלטן מייַנע טרערן, ווען אַ באַשעפעניש ראַנגלט זיך מיטן טויט.

עס פאַרקלעמט ביים האַרץ און דאָך...

אַ קוק טאָן דאַרף מען. עס איז פאָרט אַ מענטשלעכער חוב. דאָ, ביים „פרידענס־ענגעל“, בין איך זיכער, וועט מען נישט דאַרפן מיין הילף, וואָס איך וועל סייוויסיי נישט געבן. דאָס ליגט נישט אין מיין טבע. דאָס געהער צו די דייטשן. ווי שרעקלעך זיי קוקן־אויס! ווי טרויעריק עס איז זייער בליק! ווי גרייט זיי זענען צו ברענגען הילף, צו אַלאַרמירן וועגן הילף.

וואָס איז מיטן פאַראומגליקטן? לעבט ער נאָך? וועט שוין נישט זיין צו־שפּעט די רעטונג?

איך וועל דעם פּלאַץ נישט פאַרלאָזן, ביז כ׳וועל זיך דורכשטופּן, ביז כ׳וועל אַ קוק טאָן. איך ווייס, אַז עס וועט פאַרקלעמען ביים האַרץ. אַז טרערן וועלן זיך שטעלן אין די אויגן, אַז דער טאָג וועט זיין אַ פאַרשטערטער. עס איז מיר אָבער אַ חרפּה פאַר די דייטשן, אָט פאַר די גוטע דייטשן, וואָס קענען אָפּשאַצן דאָס לעבן פון אַ באַשעפעניש. און איך... האָב שוין טאַקע פאַרלוירן דעם צלם אלהים...

אוי, גאָט! — פיל איך ווי אַ פרייליין דריקט אויף מיין אַקסל מיט פאַרגלייצטע אויגן, הער איך אַ תפילה שעפּטשען צום אַלמעכטיקן האַר. גאָט, קער־אום די נשמה צו דיין באַשעפעניש!...

איך קוועטש זיך אַריין אין דער מאַסע. אַנדערע קומען פאַר מיר. מען שטויסט מיך צוריק. אַ געפּאַקטער הער קיצלט מיינע צעפּלאַמטע באַקן מיט דער געדיכטער באַרשט, וואָס אויף זיין גרינעם קאַפּעלושל. ער שטייט אומרואיק אויף זיין אָרט. דערנאָך קערט ער אום זיין פּליי־שיק פּנים צו מיין זייט.

—אַ גוטער בורשע געווען... אַ געטרייער...

— און וואָס מאַכט ער? — גיב איך אַ צאַפּל מיט מיינע ליפּן.

— קאַאַאַפּוט!...

עס ווערט אַרום מיר אַ געדרענג. די מאַסע נעמט זיך צעפּאַלן. אַ פּאַרוויינטע דאַמע קומט אַרויס פון מיטן. איר פּנים — ווי צעגאָ־סענער קוגל איבער אַ פּלאַכן טעלער. זי העשעט, וויינט און העשעט. אַלע קוקן איר נאָך מיט פאַרטרערטע אויגן, מיט רחמנותפולע בליקן. זיכער אַ קרובה, וואָס וויינט־אויס דעם צער, די גרויסע בראָך, וואָס עס האָט געטראָפן מיט איינעם פון אירע משפחה־גלידער. קאַפּוט געגאַנגען — האָט געזאָגט דער דייטש מיטן בערשטל. קאַאַאַפּוט!...

איך גיי נאָך די פּאַרוויינטע דאַמע. די מענטשן־מאַסע מיט מיר. זיכער האָט מען שוין דעם הרוג צוגענומען. און אויב נישט — וועל איך באַלד גיין אַ קוק טאָן. און באמת — וואָס האָב איך דען שוין צו קוקן? דער הרוג האָט דאָך זיכער נישט קיין שייכות מיט מיר... אָבער אַ קוק טאָן וועל איך. אַזויפיל צייט געפּטרט — דאַרף מען אַ קוק טאָן.

די פּאַרוויינטע דאַמע זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק. אין איר לינ־קער האַנט טרייסלט זיך אַ דאַמען־בייטל, אין דער רעכטער — אַ לע־דערנער רימען, אויף וועלכן דייטשן פירן זייערע הינט.

אומגליקלעכע דייטשקעס אַרום דעם מינכענער „פרידענס־ענגעל"!

איך האָב אָפּגעקערט מיין קאָפּ פון דער באַנק, אַ קוק געטאָן צום ברוק — אַ שוואַרצער הונט, אַ בולדאָג, אַ מאָפּס, איז געלעגן אי־בער דער ברייט; זיין שטייף־אויסגעצויגענער עק האָט געשפּיצט צו דער פאַרטרויערטער מענטשן־מאַסע, האָט דערציילט, אַז אַ גרויס אומגליק איז געשען ביים „פרידענס־ענגעל" — אַ געטרייער הונט האָט אַרויס־געהויכט זיין מענטשישע נשמה...

# „שוועסטער" מאַרוסיאַ

צווישן ווייסע שפּיטאָל־ווענט שלייכט־אַרום די „שוועסטער" — אַ ווייסע, אַן אַנגסטיקע. היינט איז איר דיזשור. נעכטן האָט זי געהאַט אַ פרייען טאָג, האָט זי אַרומגעשלייכט אין שטאָט, האָט זי פאַרקויפט ס׳ברויט פון די קראַנקע. מאַרוסיאַ הייסט זי. אַ שלאַנקע, אַ בלייכע — אָן אַ וואָרט אַרויסצוברענגען. יעדן אָוונט טרעפט זי זיך מיטן חתן. וואַליאַ איז זייער אַ גוטער יונג. ער וויל אָבער נישטליידן, פאַרוואָס זי ברענגט אים גאָרנישט פון שפּיטאָל. היינטיקע צייטן, פאַרשטייסטו — זאָגט ער צו איר — היינטיקע צייטן דאַרף מען זיך טויגן, אויב נישט: צי־אויס די פיס און קראַפּיר.

די „שוועסטער" וועט נישט קראַפּירן. זי וועט אויך נישט לאָזן קראַפּירן דעם חתן. אין שפּיטאָל גיט מען די קראַנקע ווייס ברויט. וויפיל קאָסט היינט אַ לאַבן ווייס ברויט? אַ פאַרמעגן. פון אַ לאַבן ווייס ברויט היינטיקע צייטן — פאַרברענגסטו אין קינאָ, טרינקסטו זעלצער־וואַסער און וואַלגערסט זיך מיט וואַליאַן אַ פעליקע נאַכט. אָ־האָ!

די שפּיטאָל־ווענט זענען ווייס, די פּאָליצעס — אויסגעפילט מיט רפואות־און־וואַנצן־געשמאַק. בשכנות דער לאַבאָראַטאָריע — בעטלעך, קראַנקע, וואַנצן. מיליאָנען. אַ רחמנות אויף די קראַנקע, וואָס מוזן פירן מלחמה מיט אַזויפיל בלוט־נאָגערס. צום טייוול. מאַרוסיאַ וועט מאַכן די לעצטע איינשפּריצונג און זיך אַוועקלייגן אויף איר בעטל. אינמיטן נאַכט וועט קומען וואַליאַ. אַ כפּרה אַלץ פאַר איין וואַליאַ....

— שוווו־עעע־סטעררר!

גנעם־איין אַ מיתה־משונה. שוין זאָלסטו זי איינגעמען! זונהשער זון. וועסט נאָך פאַרמסרן די „שוועסטער", אַז זי האָט געגנבעט ברויט? פּגירה דו!

מאַרוסיאַ האָט אויפגעהויבן דעם שפּריץ אינדערהייך. אַ נישקשהדי־קע דאָזע. צום פאַרסמען וועט געטוגן. איי, וואָס וועט דער דאָקטער זאָגן? ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די טעמפּעראַטור. שוין אַ וואָך, וואָס ער האָט הויכע היץ. שפּילסט זיך מיט דיזענטעריע! און אפשר האָט ער, גאָר, טיפוס. און אפשר —ביידע צוזאַמען. אַז די קראַמפּן וועלן אים אי־בערגיין, אַז ער וועט פאַרשטילט ווערן, וועט מאַרוסיאַ מעלדן ביי דער הויפּט־„שוועסטער", אַז — אין איר דיזשור איז געשטאָרבן דער פונעם בעטל רעכטס, פון דער אָנשטעקנדיקער פּאַלאַטע. ווי הייסט ער? נישט וויכטיק. ביידע וועלן זיי פאַרוויקלען דעם טויטן אינעם ליילעך, אים אַרויסטראָגן אויפן הויף...

— שוועס־טער!

צווישן מאַרוסיאַס פינגער האָט געציטערט דער שפּריצער. איר פּי־בערדיקער בליק האָט געפינקלט אויפן דינעם גלאָז. איינס־צוויי, איינס־צוויי. זי האָט געווישט מיט די שמאַטעדיקע פּאַנטאָפל דעם הילצערנעם דיל. זי האָט זיך אַריינגעווישט אין דער פּאַלאַטע.

טונקעלע גראָקייט. צונויפגעקנאָדערטע בינטלעך אויף ברודיקע בעטן. דורך צעעפנטע פענצטער, אין לבנה־שיין, זילבערן פליגעלעך הונדערטער, טויזנטער. אַ קרעכצן פון די בעטלעך. אַ קראַצן מיט פינגער איבער ווענט. וועמען וועט מען היינט אַרויסטראָגן פונדאַנען? ווי גאָט וועט אָנצייכנען. סימנים זענען דאָ פיל. מען דאַרף נאָר קענען איינצוימען דעם שילשול. אינדערפרי וועט מען בעטן ביים דאָקטער, בעטן מיט פיבער, מיטן בליק, מיט דער צונג. ער וועט שוין געפינען אַ רפואה. שלעכט איז בלויז די נאַכט. און שלעכט איז אויך, ווען מאַרוסיאַ האָט דיזשור. די קראַנקע ווייסן, אַז איר דאַרף מען נישט רופן. זי קומט נישט.

און בפרט היינטיקע נאַכט וועט זי נישט קומען. אַ נכפה זאָל קומען אויף איר. ווי זי טשאַטעט אַרום יעדנס בעטל; ווי זי נעמט־צו — דאָ עט־לעכע ווייַנטרויבן, דאָרט — אַ שטיקל צוקער! זי פאַרמסרן ביים דאָק־טער? דאַרף מען זי דאָך פּאַקן ביי דער האַנט. און אָט האָט מען זי גע־פּאַקט. אוי, האָט מען זי געפּאַקט! היינטיקע נאַכט וועט מאַרוסיאַ נישט אַריינקומען אין פּאַלאַטע. צוליב בלויז חרפּה וועט זי נישט אַרייַנקומען.

— שוועסטער, אַ ביסל וואַסער, ס׳איז מיר שלעכט!

— וועסט נישט פּגרן, נישקשה, לאָז, וועל איך דיר מאַכן אַן איינ־שפּריצונג.

— אָבער, שוועסטער, אַ קליין ביסעלע וואַסער!

— גיב די האַנט, זאָג איך דיר, האָסט געהערט!

— אוי, שוועסטער, אַ טראָפּעלע, אַ קליין טראָפּעלע וואַססס...

אַרום — אַ זעגנדיקע לופט. יעדעס בעטל כאָרכלט און שנאָרכט און קרעכצט אויף זיין שטייגער. אַלעמענס פּנימער אויסגעקערט צו די ווענט. ווער — אין גסיסה־קראַמפּן, ווער — נישט צו וועלן זען דער שוועסטערס פּנים. מאַרוסיאַ שטייט ביי אַ בעטל. איר גאַנצע הייך — איין שטיק וואַרפעניש:

ווי ער האָט זיך איינגעטוליעט אין דער קאָלדרע! ווי ער לאָזט נישט צו!

זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען דעם נאָמען פון קראַנקן. דאַכט זיך, אַז מען רופט אים גרין, אָדער גריין. אַלצאיינס. וואַסער וויל ער? ניין. דער דאָקטער האָט פאַרשריבן אַן איינשפּריצונג. אין פיבער טרינקט מען נישט קיין וואַסער. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט!

דער קראַנקער, גרין, בייסט די קאָלדרע, קאָפּעט די פיס אין ליילעך. ער פילט נישט דער שוועסטערס שטיין איבער אים. און די האַנט, צו אַן איינשפּריצונג, וועט ער נישט געבן. ניין. בשום־אופן נישט. זינט ער גע־פינט זיך דאָ — איבער צוויי וואָכן — איז אים נישט געוואָרן בעסער, נישט ערגער. ווי געווען, איז געבליבן. היץ־פיבער צוליב בויך־טיפוס. האָט זיך איבערגעגעסן מיט רויע טייגלעך, אָנגעפילטע מיט גראָז. דאָס אַלץ. פון אַזוינס שטאַרבט מען נישט. שוין געזען ערגערס. אין שפּיטאָל האָט מען אים געבערענגט, ווייל ער האָט נישט קיין אייגן בעט. נחמן גרין איז אַ היימלאָזער. אַזוי איז פאַרשריבן אין די שפּיטאָל־ביכער. און אַז ר׳וועט געזונט ווערן — וווהין וועט ער גיין?

און אויב אַ היימלאָזער — איז ביי אים די חוצפּה גרויס:

גיט מען ווייס ברויט, דאַרף מען געבן לויט דער מאָס! נחמן וועט זיך נישט לאָזן נאַרן. און נישט בלויז ער — אַלע, אין פּאַלאַטע, האָבן

אונטערגעשריבן, אַז מאַרוסיאַ באַגנבעט ס׳ברויט פון די קראַנקע. נחמן ווייס דאָס אויף זיכער. ער האָט אַליין געזען, ווי די „שוועסטער" וועגט פּאַנאַנדער ס׳ברויט, צעשניידט איין פּאָרציע פאַר צוויי קראַנקע. געווען איז דאָס אין איינעם פון זוניקע טעג. ער איז געזעסן אויפן הויף. גע־וואַרט אויפן שטיק ברויט. איז מאַרוסיאַ פאַרבייגעגאַנגען מיט די פּאָרציעס, אים צוגעוואָרפן אַ פּענעץ. ער קען שווערן, אַז עס פעלט אַ העלפט פון זיין פּאָרציע! נחמן איז נישט קיין פוילער. די טעמפּעראַטור האָט נאָכגעלאָזט. איז ער אַוועק צום ברויט־מאַגאַזין, געהייסן איבערוועגן זיין חלק. דאָרט האָט מען פאַרשריבן ווי ער הייסט. דאָרט האָט ער געזען איינעם אַוועקטראָגן עטלעכע ווייסע ברויט־לאַבנס. וואַליאַ, מאַרוסיאַס חתן, האָט זיי אַרויסגעטראָגן. אַזאַ אויסוווּרף! ביי נחמנס אַכצן יאָר האָט ער קיינעם נישט באַגנבעט. וואָס איז ער שולדיק, אויב דער גורל האָט אים פאַרטריבן אַזוי ווייט פון דער היים? ער איז טאַקע אַ שלעפּער — אָבער קיין עוולות וועט ער זיך נישט לאָזן טאָן.

אין עטלעכע טעג אַרום — אַ קאָמיסיע איז געקומען, אַ קאָמיסיע צום אויספאָרשן, וויפיל אמת עס געפינט זיך אין די אונטערשריפטן. ווער הייסט נחמן גרין? — האָט דער קאָמיסיע־עלטסטער דאַן געוואָלט וויסן. און אַז ר׳איז געוואָר־געוואָרן. און אַז ר׳האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף נחמנס בעטל. — האָט מען אַוועקגעלייגט אויפן בחורס טישל זיין ברויט־פּאָרציע. אַ גרויס שטיק ברויט. ביזט אַ ליגנער — האָט דער אויספאָרשער דאַן געזאָגט; פאַרשריבן נחמנס נאָמען און אַוועק.

וויפיל קאָסט אַ ווייסער ברויט־לאַבן אין שטאָט? אַ פאַרמעגן. פאַר צוויי ברויטן וועט דער אויספאָרשער אָפּקויפן ביי אַ יידישן בחור זיין אַנצוג, געמאַכט פון ענגלישן שטאָף, געברענגט פון אַ היים אין פוילן. אוך!

איצט שטייט איבער אים מאַרוסיאַ. היינט איז איר דיזשור. אינ־דערפרי האָט דער דאָקטער פאַרשריבן איינשפּריצונגען. זיין האַרץ איז שוואַך. מען דאַרף עס שטאַרקן. ער געדענקט דעם דאָקטערס שמייכל. ווייס ער נישט די געשיכטע מיטן געגנבעטן ברויט? זיכער ווייס ער. דאָס גאַנצע שפּיטאָל האָט געטומלט. די „שוועסטער" האָט געהאַט אַ גרויסן

היזק. זי האָט, זיכער, פאַנאַנדערגעטיילט די ברויטן — וואָס איר חתן האָט היינט געדאַרפט אַרויסטראָגן — צוויי פאַר דעם דאָקטער, צוויי דעם מאַגאַזינער און די רעשט...

נחמן וואַרפט אַריבער די פיס פון בעטל, בלייבט זיצן מיט אַן אַרויס־געשטרעקטער צונג. לבנה־שפּריצן ווייסן זיך איבער די ווענט, צעהעלן דאָ אַ פּנים, דאָרט אַ פּנים — מאַכן ווייס דעם כאַלאַט, וואָס שטייט נעבן נחמנס בעט.

— לאָז, כ׳גיי נעמען אַ ביסל וואַסער.

מאַרוסיאַ איז אַוועק צו דער טיר, זי פאַרשלאָסן פונדרויסן. צווישן אירע פינגער האָט געציטערט דער אָנגעפּילטער שפּריץ. זי וועט אים נישט אַוועקלייגן. אַזאַ געזונטעניש! האָט זיך אויפגעזעצט און וויל גיין נאָך וואַסער! און דאָס פאַרנעמט אַ בעט אין שפּיטאָל, עסט ווייס ברויט... זי וועט צוװאַרטן אַ ביסל. באַלד וועט קומען וואַליאַ. מיט אים וועט זי זיך׳כשמועסן דעם ענין. טאָר זי דאָך נישט בלייבן אַ פאַרשעמטע לגבי איר חתן. איז דאָך דאָס געווען זיין עצה. יאָ. זיינע. אַ קלוגער חתן, דער וואַליאַ. אים דאַרף מען פאָלגן. און ער האָט דאָך רעכט: אין אַזעלכע שלעכטע צייטן — זענען צונויף געקומען די עטלעכע ווייסע ברויטן אַ וואָך. האָט דאָס דער שלעפער נישט געקאָנט פאַרליידן. כאָטש נעם אים צו פאַר אַ שותף. אַז סייוויסיי וועט ער דאָך איינעמען די פּגירה...

— עפן די טיר, זאָג איך דיר, דו הורן־מויד!

— וואָאאאס? וואָס בין איך פאַר דיר? וואַרט, זונהשער זון, וואַרט, וואַרט...

נחמן האָט אַ טראַסק געטאָן אין די טישן, זיך גענומען שליידערן, צוזאַמען מיט זיי, איבערן דיל. עס איז אים שלעכט. ער פילט, אַז — אָט־אָט — און ער גייט־אויס. פאַרוואָס האָט זי פאַרשלאָסן די טיר? ער האָט גענומען גיין צווישן די בעטלעך, גענומען שטויסן די קראַנקע:

— לאָמיר שרייען, לאָמיר; די ניכפּע גייט אונז אונטערציינדן!

אַ פאַרמאַטערטער, האָט זיך נחמן צוריק אַוועקגעוואָרפן אויפן בעטל. זיין גאַנצער צוזאַמענשטעל — איין שטיק פייער. וואָס זאָל ער טאָן? אוודאי וואָלט געווען איצט גלייך, ווען ער כאַפּט זיך אַרויס אויפן הויף,

ווען ער גייט אַריין צום דאָקטער — און זאָל ער פרעגן, וואָס די מאַרוסיאַ מיינט מיט זיך! האָט זי דאָך פאַרשלאָסן די טיר.

און אַז דער טומל האָט גענומען שטאַרקער ווערן אין פּאַלאַטע, גע־נומען דערגיין ביז אויפן הויף אַראָפּ, האָט זיך געהערט אַ טרעטן הינטער דער טיר, האָט זי זיך לייכט געעפנט.

אין פּאַלאַטע איז אַריינגעקומען דער דאָקטער, אַריינגעקומען פאַר־וויקלט אין אַ ווייס לײַלעך, אָן אַ העמד און אויסגעקוקט האָט ער, ביים מאָגערן ליכט — אַ קצב.

— פאַרוואָס שרייט מען?

— ווייל... ווייל...

— שטיל זאָל זיין, זאָג איך!

און צו נחמנען:

— האָסט נישט געלאָזט מאַכן קיין איינשפּריצונג? מאָרגן שרייב איך דיך אויס!

צומאָרגנס האָט מען נחמנען אַרויסגעפירט פון פּאַלאַטע. געפירט האָט אים די „שוועסטער" מאַרוסיאַ. אַליין האָט ער נישט געקאָנט גיין.

— איך האָב דיר געוואָלט מאַכן אַן איינשפּריצונג, האַ? און דו האָסט נישט געוואָלט!

— וואָס־זשע וואָלט געווען פון דיין איינשפּריצונג, „שוועסטער" מאַרוסיאַ?

— וואָלסטו געווען אויסגעהיילט אויף אייביק — האָט מאַרוסיאַ געשמייכלט מיט אירע ביטרע אויגן — נאַ וסיעגדאַ...

— ביזט אַ מצורעדיקע ניכפע — האָט נחמן גרין געביסן זיינע פאַרברענטע ליפּן, געווען מלא־רציחה — פאַר אַ שטיק ברויט ביזטו גרייט געווען מיך אומצוברענגען, דו...

מאַרוסיאַ האָט געהאַלטן איינגעביסן איר האַנט אין נחמנס ביינער־בינטל, געשטאָכן מיט די נעגל אויף זיין הויט.

— לאָז אָפּ, זאָג איך דיר, לאָז אָפּ די האַנט!

נחמנס געלע באַקן האָבן געגרינצלט פון ווייטיק. עס האָט אים ווי־

געטאָן אַלץ אויף אים. דער דאָקטער איז פאַרבייגעגאַנגען. האָט נחמן צעעפנט די ליפּן, אַרויסגעלאָזט אַ פאַרשטיקט געשריי.

— מיר האָבן נישט קיין פּאַלאַטע פאַר משוגעים — האָט דער דאָק־טער געזאָגט — ליידער... מיר האָבן נישט...

— אָבער פאַר גנבים פון ווייסע ברויט־לאַבנס? — האָט דער קראַנ־קער זיך אַוועקגעוואָרפן אויף דער צעזונטער ערד, אַרויסגעריסן זיין צע־קנייפּטע האַנט פון דער שוועסטערס.

אויף דער גאַס האָט אים אָפּגעוואַרט וואַליאַ, מאַרוסיאַס חתן — אַ קלעצלדיקער יונג מיט געזונטע פויסטן. דערזעען נחמנען אין זיין געל־קייט, איז ער פאַרבייגעגאַנגען נאָנט פון אים:

— מיין מויד האָט דיך אַנדערש פאָרגעשטעלט... גיי און קראַפּיר...

נחמן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דר'ערד. אין זיינע אויגן האָט גע־פלאַקערט אַ ווייס שטיק זון — דער אויסזען פון אַ ווייסן ברויט־לאַבן אויף די הענט פון דער „שוועסטער" מאַרוסיאַ...

# כאָרכע

כאָרכע זיצט אין דער טיפער אָנלען־שטול, קנייטשט אַ פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר צווישן די קורצע פינגער. קאָפּעלע? ער האָט זיך געראַטע־וועט. איצט איז ער אין דייטשלאַנד. איצט שרייבט ער אַ בריוו צו אים, צו כאָרכען דעם קוזין, וואָס געפינט זיך אין אַמעריקע. אוודאי אין אַמע־ריקע. וואָדען? אַז יונה איז אַוועק פון לובלינער גובערניע מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, האָבן שטעטלשע לייט אים געוווּנטשן, ר׳זאָל בשלום אָנקומען קיין אַמעריקע. כי־כי־כי. אַמעריטשקע גנבֿ!

און וואָס יונה האָט נישט אַלץ אָפּגעטאָן לטובֿת זיין משפּחה במשך די דרייסיק יאָר: אַראָפּגעבראַנגט אַ שוועסטער, אַ ברודער און נאָך אַ שוועסטער. איצט דריקט שוין די עלטער. איי, ווי זי דריקט! אַן אַלטקייט האָט זיך פאַרלייגט אין די ביינער. אָבער נישקשה. פאַר כאָרכען איז נאָך געבליבן פיל אויפצוטאָן. ער איז אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטאָט. ווו נאָר עפּעס אַ טובֿת־הכלל: אַן אָרעמער שרייבער, אַ צדקה־ענין, אַ ראַ־טונעק פאַר וועמען — קומט מען צו אים. און ער גיט מיט אַ ברייטער האַנט. דער היינטיקער כאָרכע איז נישט דער אַמאָליקער יונה — דער געוועזענער פערד־גנבֿ, ווי מ׳האָט אים גערופן אין דער גאַנצער לובלינער גובערניע.

כאָרכע איז אַ כלל־מענטש, איז ער.

ער האָט זיך איבערגעקערט פון איין זייט אויף דער צווייטער, איינ־געפּעסטיקט דעם שווערן בויך אין ווייכן געזעס.

וואָס־זשע שרייבט ער, קאָפּעלע, דעם טאַטנס שוועסטערס זון — דער לייבלעכער קוזין זיינער — פון דייטשלאַנד? —

„מיין ליבער יונה, האַרציקער קוזין! האָב גאָט אין האַרץ און שאַף פאַר מיר, דעם איינציק־לעבנגעבליבענעם פון דער גאַנצער משפּחה, אַ

וויזע שאַף מיר, יונהלע טייערער, האָב רחמנות און שרייב מיר גלייך אַ גוטן ענטפער. דיין קאַפּל פון לובלין".

נע־נע — אַ וויזע? אַ וויזע וויל ער? אַ יאָלד איז ער דאָרט. ער מיינט, אַז עס מאַכט זיך אַזוי לייכט. איבעריקנס, וואָס איילט ער זיך אַזוי? איז דען איצט אין דייטשלאַנד אַזוי שלעכט? די אַמעריקאַנער זענען דאָך דאָרט. וואָסי? איי, קאַפּעלע, נעבעך, ער וויל קומען קיין אַמעריקע, וויל ער. יונה איז נישט געווען קיין שלעכטער אינדערהיים און איצט איז כאַרכע זייער אַ גוטער. מען דאַרף עפּעס טאָן. אָבער צייט מוז מען האָבן. און אין דייטשלאַנד איז גאָרנישט אַזוי שלעכט. מ'עט זען.

כאַרכע האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך איינגעקוקט אין לאַנגן שפּיגל און דערזען אויף זיינע גראָע שלייפן פּופּציק יאָר — פּופּציק יאָרן, אויס־געפּילטע מיט זאָרג — פון דער קינדהייט ביז איצט: אַן אויפטוער, אַן איינרייסער. און אַז ר'איז אַוועק פון דער פּוילישער היים, זיך געגרייט צו קומען אַהער — איז ער דען אַוועק מחמת נחת? אסור. קלאַפּאָטן האָבן געדריקט. האָט מען געזוכט זיך אויסצובעסערן. האָט אים דאָן ווער גע־האָלפן? קיינער נישט, קיינער...

דער נאָכמיטאָג האָט שווער געדושעט אויף אַלץ אין שטוב. ברעקלעך זון האָבן זיך דורכגעריסן פאַרביי די שפּאַרונעס פון די פאַרמאַכטע פענצ־טער־לאָדנס, געדריקט מיט זייער פייכטער קלעפּיקייט אויף ווענט און באַלקן. איצט איז צייט אויסצורוען, זיך אַוועקצולייגן. אוף! אַזאַ היץ פילט־אָן מיט מאַטקייט, לאָזט נישט טראַכטן — נישט פאַר זיך און נישט פאַר יענעם.

כאַרכע האָט זיך אַוועקגעוואָרפן אויף דער סאָפע. אַ גרילצנדיק שנאָרכן האָט גענומען שניידן דעם געדיכטן אוויר.

דאָס בריוועלע, קאַפּלס, האָט זיך געוואַלגערט אויפן דיל.

**
*

קאַפּל האָט זיך געראַטעוועט קיין דייטשלאַנד פון וויטן רוסלאַנד. דורכגעגאַנגען אַ וועלט, ביז זיין קומען אין אַ דייטשן לאַגער. איינער אַליין איז ער געקומען אַהין. אָבער געוווסט האָט ער, קאַפּל — וואָס האָט

צו זיינע פערציק יאָר געוויגן פערציק קילאָ — אַז זיין גאַנג איז נאָכ־ניט פאַרענדיקט. ער הייבט זיך איצט אָן — זיין גאַנג צוזאַמען מיט טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך עפּעס צופעליק געראַטעוועט און איצט גע־בליבן פאַרשטעקט אין די לאַגערן פון דייטשן לאַנד. דאָ טאָרן קיין יידן נישט זיצן. ס׳איז דאָך אַזוי שרעקלעך און אַזוי טרויעריק דער אַרום! קאָפּל זיצט אין לאַגער פון לאַנדסבערג, אַ דייטש שטעטל, וואָס בשכנות געפינט זיך דאַכאַו. צוליב דעם האָט ער געדאַרפט אַנטלויפן פון פוילן, איצט, נאָך זיין אַנטרינען פון רוסלאַנד? אַ חורבה געטראָפן דאָרט, אין און אַרום לובלין. מיידאַנעק געפינט זיך דאָך דאָרט בשכנות. עך, טייע־רער פאָטער! איז נאָך דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט? אַ שוידער נעמט אַרום אַלעמען — ווער נאָר עס הערט דאָס וואָרט „מיידאַנעק". ווי־זשע האָט אַ געראַטעוועטער ייד געקאָנט גאָר טראַכטן וועגן זוכן שוץ אין דעם־לוב־לין, וואָס געפינט זיך אַזוי נאָנט פון דעם גרעסטן יידן־גיהנום! איז מען אַוועק. טויזנטער. קאָפּל אויך. און איצט? האָט מען זיך באַזעצט בשכנות פון דאַכאַו. ווי שרעקלעך. און ווי אומענטשלעך. האָבן דען די אַמעריי־קאַנער נישט געוווסט דערפון? האָבן דען די יידישע מנהיגים נישט אַ טראַכט געטאָן דערפון? האָבן דען יידן אין דער וועלט נישט געפילט, ווי שלעכט דאָס וועט זיך אויסווירקן אויף די קליינע טיילן געראַטעוועטע?

אָבער נישט לאַנג וועט עס דויערן. קאָפּל איז זיכער דעריין. די וועלט שלאָפט נישט. יאָ, זי רוט נישט.

אַ פאַרדאַרטער, מיט אַ טריפנדיקן, קרומען בליק אין די אויגן־לע־כער, איז קאָפּל, צוזאַמען מיט אַנדערע לאַגער־יידן, אַוועק יעדן טאָג פון לאַנדסבערג קיין מינכען. אין מינכען איז דער יידישער צענטער. אַז אָך־און־ווײ צו אונז! מינכען — דער צענטער פון נאַציזם — איז איצט גע־וואָרן דער צענטער פאַר די געראַטעוועטע פון נאַציזם. און אפשר גליי־כער אַזוי? אַ צולהכעיס דעם שונא? יידן האָבן דאָס נישט צוגעלאָזט צום געדאַנק; — יידן, וואָס טיף אין זיי האָט געעגבערט דער פאַרגאַנגענער גרויל, האָבן געפילט פייער אונטער די טריט. דאַכאַו און מינכען — און צווישן: די יידישע שארית־הפליטה...

זענען פאַרביי חדשים. אַ יאָר. צוויי. גוטע מענטשן געפינען זיך

אויף דער וועלט. גויים און יידן. מען טראַכט וועגן די פאַרוואָגלטע. מען זוכט מיטלען ווי זיי אַרויסצוגעמען פון די לאַגערן. און מען טיילט אויך עסן לויט דער מאָס פון „קאַלאָריעס“: אַזויפיל און אַזויפיל שפּייז־קאַ־לאָריעס דאַרף אַ מענטש אַריינעמען אין זיין קערפּער, כדי אויפצוהאַלטן זיך, כדי צו האָבן כּוח אויף צום לעבן. לאַגער־יידן באַקומען די „קאַלאָ־ריעס“, אָבער עס סטייעט פאָרט נישט. קאָפּל איז פאַרדאַרט און פאַר־טרוקנט. ווי לאַנג וועט ער אַזוי אָנטרייבן דאָ — אָן משפּחה, אָן אַרבעט, אָן צו הערן אַ גוט וואָרט פון אַ נאָענטן — ווי לאַנג נאָך?

די צייט פון אויסלייזונג וועט מוזן קומען. זי איז שוין נאָענט. גאָר נאָענט.

און זאָל זיין ליבער נאָמען אָפּהיטן פון אַ נייער מלחמה. דאָס איז דאָך אַזוי שרעקלעך. דאָס פּילט דאָך אָן מיט אַזויפיל פּחד יעדן איינעם פון די געראַטעוועטע. אַ נייע מלחמה? ווען קאָן אַזוינס גאָר קומען איצט אויפן רעיון?

מילא. דער לאַגער־ייד איז נישט קיין פאַרזאָרגער פון דער וועלט. אויך זי, די וועלט, האָט נישט געזאָרגט פאַר אים — ווען בעסטיעס האָבן אים געפּייניקט אין הייסע און אין קאַלטע גיהנומס. אָבער — זיך אַליין דאַרף מען איצט ראַטעווען... זיך אַליין...

נישט געווען קיין טעות. די שרעק איז נישט געווען קיין צוגע־טראַכטע. אין מיטן פון ביינצן־פּופּציק, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די ישועה איז שוין נאָענט; אַז די לאַגערן וועלן שוין אויסגעליידיקט; אַז — ווער ס׳וועט אַוועקגעפירט ווערן קיין ישראל און ווער — קיין אַמעריקע; — האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן, אַז ערגעץ דאָרט, אין אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך צווישן כינע און יאַפּאַניע — קאָרעאַ הייסט עס — איז גע־וואָרן אַ מלחמה צווישן „מערב“ מיט „מזרח“...

אין פּלוג: וועמענס עסק דאַרף עס דען זיין? האָט שוין דער לאַ־גער־ייד נישט קיין אַנדערע זאָרגן, ווי וועלן פאַרזאָרגן די וועלט מיט הוילער דעמאָקראַטיע; מיט שטעלן זיך אויפן צד פון דער אָדער פון יע־נער פּאַרב, משטיינסגעזאָגט!?

יאָ. אַ ציטער איז דורך איבער די אברים. דאָרט, אין דעם קאָרעאַ,

האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה, וואָס איר סוף האָט זיך גענומען פאָרזען אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד אויך. וואָרום, האָט יעדער לאַגער־מענטש באַשיינפּערלעך געזען, אַז ביי די קרום־אויגיקע קאָרעיצעס קערן זיך וועלטן און דאָס אייגענע איז שוין צו הערן — דערווייל בלויז צו הערן — אין בערלין אויך. און ווי לאַנג דאַרף דען דויערן אַ טאַנקען־גאַנג פון בערלין קיין מינכען. דאָ זיצן די אַמעריקאַנער און דאָרט — די רוסן. אַקוראַט, ווי אינעם ווייטן קאָרעאַ, וואָס איז געוואָרן איטלעכן אַזוי נאָנט און אייגן...

ניין. די געראַטעוועטע יידן ווילן נישט מער אָוועקפּטרן זייער קאַ־פּיטשקע געזונט — פּאַר טראַכטן בלויז: היינט קומען „זיי״, מאָרגן... מען דאַרף אַנטלויפן פונעם גיהנום.

צווייטע גיהנום־טעג זענען געוואָרן די „קאָרעאַ־טעג״ אין די דייטשע יידן־לאַגערן. קיינער איז נישט געווען זיכער — אונטער וועמענס פּאָן ער וועט מאָרגן אויפשטיין... דער מאָרגן האָט געשראָקן מיט די באַקאַנ־טע דייטשע קלעפּ און מיט דעם, וואָס אַנדערע האָבן שוין אויסגעטראָגן אין די סיבירער וועלדער — — —

האָט מען געזוכט זיך צו ראַטעווען. און דערווייל האָבן יודעי־חן גע־ווּסט צו דערציילן — די „אַלצווייסער״ האָבן אַלץ געוווּסט — אַז די אַמעריקאַנער האָבן געמוזט אָפּשטעלן זייערע טראַנספּאָרטן פון די די־פּיס קיין אַמעריקע; זיי דאַרפן די שיפן פאַרן מיליטער. אַ מלחמה — אַ קלייניקייט! און דער ים איז שוין אויך בלאָקירט. הכלל: אַ בהלה — אַזאַ בהלה האָבן געקאָנט פילן אויף זיך נאָר די, וואָס האָבן זי שוין איין מאָל דורכגעמאַכט. דאַרף מען זוכן רעטונג. כאָטש אַ גוט וואָרט פון ערגעץ, אַ טרייסט.

זענען לאַגער־יידן געזעסן און געשריבן בריוו אין דער וועלט אַריין; — אויפגעזוכט קרובים און באַקאַנטע פון פאַרמלחמהדיקע צייטן; גע־שריבן צו לאַנדסלייט און צו פאַרגעסענע משפּחה, וואָס — אפשר וועלן זייערע הערצער ווייך ווערן; אפשר — אויב האָבן זיי זיך ביז איצט נישט אָפּגערופן, וועט אויף זיי ווירקן די נייע סכנה, וואָס לויערט אין דייטש־לאַנד.

דאָ האָט זיך אויך קאָפּל דערמאָנט אָן יונהן. דער מאַמעס ברודערס אַ זון, וואָס איז אַוועק ערגעץ, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, אינעם לאַטייניש אַמעריקע. דאַכט זיך, קיין אורוגווייַ איז ער אַוועק. קאָפּל איז נאָך דאַן אַ חדר־ייִנגל געווען. אָבער געדענקט שמועסן אין שטוב, וועגן יונהלע דעם פערד־גנב, וואָס האָט עוקר געווען פון שטאָט, עוקר געווען, נישט צוליב פרעמדע חטאים...

זאָל זיין פון אַ געוועזענעם פערד־גנב, אַבי אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוראַטעווען.

האָט ער אַוועקגעשריבן אַ בריוו אין אַ יידיש בלאַט און געשריבן אין יידישע קאָמיטעטן פון יענעם אַמעריקע, געבעטן, אים צו פאַרבינדן מיט זיין לייבלעכן קוזין.

און אָט, ווען „קאָרעאַ“ האָט שוין גענומען אַריינדרינגען טיף אין די עצמות, האָט קאָפּל באַקומען אַ בריוו פון קוזין, פון יונהלען טאַקע, וועלכער האָט געטראָגן אויף זיך אַ פירמע — אַ פירמאָווע בריוו: כ אָ ר כ ע . . . ער הייסט שוין גאָר כאָרכע. זאָל זיין כאָרכע — אַבי זאָל ער שיקן אַ וויזע. אינעם בריוו שרייבט אים יונהלע — דער באַקאַנטער יונה פון טאַטע־מאַמעס און שטעטלשע צייטן — אַז ער איז אַ גרויסער אויפטוער אינעם לאַטייניש אַמעריקע; אַ הייסער ייד אַזאַ און אויך — עס קומט אים אַ מזל־טוב: ער פירט צו דער חופּה אַ זייער געראָטענע טאָכטער. און די קינדערלעך זייַנע לערנען זיך זייער גוט... און וואָס הערט מען מיט דער וויזע פאַר קאָפּלען? קיין וואָרט נישט. אַפילו נישט דערמאָנט... איז קאָפּל אַוועק צו אַ ספּעציעלן בריוו־שרייבער אין לאַגער, אים געבעטן אַ טובה טאָן — גאָט וועט אים שוין באַצאָלן — אָנשרייבן אַ בריוו צום קוזין: אַזוי און אַזוי, מיין טייער איבערבלייבעכטס פון דער גרויסער משפּחה — מיין האַרצעדיקער יונה, וואָס רופט זיך איצט כאָרכע — זע און ראַטעווע און גיי ווו מען דאַרף און שיק אַרויס אַ וויזע, ווייל ס׳איז סכנות נפשות...

און גענומען וואַרטן אויף אַ תשובה.

**
*

שיקן אַ תשובה דעם קוזין?

דאָ דאַרף מען אַריינלייגן מי און מאַטער און געלט אויך. ביין, נישט פאַר זיינע כוחות איצט. כאָרכע איז אַזוי פאַרנומען מיט כלל־ענינים, אַז עס סטייעט אים נישט קיין צייט...

כאָרכע האָט אויפגעהויבן דעם בריוו פון דיל, גענומען לייענען נאָכאַמאָל, ווידער איינגעקנייטשט, זיך אויסגעגלייכט אויף דער סאָפע און אַ קוק געטאָן צום פענצטער. נאָוועמבער, ביינצן־פופציק. איצט הייבן זיך אָן די פרעסט אין אייראָפּע. און ווען ס'איז קאַלט, מאַכט מען נישט קיין מלחמות. זאָלן פאַרבייגיין די היגע היצן — ווי נישט אויס־צוהאַלטן פון זיי! — און די דאָרטיקע קעלטן, וועט מען דאַן זען עפּעס צו טאָן. נישקשה. אונדזערע אַמעריקאַנער וועלן זיך נישט לאָזן אַזוי לייכט אַרויסשטויסן פון דייטשלאַנד. (און אויב וועט מען זיי יאָ אַרויס־שטויסן, האָט כאָרכע טיף געטראַכט אין זיך, איז אויך נישט קיין גרויס אומגליק.) און דערווייל שלאָגט מען זיך דאָך בלויז ערגעץ אין קאָרעאַ. טאָ וואָס גייט עס אים דאָרט אַזוי שטאַרק בנפשו, קאָפּלען? איז ער דען איינער אַליין. וואָס מיט אַלעמען וועט זיין...

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ שוואַרץ מיידל, ווי אַ שטיק פון דער נאַכט, האָט גערופן דעם סעניאָר צו מיטאָג־טיש. האָט כאָרכע אַ נעם געטאָן דעם בריוו, אַ שאַר געטאָן די שווערע פיס אין די ווייכע לעטש־לעך און זיך אַריינגעוואָרפן אין דער טיפער שטול, אויף זיין שטענדיקן זיץ־פּלאַץ.

ווייב און קינדער האָבן געקוקט אומגעדולדיק צו דער קיך, פון־וואַנען די שוואַרצע דינסט האָט געדאַרפט ברענגען די מיטאָג־מאכלים.

— אַ בריוו פון דייטשלאַנד — האָט כאָרכע, פלעגמאַטיש, דער־לאַנגט דעם בריוו איבערן טיש.

— שוין ווידער אַ בריוו? — איזביים ווייב אַרויסגעקומען אַ פאַר־קרומטער שמייכל אויף די צעהיצטע באַקן — וואָס וויל ער ווידער?

דאָ האָט זיך גענומען פאַנאַנדערוויקלען אַ שמועס אַרום טיש וועגן מענטשן, וואָס האָבן אַראָפּגעברענגט „גרינע" און וועגן די צרות, וואָס זענען דאָ אויסצושטיין פון זיי.

— סעניאָר גרימפּל — קענסט אים דאָך! — האָט כאָרכעס סע־ניאָראַ אַ וואָרף געטאָן אירע קורצע, שווייסיקע הענט איבער די פּאַרנ־דיקע טעלערס: סעניאָר גרימפּל האָט אַראָפּגעבערענגט עפּעס אַן אייגע־נעם פון די לאַגערן און איצט, וואָס מיינסטו איז? איצט זאָגט דער „גרינער", אַז אַלץ געהער צו אים; אַז — הער, הער, כאָרכעלע — ווען ער איז געווען ביי היטלערן, האָט דאָ זיין משפחה געמאַכט מיליאָנען; דעריבער, כאָרכעשי, זאָל ער זיי אים איצט אַוועקגעבן.

די קינדער האָבן געשלינגען די הייסע לאָקשן, געבלאָזן און געווישט דעם שווייס אַרום די באַקן. ווענן וואָס שמועסט די מאַ מיטן פּאַ? היט־לער? יאָ. דער לערער האָט זיי דערציילט. די קינדערלעך, כאָרכעס, זענען זייער גראָטענע. זיי פאַרשטייען יעדעס וואָרט וואָס קומט אַרויס פון טאַטע־מאַמעס מויל. איצט וואָלטן זיי טשעקאַווע געווען צו וויסן, צי דער היטלער לעבט נאָך. אָבער דאָס וועלן זיי שוין פרעגן אין שולע. דאָרט איז לייכטער צו פרעגן. דער לערער ענטפערט אין אַ פּערפעקטן שפּאַניש.

די זון האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן טיש מיט איר גאַנצער היץ און שווייס, פאַרקראָכן אין די טעלערס און גלאַנציקע פּולמעסיקט, שווער געמאַכט דאָס אָטעמען.

אין די זומערדיקע טעג קומט־אָן מיט מאַטערניש דאָס פאַרענדיקן די מיטאָג־סעודה.

האָבן זיך אַלע אַ הייב געטאָן. דער סעניאָר און זיין סעניאָראַ זענען אַריין אינעם פאַרהאָנגענעם שלאָף־צימער, די קינדער — אויף דער גאַס. און די שוואַרצע דינסט האָט געשוויצט ביים אַראָפּטראָגן פון טיש די נישט־פאַרענדיקטע מאכלים.

אַ שווער סאָפּען האָט זיך גענומען טראָגן פון שלאָף־צימער, זיך גע־טראָגן און פאַרטראָגן מאַן־ווייב אין דעם זיסטן ווינקל פון וועלט־באַשאַף.

***

כאָרכע האָט געהאַט רעכט. יעדן טאָג לייענט ער אַ יידיש בלאַט. ספּעציעל אינטערעסירט אים צו וויסן, וואָס עס הערט זיך אין קאָרעאַ און,

צי די אַמעריקאַנער זענען נאָך אין דייטשלאַנד. אונדזערע אַמעריקאַנער! אָבער פאַרוואָס קריכן זיי איבער דער גאַנצער וועלט? איז דען אַמעריקע ווייניק פאַר זיי? כּאָרכע זיצט אין מאָנטעווידעאָ ערגעץ און איז שטאַרק באַזאָרגט איבערן גורל פון די יענקעס. און אויך איז ער טשעקאַווע צו וויסן, וואָס עס טוט זיך איצט אין דעם שטעטל לאַנדסבערג, ווו זיין קאָפּל געפינט זיך. אַ פּאַסקודנער ייד מוז ער זיין, דער קוזין זיינער. ער האָט גאָר געגומען און אים אָנגעזידלט — הערט אַ חוצפּה! ער זידלט אים שוין, נאָך איידער ר׳האָט אים אַראָפּגעברענגט...

כּאָרכע האָט געזען פונדערווייטנס. און דערפאַר האָט כּאָרכע גע־האַט רעכט. ווו האַלטן מיר היינט אין חשבון? מאַי אויף דער וועלט. דאָ איז ווינטער און דאָרט — זומער. און קיין מלחמה פילט זיך נישט אין איראָפּע...

פילט זיך טאַקע נישט?

שוין באַלד אַ יאָר די מלחמה אין קאָרעאַ. במשך דער צייט האָבן שוין פיל יידן פאַרלאָזט די לאַגערן. מען דאַרף נאָר האָבן וווהין צו פאָרן.

איצט זיצט קאָפּל אין זיין לאַגער־שטיבל און מאַכט חשבונות. ווי־דער אַ יאָר צוגעקומען. פון זעקסן־פערציק ביז איין און פופציק איז פינף יאָר. פינף יאָר געלעבט מיט „קאַלאָריעס" פון גוטע מענטשן. צו דער מל־חמה אין קאָרעאַ זיך שוין צוגעווינט. זאָל־זשע גיין אויך ווייטער אַזוי. אונזערס אַ מענטש קאָן מען ניט אָפּשרעקן. מען דאַרף פריער „דורכגיין" קאַלטס און וואַרעמס, כדי צו וויסן ווי צו לעבן אין דער איצטיקער וועלט — — —

ער איז אַריין צום באקאנטן בריוו־שרייבער און אים געבעטן אָנצו־שרייבן דעם לעצטן בריוו צום קוזין, אָבער אַזאַ בריוו, אין וועלכן עס זאָל ווערן אַריינגעלייגט די גאַנצע קונסט פון אויסדריקן זיך מיטן גע־שריבענעם וואָרט. און דער בריוו־שרייבער האָט שוין ביי קאָפּלען גאָר־נישט געפרעגט. ער האָט געקענט דעם נאָמען פון כּאָרכען און געוווּסט מיט וואָס ער לעבט דאָרט און ווי ער טראַכט. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און „אַריינגעהאַקט" אַזאַ לשון:

„מיין ליבער קוזין, יונהלע פערד־גנב, וואָס הייסט היינט כּאָרכע

כלל־טוער. דאָ שרייבט קאָפּל פון דייטשלאַנד. ער לאָזט דיר מודיע זיין, אַז עס גייט אים שוין נישט שלעכט, דאָס אייגענע צו הערן פון דיר. און איצט זיי וויסן, כאָרכע־יונה, אַז״...

קאָפּל האָט נישט געלאָזט שרייבן ווייטער. אַ ביסעלע צופּיל ״אַריינ־געזאָגט״. אָבער דער בריוו־שרייבער האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון ווייטערדיקן שרייבן בריוו. אַז קיין פּרנסה האָט ער נישט פון אים, קאָפּלען, אַפילו אַ פּאַפּיראָס גיט ער אים נישט. און יענער דאָרט, דער כאָרכע — פון אים וועט אויך קיין נחת נישט זיין...

— נו, שוין, גוט — האָט קאָפּל אַ טרייסל געטאָן מיט דער צעקנאָ־דערטער טשופּרינע — שרייבט נישט מער; מען דאַרף נישט.

— גוט, קאָפּל — האָט זיין שרייבער אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע — דאָס בעסטע: לאָזן אים דאָרט זיך ווייקן אין זיין שמאַלץ.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט קאָפּל געלאַכט מיט הנאה — זאָל ער זיך ווייקן דאָרט, דער כאָרכע, אין זיין אייגענעם שמאַלץ; פּאַר אַ לאַגער־דיקן נאַש־בראָט זענען געגנוג בלויז די ״אירא״־קאַלאָריעס.

קאָפּל איז אַרויס איבערן לאַגער. דער מיטן זומער האָט געגלעט, גע־וואַרעמט. אויף דער גאַס, נאָנט פון לאַגער־טויער, איז געהאָנגען אַ פּאַר־ביקער פּלאַקאַט: ״פּאָלקס־פעסט אין דאַכאַו״.

פּאַר קאָפּלס אויגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ פיגור, געגאָסן פון שמאַלץ, אַ פיגור אין דער פאָרם פון איינעם, וואָס דאַרף זיך רופן מיטן נאָמען —

כאָרכע.

מינכען — 1948 - 1951.

